בער מאַרק

# די אומגעקומענע שרייבער פון די געטאָס און לאַגערן און זייערע ווערק




פאַרלאַג „יידיש בוך" וואַרשע 1954

# B. MARK

# TWÓRCZOŚĆ PISARZY POLEGŁYCH W GETTACH I OBOZACH

Redaktor: D. SFARD

רעדאַקטאָר: ד. ספאַרד

Okładkę projektował: I. REJZMAN

הילע געצייכנט: י. רײזמאַן

*Printed in Poland*

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa, Nowogrodzka 5

Nr zam 1075. Nakład 5.600 egz. Druk ukończono w styczniu 1954 r. ark. druk 14. Ark. wyd. 11. Pap. sat. VII kl. 61 x 86 cm, 70 g. Druk RSW „Prasa" W-wa, Tarcz. 4-B-55482

# א וואָרט פון מחבר

די דאָזיקע ארבעט איז געווידמעט די יידישע שרייבער, וואָס זענען אומגעקומען אין די געטאָס און טויט־לאַגערן פון פוילן בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

די ארבעט איז באַזירט דער עיקר אויף מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אינעם אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

דער קאַפּיטל 11 פון דער אַרבעט פאַרנעמט זיך נאָר דרך־אַגבדיק, לשם פאַרגלייך און אַלגעמיינער אינפאָרמאַציע, מיט דער ליטעראַרישער ירושה פון די שרייבער, וואָס זענען אומגעקומען אין די גרעסערע געטאָס און לאַגערן פון מערב־אוקראַינע, ליטע און לאַטוויע בעת דער נאַציישער אינוואַזיע.

דער מחבר מאַכט זיך נישט קיין שום אילוזיע וועגן דעם, אַז די אַרבעט איז אַן אויסשעפּנדיקע. זי איז נאָר אויסן צו געבן אַן אינפאָרמאַציע אין די ראַמען פון די פאַראַנענע מעגלעכקייטן און צו מאַכן א פּרוּוו פון א סינטעז בנוגע דעם אינהאַלט, דעם אידעישן כאַראַקטער און קינסטלערישן נוסח פון די ווערק פון די פאַרשניטענע שרייבער אין די געטאָס און צום טייל אויך אין די לאַגערן.

דער מחבר טראַקטירט די דאָזיקע אַרבעט ווי א פאָרוואָרט צו די ווערק פון די טראַגיש־אומגעקומענע און אין קאַמף געפאַלענע שרייבער, וואָס וועלן ווערן פאַרעפנטלעכט אין א סעריע — ליטעראַרישע שאַפונגען אין די געטאָס.

I

# אַלגעמיינע שטריכן

די ליטעראַרישע שאַפונג אין די געטאָס און לאַגערן איז אַן אויסנאַם־דערשיינונג סיי אין דער יידישער, סיי אין דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס איז אַ שאַפונג, וואָס איז אויפגעקומען אין די באַדינגונגען פון פערמאַנענטן פעלקער־מאָרד, וועלכן די היטלעריסטישע אָקופּאַנטן האָבן אָנגעווענדט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג סיסטעמאַטיש, דורך כלערליי מיטלען, אָנגעהויבן פון אָנגריפן דורך הונגער, מגיפות און אָפּנעמען אַלע פאַרדינסט־מעגלעכקייטן, און פאַרענדיקט מיט מאַסן־טעראָר און טאָטאַלער פאַרטיליקונג אין די גאַז־קאַמערן פון די טויט־לאַגערן. די ליטעראַרישע שאַפונג אין די געטאָס און לאַגערן איז אויפגעקומען אין שאָטן פון טויט. און פונדעסטוועגן, נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער אַטמאָספער, אין וועלכער עס איז אויסגעקומען די באַקאַנטע און אַנאָנימע מחברים פון געטאָ און לאַגער צו שאַפן, זענען נישט זייערע ווערק (און מיר רעדן דאָ וועגן די חיבורים, וואָס זענען צו אונדז אָנגעקומען אָדער טיילווייז דערגאַנגען) בדרך כלל קיין ליטעראַטור פון אומקום און טויט. אין גרעסטן טייל איז די דאָזיקע שאַפונג אַ רעאַליסטישע. זי שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן, די געשעענישן, די איבערלעבענישן, די שטימונגען, דעם פלאַטער צווישן לעבן און טויט, דעם פּאַסיוון ווידערשטאַנד, די זעלבשוץ קעגן די אָנגריפן פונעם שונא; זי ברענגט אויך צום אויסדרוק די קלאַסן־ווידעראַנאַנדן אין געטאָ, דעם וויי־געשריי און דעם פּראָטעסט פון דער אויסגעהונגערטער, אויסגעפייניקטער ברייטער מאַסע. איר וועט זעלטן ווען געפינען אין דער ליטעראַרישער שאַפונג פון געטאָ אַ געפיל פון הכנעה צום גורל, שוין אָפּגערעדט — צו די דירעקטע און אומדירעקטע פייניקער. זעלטן ווען וועט איר אָנטרעפן אויף אַ מיסטישן טאָן פון הכנעה צום גורל אין היסטאָרישן זין. מיסטישע ווערק, הכנעהדיקע געדאַנקען וועט איר באַגעגענען נאָר בדרך אויסנאַם. דער צאָלרייכסטער טייל ווערק פון געטאָ זענען אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, אָפענער צי באַהאַלטענער, מיט דירעקטער ליידנשאַפט אָדער דורך דעם געמעל גופא — אָנגע־

לאָדן מיט האס צו די אייסערלעכע און אינערלעכע אונטערדריקער, מיט פּראָטעסט קעגן דעם עצם איזאָלירן די יידן אין דער ריזיקער שטייג, אין דעם גרויסן קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואָס טראָגט דעם מיטאַלטערלעכן נאָמען: געטאָ, און וואָס איז אומפאַרגלייכלעך גרויזאַמער איידער דער „יידן־ראַיאָן" פון די ווייטע פאַרגאַנגענע דורות פון פינצטערן מיטלאַלטער.

אוודאי פאַלן אריין געוויסע מחברים פון געטאָ אין נאַטוראַליזם, בעסער געזאָגט: אין נאַטוראַליסטישער שילדערונג. דאָס לעבן — אויב מען קאָן די אומגליקלעכע עקזיסטענץ פון די מענטשן אין די געטאָס אָנרופן מיטן דאָזיקן וואָרט — איז געווען אַזוי שווידערלעך, אז נישט יעדער שרייבער איז מסוגל געווען אויפצוכאַפּן דאָס עיקרדיקע, צו דערזען די שפּרינג־פעדערן פון די טראַגישע געשעענישן, די ריכטיקע סיבות פון דער קאַטאַסטראָפע און דערבליקן די פּערספּעקטיוו — סיי אין איר קאַטאַקליזם, סיי אין דעם אויסוועג, וואָס האָט געפירט נאָר און אויסשליסלעך דורך ווידערשטאַנד. אָבער אפילו די שרייבער, וואָס האָבן נאָך נישט אַלץ פאַרשטאַנען, זענען נישט אריינגעפאַלן אין קיין טעמפּן ווינקל, זענען נישט אַנטלאָפן פון דער ווירקלעכקייט. צווישן די אונדז באַקאַנטע, אָפּגעראַטעוועטע ווערק פון די געטאָס און לאַגערן טרעפן מיר זעלטן אַן אויף אַזעלכע, וואָס זאָלן זיין א קינסטלערישער פּראָדוקט פון אַנטלויפן פון דער גרויזאַמער ווירקלעכקייט. חוץ איינצלנע שטימען, וועגן וועלכע עס וועט נאָך זיין א רייד און וועלכע קומען נישט פון דער ספערע פון אמתער ליטעראַטור, אָדער וועלכע שטאַמען פון נישטבאַזיגטע אַלטע ירושות — האָבן מיר נישט כמעט אין דער ליטעראַרישער געטאָ און לאַגער־שאַפונג קיין רעצידיוו פון דער אַמאָליקער יידישער מיסטיק, וואָס איז אויפגעקומען נאָך דער קאַטאַסטראָפע פון גירוש שפּאַניע. די שרייבער פון געטאָ האָבן אין אַלגעמיין דרייסט אויפגענומען די ווירקלעכקייט. זייער ציל איז קודם־כל געווען איבערצולאָזן אין דער ליטעראַטור א דויערהאַפטיקן שפּור פון דער „צייט פון המן דעם צווייטן" — (אַזוי האָט איין שרייבער אָנגערופן דעם היטלערישן אינוואַזיע־ און אָקופּאַציע־רעזשים). אַזוי אַרום אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז די דאָזיקע שאַפונג ווי אַן ערשטראַנגיקער דאָקומענט פון יענער גרויליקער צייט, א דאָקומענט, וואָס ווירקט צוליב זיין קינסטלערישקייט און פּסיכאָלאָגישן געמעל א סך שטאַרקער ווי נישט איין וויכטיקע כראָניק, טאָג־בוך אָדער זשורנאַליסטישע באַשרייבונג, וועלכע איז אונדז איבערגעלאָזט געוואָרן בירושה דורך די אונטערערדישע געטאָ־אַרכיוון. וואָרעם אויב די כראָניקער האָבן אונדז איבערגעגעבן א לפי ערך גענויע באַשרייבונג פון די פאַקטן, זענען די שרייבער אריינגעדרונגען אין דער נשמה פון די געטאָ־אסירים און אַמאָל אויך אריינגעריסן זיך אין די פינצטערע קאַמערלעך פון די פאַרברעכערישע מוחות פון די פעלקער־מערדער און זייערע „היימישע" יוצר משרתים. די ליטעראַטור פון געטאָ און לאַגער שטעלט מיט זיך פאָר א זייער ווערטפולן און טרייען דערקענטעניש־מאַטע־

ריאל, דורך וועלכן מיר קענען זען די אויסערלעכע און אינערלעכע איבערלעבענישן פון אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע אויף א לאנגן שטח פון זייער מארטירערישער געשיכטע אינעם כף־הקלע פון אימפעריאליסטישן, חיהשן פעלקער=מערדער.

די ליטעראטור פון געטאָ איז דורכגעדרונגען מיט גרענעצלאָזער שנאה און פאראכטונג צו די פעלקער=מערדער און צו זייערע אגענטן אין געטאָ גופא, צו די דורכפירער פון דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אונטערדריקונג. אָבער די דאָזיקע ליטעראטור איז נאָך מער פול מיט געוואלדיקער ליבשאפט צום געפייניקטן, דערנידעריקטן, ליידנדיקן ייד. דאָס איז נישט קיין ליטעראטור פון סתם רחמנות. דאָס איז א ליטעראטור פון ליבשאפט און פון מענטשלעכער ווירדע. לאָמיר נעמען איינעם פון די הויפט=מאָטיוון פון דער ליטעראטור אין געטאָ: דעם מאָטיוו פון הונגער. געוויסע שרייבער פון געטאָ האָבן דאָס חיהשע, וואָס קומט ווי א רעזולטאַט פון אויסזיכטלאָזן הונגער, ארויסגעבראכט און אקצענטירט. אָבער דאָס דאָזיקע חיהשע פארמאָגט נישט קיין אכזריות, איז ענג פארבונדן מיט די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע באדערפענישן, מיט א טיפער טראגיק און יסורים.

איינגאנצן אנדערש זעט אויס די בעסטיאלישקייט פון די פייניקער; דאָ איז עס אן אָרגאנישער טייל און א מיטל פון א סיסטעם, פון א גאנצער איינשטעלונג. און אזוי ווערט טאַקע די בעסטיאלישקייט פון די פאשיסטן אויפגעפאסט דורך די שרייבער פון געטאָ און לאגער — אין פולער קעגנשטעלונג צום אינסטינקט פון די הונגערנדיקע מענטשן פון געטאָ. אחוץ איינצעלנע פאלן, ווי ביים שרייבער לייב גאָלדין, וועלכער גיט א ריין=פיזיאָלאָגישן געמעל פונעם הונגער, ווערט די דאָזיקע גרונט=פיין פון געטאָ ארויסגעבראכט דורך די געטאָ=שרייבער מיט טיפער מענטשלעכקייט, מיט דירעקטן אָדער פון=זיך=אליין=ארויסשפרודלדיקן פראָטעסט קעגן דעם היטלעריסטישן רעזשים און קעגן דער שרייענדיקער סאָציאלער אומגלייכקייט אין געטאָ. אין אָט דער אויפפאסונג שטעקט איינער פון די שטאַרקסטע מאָמענטן פון דער ליטעראַרישער שאַפונג אין געטאָ. די ליטעראטור, וואָס איז געשאפן געוואָרן אין געטאָ, איז אזוי ארום א הומאַניסטישע און רעאליסטישע.

עס איז צום באוואונדערן די אינערלעכע שטאַרקייט פון די שרייבער פון געטאָ, די אינערלעכע שטאַרקייט, וועלכע דריקט זיך אויס קודם כל אין צוויי גרויסע גלויבנס: אינעם גלויבן אין בעסערע צייטן, אין אויפריכטונג, אין מענטש, אין ווידערגעבורט; און — אינעם גלויבן אין דער ווירקונג=קראפט פון זייער וואָרט, פון דער ליטעראטור. ביזן לעצטן מאָמענט (מיר רעדן וועגן דעם כלל שרייבער און נישט וועגן אויסנאַמען, יחידים, וואָס האָבן זיך איינגעבראָכן) האָבן די שרייבער נישט פארלוירן זייער גלויבן אין גערעכטיקייט, אין ענדגילטיקן זיג איבערן מענטשן=פרעסערישן היטלעריזם, און ביזן לעצטן אָטעם האָבן זיי נישט פאראָטן

די ליטעראַטור, די שאַפונג. אין די מאָמענטן פון העכסטן ליידן האָבן זיי געשריבן. שוין דער פאַקט, וואָס די מערהייט שרייבער האָט רעאַגירט שעפעריש אויף די דערשיינונגען פון דער אַרומיקער ווירקלעכקייט, וואָס זיי זענען נישט אַנטוישט געוואָרן אין דעם באַטייט און אין דער שליחות פון קינסטלערישן וואָרט, שוין דער פאַקט, וואָס זיי זענען נישט אַריינגעפאַלן אין תהומיקער פאַרצווייפלונג און נישט צעבראָכן די אייגענע פעדערס, נישט רעזיגנירט פון ווייטערדיקן שאַפן — שוין דאָס איז אַ בפירושער באַווייז, אַז דאָס ליטעראַרישע שאַפן פון די געטאָס און לאַגערן איז, אין אַלגעמיין גענומען, געווען אַ גייסטיק געווער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן דעם היטלעריסטישן אָקופּאַנט. נישט אַלץ איז, צום גרויסן באַדויערן, דערגאַנגען צו אונדז, אָבער דאָס, וואָס האָט דורכגעדויערט די ליקווידאַציעס, די שׂרפֿות, די ווידערשטאַנדן און די פּאַרטיזאַנקע, דערווייזט, ווי שטאַרק עס איז געווען דער שעפערישער כּוח ביי אונדזערע שרייבער־קדושים, ווי עכט עס איז געווען זייער דראַנג צו זיין כאָטש טיילווייז שליחי־ציבור פון זייער פאָלק און ווי גרויס עס איז געווען זייער גלויבן אין דער קראַפט פון געשריבענעם וואָרט און אין דעם, אַז זייערע ווערק וועלן נאָך אַמאָל, נאָכן אומפאַרמיידלעכן זיג איבערן היטלעריזם, אָנקומען אין די הענט פון די, וואָס וועלן איבערלעבן און קענען אַרויסברענגען פאַר דער וועלט די דאָזיקע מערקווירדיקע דאָקומענטן פון אַ ליטעראַטור, וועלכע איז דורך היטלערן און זיינע „באַנייסטעריער“ און מאָרד־שותּפים פאַרמשפּט געווען אויף אייביקן שווייגן, אויף שפּורלאָזן אונטערגאַנג.

אַז די שרייבער פון געטאָ, אָדער אַלנפאַלס דער גרעסטער טייל זייערער, האָבן געפילט, אַז זייערע ווערק וועלן קאָנען אין דער צוקונפט אָפּשפּילן אַ ראָל סיי אין היסטאָרישן פאַרשטיין די איבערלעבונגען פון די יידן אונטער דעם אָקופּאַציע־רעזשים, סיי אין פּרט פון ווערן אַ שטאַרקער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די פּייניקער, — זאָגט עדות כאָטשבי דער פאַקט, וואָס זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט די אונטערערדישע געטאָ־אַרכיוון, אין וואַרשע — מיטן באַקאַנטן רינגעלבלום־אַרכיוו, און דאָ איבערגעלאָזט אַ סך פון זייערע שאַפונגען. חוץ אין דעם צענטראַלן אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו האָבן געוויסע שרייבער פון וואַרשעווער געטאָ באַגראָבן זייערע ווערק אין פאַרשידענע ערטער און דורך קאָנספּיראַטיווע וועגן מודיע געווען וועגן דעם זייערע פריינד, וואָס האָבן זיך געפונען אין ראַטנפאַרבאַנד אָדער אין אַנדערע מקומות אין אויסלאַנד. אַזוי האָט, למשל, דער רעוואָלוציאָנערער שרייבער יהודה פעלד (פעלדוואָרם) חוץ, וואָס ער האָט באַהאַלטן אַ ריי נאָוועלן זיינע אין רינגעלבלום־אַרכיוו, ווו ער איז געווען איינער פון די אַקטיווע אָנפירער, אויך באַגראָבן אונטער אַ בוים אויפן הויף פון „טאָז“ אויף געזשע־גאַס נומער 43, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער, אַ קעסטל מיט מאַנוסקריפּטן. די דאָזיקע ירושה איז, ליידער, פאַרלאָרן געגאַנגען. דער יונגער פּובליציסט און עסייאיסט מרדכי טענענבוים („טאַמאַראָף“) האָט באַגראָבן אויף דזשעלנע 34

צוזאמען מיט אנדערע מאטעריאלן אויך א טייל פון זיינע אייגענע און פון יצחק קאַצענעלסאָנס שריפטן. אזוי וועט שפּעטער יצחק קאַצענעלסאָן אין א לאגער אויף דער טעריטאָריע פון פראנקרייך איף אן אנדער אופן אָפּראטעווען דעם כתב־יד פון זיין בארימטער פּאָעמע „דאָס ליד וועגן אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק“, פון זיין טאָג־בוך און פון צוויי העברעישע דראמעס. אנדערע שרייבער האָבן באהאלטן זייערע ווערק ביי פארשידענע פוילישע פריינד אויף דער „ארישער“ זייט אין ווארשע און אנדערע שטעט. אן אלטער יידישער שרייבער אין ביאַליסטאָק, שוין אויפן דערנענטער־וועג צום טויט־גירוש, האָט באוויזן אריינצושטעקן עמעצן פון דרויסן א פעקל מיט ווערטפולע כתבים. אזעלכע פאקטן זענען געווען א סך.

אָט די אלע ביישפּילן באשטעטיקן אונדזער מיינונג, אז די שרייבער האָבן — נישט געקוקט אויף דעם באוווסטזיין, אז זיי אליין וועלן שוין מסתמא זיך נישט אַרויסרייסן פון די טויט־נעגל פון די פארשאָלטענע היטלעריסטן — פונדעסטוועגן טיף געגלייבט אין דעם ענדגילטיקן נצחון פון דער פרייהייט־ליבנדיקער מענטשהייט, אין דעם קיום פון יידישן פאָלק און אין דער קראפט און ראָל פון זייערע שאַפונגען, פון די ווערק, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין די שווידערלעך־אויסנאַמיקע באדינגונגען פון געטאָ און אומקום.

די ליטעראטור פון געטאָ און לאגער האָט אָבער געהאט נאָך איין אויפגאבע — נישט בלויז די ראָל, וואָס זי האָט געדארפט שפּילן אין דער צוקונפט, נאָך דער באפרייונג, נאָכן ווידערגעבורט. די ליטעראַרישע שאַפונג אין די געטאָס און לאַגערן האָט געהאט פאר זיך א באלדיקע וויכטיקע מיסיע אויפן אָרט. זי איז געווען געווענדט צו א לעבעדיקן לייענער, זי האָט באווירקט — אָדער אלנפאלס געקאָנט און געדארפט באווירקן — די געטאָ־אסירים גופא. די ליטעראַרישע געטאָ־שאַפונג (אין מיר רעדן דאָ נישט וועגן די „ווערק“ פון יחידים רענעגאטן, אויף וועלכע עס וועט נאָך אויסקומען זיך אָפּצושטעלן) איז געווען אין די רעגנדיקע, באוווסטזיניקע, ווידערשטאַנד־לעבנדיקע קרייזן אין געטאָ באקאנט, פּאָפּולער און אפילו באליבט. אין א גאנץ גרויסער מאָס האָבן די ווערק פון די שרייבער אין געטאָ פארווירקלעכט ביידע פאָדערונגען פון רעאליסטישן שאפן: די אָפּשפּיגלונג פון לעבן און די באווירקונג פון דער געזעלשאפט. די סאטירעס, וואָס האָבן געשלאָגן די היטלעריסטן און דעמאסקירט זייערע געטרייע דינער אין געטאָ, די שילדערונגען פון ווירדיקער האלטונג אין אָנבליק פון די גרויזאמע הריגות און פייניקונגען, דאָס באזינגען די ערשטע ווידערשטאַנד־פרוון, דאָס אַפּעלירן צום געפיל פון קעגנזייטיקער הילף, דאָס באשרייבן דעם נאַקעטן אמת, דאָס אוועקשטעלן דאָס פּראָבלעם: פארוואָס זענען יידן בעת דער ערשטער ליקווידאציע געגאַנגען אָן ווידערשטאַנד צום טויט־גירוש — די און ענלעכע פּראָבלעמען, וואָס זענען אוועקגעשטעלט געוואָרן אין די שאפונגען פון די שרייבער אין געטאָ,

די און ענלעכע דירעקטע אָדער אומדירעקטע רופן צום ווידערשטאַנד — זענען געווען געווענדט צום ארומיקן לייענער, צו דער געזעלשאַפט. דערביי האָבן די דאָזיקע שרייבער נישט פארמאכט די אויגן אויף די פארשידענע אופנים פון רעאגירן פונעם פשוטן מענטש פון געטאָ, אפילו אויף אזעלכע רעאגירונגען, וועלכע פארדינען אויף אנטשלאָסענער קריטיק, אויף שטראָף-רייד. מיר האָבן באוויזן אויך פון דירעקטן טרעפן זיך פון די דאָזיקע שרייבער מיט דעם לייענער-עולם.

אזוי ארום איז די ליטעראטור אין געטאָ געווען אין א גאנץ באדייטנדיקן זין א פאַקטאָר פון ווידערשטאַנד און זי האָט אין א באשטימטער מאָס מיטגעהאָלפן די פיאָנערישע קאמפס-עלעמענטן און דעם אנטיפאשיסטישן בלאָק — און אין דער לעצטער תקופה דער יידישער קאמפס-אָרגאניזאציע — אין זייער גרויסער היסטאָרישער ארבעט פון קלאָר מאכן פאר דער יידישער באפעלקערונג די אמתע לאגע און — אין א געוויסער מאָס — אויך פון איינשליסן די יידן אין דעם געמיינזאַמען געראַנגל קעגן דעם שונא פון די יידן, פון פוילן, פון דער גאנצער מענטשהייט.

צי הייסט דאָס, אז די ליטעראַרישע סביבה אין די געטאָס איז געווען אן איינהייטלעכע? אז זי האָט אָן אונטערשייד און אָן אויסנאם באגייסטיקט אָט די אָקאָרשט-געשילדערטע ווירדיקע, אנטיפאשיסטישע, פאָלקספריינדלעכע שטעלונג פון די רעאליסטישע, הומאַניסטישע פאָלקישע שרייבער? ניין! די ליטעראַרישע סביבה פון געטאָ איז געווען א המשך פון די באציונגען אין דער יידישער ליטעראַטור אין פוילן, וואָס האָבן געהערשט פאר דער מלחמה. פונקט ווי פארן טראַגישן סעפטעמבער 1939, אזוי זענען אויך שפעטער געווען פארשידענע שייד-ליניעס צווישן די שרייבער, און די דאָזיקע שייד-ליניעס האָבן אויסגעאיבט זייער חותם אויפן ליטעראַרישן שאפן. דעם דאָזיקן פּראָבלעם ווידמען מיר אין אונדזער אַרבעט א באזונדער קאפּיטל, אָבער שוין דאָ זאָל געזאָגט ווערן, אז אין געטאָ זענען אין דער היגזיכט ארויסגעטראָטן צוויי כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען.

ראשית — האָט זיך פארטיפט די אידעאָלאָגישע שייד-ליניע צווישן דעם קליינעם טייל כמעט אומטעטיקע שרייבער פון איין זייט און די שעפערישע פון דער צווייטער. דאָס איז געווען אן אויסדרוק פון דער פארטיפונג פונעם תהום צווישן רעזיגנאציע און — גלויבן. רעזיגנאציע האָט געבוירן שרייבערישע פרוכטלאָזיקייט, שעפערישע עקרהדיקייט. דאקעגן אלץ, וואָס איז געווען פארבונדן מיט אמתער ליטעראַטור, אלץ, וואָס איז געווען מער אָדער ווייניקער פארוואָרצלט אין פאָלק און אין זיין לעבן, איז אין געטאָ געווען פרוכפערדיק. די ערשטע קאטעגאָריע, וועלכע איז ס'רוב באשטאנען פון בירגערלעכע שרייבער און זשורנאַליסטן, אָדער פון ארום-ליטעראַטור-מענטשן, איז געווען דורכגענומען בלויז מיט

דער פראגע, ווי עס איז איבערצולעבן, אראָפּלאָזנדיק זיך צום ניוואָ פון אומאויפהערלעכן גייעג נאָך אייגנהאלטן אויסשליסלעך די מאטעריעלע עקזיסטענץ. די דאָזיקע מענטשן האָבן נישט געהאט אין זיך דעם כוח גובר צו זיין הונגער, דאכלאָזיקייט, דעפרעסיע — און געדענקען וועגן דער עיקרדיקער שליחות פונעם שרייבער, בפרט אין דער סאמע גורלדיקער צייט פארן פאָלק. די דאָזיקע קאטעגאָריע איז דעם נסיון נישט בייגעשטאַנען. אינגאַנצן אנדערש שטעלט זיך פאָר די צווייטע גרופע, די עיקרדיקע גרופע שרייבער, אמתע שרייבער, וואָס וועגן זייערע שאפונגען וועט אייגנטלעך זיין א רייד אין דער דאָזיקער ארבעט.

אין פארגלייך מיט דער דעמאָביליזירטער, קאַפּיטולאַנטישער שטעלונג פון דער ערשטער קאטעגאָריע ליטעראַטן טויכט אויף די אקטיווע, שעפערישע טעטיקייט פון די אמתע שרייבער אין געטאָ ווי א דערשיינונג פון גבורה און פון עכטן פאָלקישן פאטריאָטיזם.

פאַראַלעל מיטן פארטיפן זיך פונעם אָפּגרונט אין אידעאָלאָגישן און שעפערישן זין צווישן די צוויי קאטעגאָריעס שרייבער, לאָזט זיך באַמערקן אַ צווייטע דערשיינונג: די קעגנזייטיקע דערנענטערונג און צעמענטירונג פון אַלע אמתע שרייבער, פון די אלע שעפער, וואָס האָבן געצויגן זייער יניקה פון די פאָלקסקוואַלן. מיר ווייסן, למשל, אַז צווישן ישראל שטערן און יהודה פעלד איז פאַראַן נישט בלויז אן אונטערשייד אין קינסטלערישן זין, עס איז אויך פאראן צווישן זיי אן עיקרדיקער אונטערשייד פון וועלט=באנעם=כאראקטער. דאָס זעלביקע קען אין דער אָדער יענער מאָס געזאָגט ווערן וועגן קאַצענעלסאָן און — סקאַלאָוו, און וועגן אַלע אַנדערע שרייבער. אָבער אין די באַדינגונגען פון מלחמה, פון אומבאַשרייבלעכער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, פון דער אַלגעמיינער געפאַר פארן גאַנצן פאָלק און פון אַלגעמיין=פאָלקישן אָנשטרענג גובר צו זיין די טויט=אָנגריפן פון שונא, אין אָנבליק פון נאַציאָנאַלן פאַראַט מצד די אויבערשטע צען טויזנט — אין אָט די באַדינגונגען זענען די אונטערשיידן אָפּגעטראָטן אויפן צווייטן אָרט און עס האָט אויפגעטויכט מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט דאָס, וואָס האָט פאַראייניקט. אַזוי אַרום האָט זיך די גרופע אמתע יידישע שרייבער אין געטאָ צעמענטירט, און עס איז געוואקסן איר שאפונגס=כוח און איר אויטאָריטעט. און נאָר אָט די שרייבער האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס דער טראַגישסטער פעריאָד אין אונדזער געשיכטע איז נישט אַדורך אָן שפורן אין דער יידישער ליטעראַטור.

עס איז נייטיק אויף דעם אָרט צוצוגעבן, אַז הגם די הויפט=שאַפונג אויפן ליטעראַרישן געביט אין די געטאָס און לאַגערן איז געווען אין יידיש, זענען אויך געווען געוויסע ווערק, געשריבענע אין פויליש און אין העברעיש. דאָס איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, אויב מיר ווילן זיך נאָכאַמאָל דערמאָנען, אַז די ליטעראַרישע סביבה אין געטאָ איז געווען אַ המשך פון דער פאַרשידנאַרטי=

קער — אין הינזיכט פון קלאַסן־פּאָזיציע, וועלט־באַנעם און שפּראַך — יידישער קולטור אין פּוילן פון פאַר דער היטלעריסטישער אינוואַזיע. דערביי איז כדאי אונטערצושטרייכן נאָך איין כאַראַקטעריסטיש מאָמענט: אַזאַ שרייבער ווי יצחק קאַצענעלסאָן, וועלכער האָט פאַר דער מלחמה דער עיקר געשריבן העברעיש, האָט אין געטאָ געשאַפן כמעט אויסשליסלעך אין יידיש. די דאָזיקע אינטערעסאַנטע ענדערונג ביי קאַצענעלסאָנען איז אָנגעוואַקסן ווי א באַגלייט־דערשיינונג פון דער עוואָלוציע, וועלכע דער שרייבער האָט אַדורכגעמאַכט אין געטאָ און וועלכע איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון באַפרייען זיך פון געוויסע געפערלעכע קרייזן און שעדלעכע אילוזיעס און פון דערנענטערן זיך צום לאַגער פון ווידערשטאַנד.

אין פאַרגלייך מיט דער יידיש־געשריבענער ליטעראַטור פון געטאָ איז די צאָל העברעישע חיבורים זייער א קליינע, מע קען זאָגן: א מינימאַלע. א ביסל גרעסער זענען אין צאָל די העברעיש־געשריבענע טאָג־ביכער. אָבער דאָ, קען זיין, טרעט ארוים, חוץ דעם העברעיסטישן מאָמענט, אויך א געוויסער מאָטיוו פון קאָנספּיראַציע. אויך רינגעלבלום באַנוצט אין געוויסע ערטער פון זיינע באַרימטע נאָטיצן העברעישע אויסדרוקן, בפירוש לשם קאָנספּיראַציע.

די צאָל פּויליש־געשריבענע ליטעראַרישע ווערק און טאָג־ביכער אין געטאָ איז גרעסער ווי די העברעישע, אָבער אָן א פאַרגלייך קלענער פון די יידישע. אין פּויליש איז אין די געטאָס געשאַפן געוואָרן א גאַנצע ריי שטאַרקע און אויך רעוואָלוציאָנערע ווערק. נאָר וועגן דעם וועט נאָך אויסקומען צו רעדן באַזונדער.

אַזוי אַרום פאַרנעמט דעם סאַמע אויבנאָן אין דער שאַפונג פון געטאָ די ליטעראַטור געשריבן אין יידיש. זי איז נישט בלויז די גרעסטע אין צאָל און די רייכסטע אין זין פון טעמאַטיק און ליטעראַרישע זשאַנרען. אין איר שפּיגלען זיך אָפּ ברייטער און טיפער די טראַגעדיע און די באַגערן פון דער יידישער מאַסע. עס קלינגט אין איר לעבעדיק און זאַפטיק די יידישע שפּראַך, וועלכע איז נישט בלויז געוואָרן דערנידעריקט און פאַרמשפּט דורכן שונא, נאָר איז אויך געוואָרן באַעוולהט, פאַרשוועכט און באָיקאָטירט אין די אָפיציעלע ביוראָען פון יודענראַט. און לאָמיר דאָ זאָגן אָפן: אין געוויסע יידישע טעאַטער־קרייזן אין געטאָ איז צוליב אָפּאָרטוניסטישע טעמים אויפגעקומען דער געדאַנק פון פאַרלאָזן דאָס פאַרפייניקטע און פאַרשפּיגענע יידיש לשון. עס שרייבט וועגן דעם מיט פאַרביטערונג אין זיינע נאָטיצן שמואל ווינטער. דאָס אַנטלויפן פון דער שפּראַך פון פאָלק אין דער ערגסטער נסיון־צייט האָט זיך אין די זעלביקע אָפּאָרטוניסטישע טעאַטער־קרייזן געבונדן מיטן אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט. רינגעלבלום פאַרצייכנט אין זיינע נאָטיצן שוין אין דעצעמבער 1940, אַז „אין יידישן טעאַטער באַמיט מען זיך אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט“. אין פאַרגלייך מיט די דאָזיקע נעגאַטיווע דערשיינונגען טויכט אויף אין איר פּולע־

פאָלקס־טרייער גלאַנץ די ליטעראַטור. וועגן דעם, אַז זי איז בדרך כלל נישט אנטלאָפן פון דער ווירקלעכקייט, נאָר פארקערט — אז זי האָט אויפגענומען דרייסט די דאָזיקע ווירקלעכקייט, האָבן מיר שוין געשריבן. איצט קומט נאָך אוים צוצוגעבן, אַז די יידישע שרייבער האָבן הויך געטראָגן די פאַרשעמטע פאָן פון יידיש און געכאָוועט מיט ליבשאַפט די שפּראַך, אויף וועלכער די יידישע פאָלקס־מאַסע פון איזאָלירטן געטאָ האָט אויסגעבלוטיקט אירע יסורים און באַגערן.

די דאָזיקע מאסע האָט, נישט געקוקט אויף אלץ און אַלעם, דעמאָנסטרירט איר וויטאַליטעט, איר ווילן צו עקזיסטירן און איר פארבינדונג מיט די יידישע און אַלוועלטלעכע קולטור־ווערטן אויך דורך דעם, וואָס זי האָט גיריק געשלונגען יעדעס אָפּפרישנדיק, דערמונטערנדיק און באַלערנדיק ליטעראריש וואָרט, סיי פון דער פאַרגאַנגענהייט, סיי פון דער קעגנוואַרט. דעם רעצידירטן שאַפונגס־ווילן פון די שרייבער האָט אַנטשפּראָכן די גרויסע און וואַקסנדיקע לייען־גיריקייט פון דעם ברייטן עולם אין געטאָ.

אויף אָט דער דערשיינונג פונעם וווקס פון קאָנסום פון ליטעראַרישע ווערטן אין געטאָ איז כדאי זיך אָפּצושטעלן.

ח

# די ראָל פון בוך אין געטאָ

אין איינעם פון די אָרגאַנען פון וואַרשעווער געטאָ=אונטערערד, אינעם „ביולעטין“ נומער 14 (24) פון 20=טן דעצעמבער 1941, לייענען מיר אין אַן אַרטיקל א. נ. „דער אינטערעס צום בוך“ די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע ווערטער:

„עס מערקט זיך אין פוילן אַן אינטערעסאַנטע און דערפרייענדיקע דערשיינונג, סיי אויף דער „אַרישער“ זייט, סיי אין די געטאָס: דאָס איז דער וווּקס פון אינטערעס צום בוך אין די ברייטסטע קרייזן פון דער געזעלשאַפט, באַזונדערס צווישן דער יוגנט“. דער אַנאָנימער מחבר פון דעם אַרטיקל גיט צו, אַז די דאָזיקע דערשיינונג איז אויפגעקומען נישט געקוקט און טראָץ דעם פאַרבאָט פונעם אָקופּאַנט. די היטלעריסטישע קולטור=באַרבאַרן האָבן פאַרמאַכט און פאַרטיליקט די ביבליאָטעקן און ביכער=זאַמלונגען. אין זייער שטרעבונג אויסצוראָטן די אינטעליגענץ און צו דערשטיקן יעדן שפּור פון נאַציאָנאַלער קולטור, אין זייער דראַנג צו פאַרוואַנדלען די אונטעריאָכטע פעלקער אין אַ פינצטערער מאַסע פון שקלאַפן=אַנאַלפאַבעטן, האָבן זיי פאַרבאָטן נישט בלויז יעדע פאַרלעגערישע טעטיקייט, אַחוץ פאַשיסטישער און קרימינאַליסטישער „ליטעראַטור“, נאָר אויך יעדן ביכער=אויסטויש, גערודפט פאַר פאַרשפּרייטן ביכער. אַזוי איז געווען אויף דער „אַרישער“ זייט און נאָך ערגער איז עס געווען אין אָפּגעשלאָסענעם געטאָ. זיי האָבן צוגערויבט די רייכע יודאיסטישע ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע 5, קאָנפיסקירט די אַרבעטער=ביבליאָטעק פון לינקן טעקסטיל=פאַריין „דאָס לעבן“, פאַרמאַכט די „גראָסער=ביבליאָטעק“. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט אַפילו ביי זיי גובר געווען די גיריקייט נאָך געלט, און זיי זענען געווען גרייט צו פאַרקויפן די ביכער פון דער ביבליאָטעק „דאָס לעבן“ אַ פּריוואַטן זאַמלער פאַר זייער אַ הויכן פּרייז. דער דאָזיקער קרבנות=גרייטער אָפּקויפער, וואָס האָט געוואָלט אָפּראַטעווען די רייכע ביכער=זאַמלונג, איז געווען דער באַקאַנטער

פאַרלעגער און ביבליאָפיל, דער האָרעפּאַשניק און האַרציקער פאָלקס־מענטש לייב שור. דער דאָזיקער מערקווירדיקער מענטש פון דער יידישער ליטעראַטור און געוועזענער אייגנטימער פונעם ערנסטן „טאָמאָר“־פאַרלאַג, וואָס האָט אַ לעבן־לאַנג אָפּגעשפּאָרט אַ גראָשן צו אַ גראָשן פון זיין אַרבעטער־פּענסיע (ער איז געווען פון פאַך אַ מאַשין־זעצער), האָט זיך אין געטאָ געשטעלט פאַר אַ ציל צו ראַטעווען יידישע ביכער. ער האָט געשלעפּט פון וואַנען ער האָט נאָר געקענט און געזאַמלט די אוצרות אין זיין דירה אויף לעשנאָ, וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקן מאַגאַזין פון אָפּגעראַטעוועטע יידישע ביכער, אַרויסגעריסענע פון די נעגל פון די היטלעריסטישע וואַנדאַלן. דערוויסנדיק זיך וועגן גורל פון דער ביבליאָטעק „דאָס לעבן“, האָט שור גענומען מאַכן באַמיִונגען אַרויסצוראַטעווען די ווערטפולע ביכער־זאַמלונג. צווישן די אַקטן פון דער קאַנצעלאַריע פון דעם היטלעריסטישן קאָמיסאַר איבערן געטאָ, אַוערסוואַלד, וואָס געפינען זיך אַצינד אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, איז פאַראַן אַ טייל פון דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן דעם קאָמיסארס קאַנצעלאַריע און דעם יודענראַט — וועגן דעם ענין שור און דער ביבלאָטעק „דאָס לעבן“, מיט אָנפראַגעס און ענטפערס וועגן דעם „יודע“ לייב שור וכדומה. וואָס עס איז געווען דער רעזולטאַט פון לייב שורס געראַנגל וועגן גורל פון די יידישע ביכער, איז שווער צו זאָגן, וואָרעם די קאָרעספּאָנדענץ רייסט זיך איבער.[1] אָבער שורס גורל גופא איז יאָ באַקאַנט: ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע מאַסן־ליקווידאַציע זומער־צייט 1942, האָט דער אַלטער טרייער דינער פון יידישן בוך נישט געוואָלט פאַרלאָזן די אָנגעזאַמלטע אוצרות פון דער יידישער קולטור און זיך אויפגעהאָנגען אויף די בערג ביכער, אויסדרוקנדיק אַזוי אַרום, אויף זיין אייגענעם אופן, זיין שטומען פּראָטעסט קעגן די האַקנקרייץ־וואַנדאַלן.

לייב שור האָט אויך געזאַמלט און אָפּגעראַטעוועט אַ ריי ווערטפולע מאַנוסקריפּטן. רינגעלבלום גיט איבער אין זיין נאָטיץ פון 11־טן מאַי 1941 אַט וואָס: „ביי שורן איז געבליבן אַ טייל וויכטיקע כתבֿ־ידן: 2־טער באַנד פון „קאַפּיטאַל“, קאַנטס „פּראָלעגאָמענאַ“ און „צו דער קריטיק פון דער ריינער פערנונפט“. ווי אונדז איז באַקאַנט, זענען דאָס געווען איבערזעצונגען, וועלכע עס האָבן געמאַכט אויף שורס באַשטעלונג פאַרן פאַרלאַג „טאָמאָר“ דער פאַרשטאָרבענער קאָמוניסטישער פּובליציסט שלמה לעווין („משה“) און דער רעוואָלוציאָנערער שרייבער מיכאל מירסקי. שור האָט געהיט סיי די אָפּגעראַטעוועטע ביכער, סיי די ווערטפולע כתבֿ־ידן, גלייבנדיק טיף אין דער באַפרייטער צוקונפט און העלפּ־

[1] ווי עס דערינגט אַרויס פון רינגעלבלומס נאָטיצן, האָט שור פאַרמאָגט אין זיינע זאַמלונגען אַ צאָל ביכער פון דער ביבליאָטעק „דאָס לעבן“.


1075—2

יק פֿאַרשפּרייטן יידישע ביכער אין געטאָ. אַזעלכע שורס — אפשר פֿון אַ קלענערן קאַליבער — זענען געווען אין געטאָ מער.

מיט גרויס מסירת־נפש, אָפּטמאָל איינשטעלנדיק דאָס לעבן, האָבן יידישע ביכער־פֿאַרקויפֿער פֿאַרשפּרייט די דאָזיקע פֿאַרבאָטענע סחורה. מען האָט נישט בלויז פֿאַרשפּרייט געהיים, נאָר אויך זיך דערוועגט אַרויסצוגיין מיט דער „טריפֿהנער סחורה" — ווי עס דריקט זיך אויס אַ כראָניקער — אין גאַס. אַזעלכע ביכער־שטעלן האָבן זיך געפֿונען — דערציילט רינגעלבלום אין זיינער אַ נאָטיץ פֿון דעצעמבער 1941 (שוין נאָכן אָנפֿאַל פֿון היטלער־דייטשלאַנד אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד!) — אויף לעשנאָ, נאָוואָליפּקי, זאַמענהאָף־גאַס. צווישן די ביכער־פֿאַרקויפֿער רעכנט רינגעלבלום אויס דעם אַרבעטער יערליך, דעם שרייבער מ. טשודנער. דער לעצטער — שטרייכט אונטער רינגעלבלום — האָט אַ שלעכטע מבע: ער פֿאַרהאַלט פֿאַר זיך די בעסטע ביכער. פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין פּרנסה האָט שוין טשודנער פֿון דעם ביכער־פֿאַרקויף נישט געהאַט.

אין אַן אינטערעסאַנטן רעפּאָרטאַזש, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער אונטערערדישער פּרעסע פֿון געטאָ, באַשרייבט דער אַנאָנימער מחבר איינעם פֿון די פּשוטע ביכער־פֿאַרקויפֿער, אַ פֿאָלקס־מענטש, וועלכער רופֿט אויס זיין סחורה אין גאַס, אַדורכפֿלעכטנדיק די הילכיקע רעקלאַמע מיט שטעך־ווערטלעך אויפֿן אַדרעס פֿונעם „פֿירער" און מאַכנדיק פֿאַרשידענע המזים וועגן דער טרויעריקער לאַגע אין געטאָ. ביים עולם פֿלעגן אַזעלכע דרייסטע ביכער־פֿאַרקויפֿער שטאַרק אויסנעמען.

עס זענען אויך געווען געהיימע ביבליאָטעקן, וואַנדער־ביבליאָטעקן, קינדער־ביבליאָטעקן אין וואַרשעווער, ביאַליסטאָקער, לאָדזשער און אַנדערע געטאָס.* מאַנוסקריפּטן פֿון קעגנווערטיקע שרייבער אין געטאָ האָבן אַרומגעקרייזט פֿון האַנט צו האַנט. די אונטערערדישע באַוועגונג האָט געהאַלטן דאָס פֿאַרשפּרייטן ביכער פֿאַר זייער אַ וויכטיקן אָפּשניט פֿון איר אַרבעט. „דער גייסטיקער אָפּשניט — שטרייכט אונטער דער אויבן־ציטירטער „ביולעטין" אין זיין אַרטיקל א. נ. „דער אינטערעס צום בוך" — איז איינער פֿון די וויכטיקסטע אָפּשניטן אינעם באַפֿרייונגס־קאַמף".

דאָס וויכטיקסטע אין דעם דאָזיקן ענין איז אָבער נישט סתם דער פֿאַקט פֿון קרבנותפֿולן פֿאַרשפּרייטן ביכער און פֿונעם וווקס פֿון דעם נאָכפֿרעג מצד דער מאַסע. דאָס עיקרדיקסטע דערביי איז: וואָס פֿאַרא ביכער מען האָט פֿאַרלאַנגט און וואָס פֿאַרא ביכער מען האָט פֿאַרשפּרייט.

נאַטירלעך, האָט מען געלייענט פֿאַרשידענע ביכער, אָפּטמאָל צופֿעליקע. אָבער עס איז אינטערעסאַנט צו זען, אויף וועלכע ביכער מען האָט געלייגט ספּע־

* פֿאַרגלייך: די זכרונות פֿון דער ביבליאָטעקאַרין באַשע בערמאַן.

ציעל אַכט און וועלכע ביכער דער כראָניקער פון געטאָ האָט געהאַלטן פאַר גייטיק באַזונדערס אונטערצושטרייכן אין זיינע אייליק־אָנגעוואָרפענע אָבסערוואַציעס.

רינגעלבלום גיט איבער אין זיין דערמאָנטער נאָטיץ פון דעצעמבער 1941, אַז צו די פאַרשפּרייטע (און במילא געפאָדערטע) ביכער געהערן די ווערק פון מ א ר ק ס און ל ע נ י ן.

פון אַ צווייטן מקור, פון דעם אָרגאַן פון די קאָמוניסטישע גרופּן אין געטאָ, „מאָרגן־פרייהייט" (נומער 157 פון 28־טן יאַנואַר 1942), דערוויסן מיר זיך וועגן דער גרויסער פּאָפּולאַריטעט פון די לערעס — און במילא פון די ווערק פון י אָ ס י ף ס ט אַ ל י ן און ר אָ ז אַ ל ו ק ס ע מ ב ו ר ג אין די אונטערערדישע געטאָ־קרייזן.

רינגעלבלום שרייבט אויך, אַז צו דער פּאָפּולערסטער לעקטור אין געטאָ געהערט די מעמואַרן־ליטעראַטור, בעיקר די, וואָס איז נוגע די מלחמות פון 1812 און פון 1918. מיט דער גרעסטער הנאה לייענט מען די בלעטלעך פון נאַפּאָלעאָנס מאַרש אויף מאָסקווע, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַזאַ ווייסטער מפּלה. ייִדן לייענען עס און מאַכן פאַרגלייכן פון נאַפּאָלעאָנס גורל מיט דעם געגאַרטן און זיכערן סוף פון דער היטלעריסטישער אַרמיי. דערביי — קאָמענטירט זיין באַשרייבונג רינגעלבלום — האָבן ייִדן געמאַכט דעם אויספיר, אַז פּונקט ווי נאַפּאָלעאָן האָט זיך נישט קיין עצה געגעבן מיטן רוסישן קאָלאָס, וואָס פאַרמאָגט ריזיקע רעזערוון פון מענטשן און מאַטעריאַלן, און ער, נאַפּאָלעאָן, האָט פאַרשפּילט, אַזוי וועט אויך ענדיקן היטלער און וועט ברעכן האַלדז און נאַקן אין ראַטנפאַרבאַנד. גרויס הנאה האָבן ייִדן געהאַט אויך פון דער מעמואַרן־ליטעראַטור וועגן דער ערשטער וועלט־מלחמה, בפרט פון די שילדערונגען פון די מפּלות פון דייטשישן מיליטאַריזם.

אויב עס גייט אין געשיכטע־ווערק, האָבן זיך די ווידערשטאַנד־לעכצנדיקע עלעמענטן אין געטאָ שטאַרק אינטערעסירט מיט די ביכער, וואָס האָבן געשילדערט דעם קאַמף פון דעם שקלאַפן־פירער ספּאַרטאַקוס, דעם אויפשטאַנד פון די מכבייער, דעם באַפרייונגס־קאַמף פון די קנאים און פון בר־כוכבא קעגן רוים, די אַקטיווע זעלבשוצן פון ייִדן קעגן די קרייץ־צוגן, די אַרבעטער־זעלבשוצן קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס אין צאַרישן רוסלאַנד.[2] אין אַזעלכע ווערק האָבן ייִדן געזוכט געשיכטלעכע פּאַראַלעלן און באַגייסטערונג פאַר דעם קעגנווערטיקן ווידערשטאַנד, וואָס האָט אָנגעהויבן שפּראָצן אין דער געטאָ־אונטערערד.

קוואַלן פאַר היסטאָרישע פּאַראַלעלן האָט דער ייִדישער לייענער אין געטאָ געזוכט אויך אין דער גרויסער קינסטלערישער וועלט־ליטעראַטור, בפרט אין

---

[2] די זאַמלונג „פיין און גבורה", וואָס איז אַרויס אין געטאָ־אונטערערד אין וואַרשע.

די היסטאָרישע ראָמאַנען. גרויס דערפאָלג האָט אין געטאָ געהאַט — ווי עס זאָגט עדות ריגעלבלום — דער באַריימטער ראָמאַן פון לעוו טאָלסטאָי „מלחמה און שלום“, ווו עס ווערט געשילדערט די פּאַטריאָטישע פּאַרטיידיקונגס-מלחמה פון רוסישן פאָלק אין יאָר 1812 און די מפּלה פון דעם אַגרעסאָר נאַפּאָלעאָן. אַ באַדייטנדיקן דערפאָלג האָט אויך געהאַט ליאָן פויכטוואַנגערס היסטאָרישער ראָמאַן „דער פאַלשער נעראָן“, וועלכער איז אַ בפירושע אָנדייטונג אויף אַדאָלף היטלער און אויפן גאַנצן פאַשיסטישן סיסטעם. פּונקט אַזוי האָט מען געשמאַק געלייענט דעם ראָמאַן פון אַרנאָלד צווייג „דער שטרייט וועגן סערזשאַנט גרישאַ“ און דאָס ווערק פון גואַי דע מאָפּאַסאַן „מאַדעמואַזעל פיפי“. ווי עס גיט איבער אין איר בוך „אנשי המחתרת“ (די מענטשן פון אונטערערד) ח. גראָסמאַן, האָט מען אין די אונטערערדישע קרייזן פון ביאַליסטאָקער געטאָ געלייענט און קאָלעקטיוו אַרומגערעדט מאָפּאַסאַנס „מאַדעמואַזעל פיפי“ (דאָרט, זייט 138). און עס איז נישט קיין ווונדער: סיי אין „שטרייט וועגן סערזשאַנט גרישאַ“, סיי אין „מאַדעמואַזעל פיפי“ קומט צום אויסדרוק דער טעמפער גייסט, די אוממענטשלעכקייט, די ברוטאַלקייט פון די פּאָרגייער פון די היטלעריסטישע אַגרעסאָרן; אין מאָפּאַסאַנס דערציילונג קומט צו דער פּאַטריאָטישער גייסט פון דעם פראַנצויזישן פאָלקס-מענטש, פון דעם לוסטיקן און איינצייטיק טראַגישן מיידל ראַשעל. אַ געוויסן דערפאָלג האָט אויך געהאַט אין געטאָ פראַנץ ווערפעלס ראָמאַן „מוסא דאַג“ — למשל: אין וואַרשע און ביאַליסטאָק; דער לייענער פון געטאָ האָט אין די יסורים פון די אַרמענער און אין זייער העראָאישער זעלבשוץ קעגן די טערקיש-פעאָדאַלע רוצחים געזען אַ באַלערנדיקן פּאַראַלעל מיט זיינע אייגענע ליידן און מיט זיין שטרעבונג צו ווידערשטאַנד; הגם דער באַוווסטזיניקער לייענער פון געטאָ האָט נישט געקאָנט מסכים זיין מיט אַלע איינשטעלונגען און אויספירן פון דעם מחבר פון „מוסא דאַג“.

אַ קוואַל פון אויסדויער האָט די לייענער-מאַסע געפונען אין די ווערק פון די קלאַסיקער פון דער וועלט-ליטעראַטור, קודם-כל אין די ווערק פון אַלעקסאַנדער פּושקין, פון מאַקסים גאָרקי, פון וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי, פון אַדאַם מיצקעוויטש, פון יוליוש סלאָוואַצקי, פון אַדאַם אַסניק, פון סטעפאַן זשעראָמסקי, פון וויקטאָר הוגאָ און — ווי מיר האָבן עס שוין באַמערקט — פון לעוו טאָלסטאָי און פון גואַי דע מאָפּאַסאַן.

אינטערעסאַנט זענען די ציטאַטן פון מיצקעוויטש און זשעראָמסקי, וועלכע מיר האָבן געפונען אין דער אונטערערדישער יוגנט-פּרעסע פון וואַרשעווער געטאָ, און דאָס זאָגט עדות אויף דעם, וואָס פּאַראַ עלעמענטן די געטאָ-אונטערערד האָט גענומען פון די דאָזיקע פּוילישע קלאַסיקער, כדי פון זיי צו ציען אַ לערע פאַר דער אייגענער קעגנוואַרט.

אין נומער 1 פון דער צייטשריפט פון געטאָ-אונטערערד „גאָוואַ מלאָדזשעזש“ (די נייע יוגנט) פון פעברואַר 1942 ווערט געבראַכט דער פאָלגנדיקער פּאַסוס פון מיצקעוויטשעס „ביכער פון דער פּוילישער פּילגרימערײַ“.[3]

„מען האָט אַמאָל געזאָגט צו די פעלקער: לייגט נישט אַוועק דאָס געווער, כּל זמן דער שונא האַלט כאָטש איין שפּאַן פון אייער ערד, אָבער איך זאָג צו די פעלקער: לייגט נישט אַוועק דאָס געווער, כּל זמן דער דעספּאָטיזם האַלט איין שפּאַן פון פרייער ערד“.

עס איז קלאָר, וואָס עס האָט געלאָקט די ווידערשטאַנד-לעכצנדיקע יוגנט פון געטאָ אין אָט דעם זאָג פון אַדאַם מיצקעוויטש. דאָס איז געווען אַ בפירושער אָנדייט אויף קאַמף קעגן דער דעמאָלטיקער דעספּאָטיע, דעם היטלעריזם.

אינעם זעלביקן נומער פון דער ציטירטער צייטשריפט געפינען מיר די פאָלגנדיקע אַרויסזאָגונגען פון סטעפאַן זשעראָמסקי:

„פּוילן (פון פאַר דער מלחמה — ב. מ.) איז נישט אויפגעשטאַנען דערצו, אַז אין אירע גרענעצן זאָל זיך אויסשפּרייטן די בורזשואַזע פאַבריק פון שפּעקולאַציעס, שווינדלען און אַפּנאַרערײַ. אויפן אָרט, וווּ עס איז געשטאַנען די פּינצטערע צעלע פון פאַרקנעכטונג, דאַרף זיך אויסשפּרייטן דאָס ליכטיקסטע אַרבעטס-געביט פון פּראָגרעס“.

און ווייטער:

„עס האָבן פאַרפוילט אַלע רפואות... עס האָט אונדז געפּריעסן דאָס געפיל פון שאַנד... אַלץ וואָס איז ווערטפול מוז זיך אויפוועקן און וואַרפן אין בלוטיקן קאַמף“.

דער אַקטועלער אויסקלאַנג פון ביידע ציטאַטן פון זשעראָמסקין איז געווען קלאָר פאַרן לייענער אין געטאָ. די דאָזיקע ציטאַטן האָבן זיך איבערגערופן מיטן פּראָגראַם פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן אין זיין ערשטן נומער „דער רוף“ — דער פּראָגראַם, וואָס רעדט וועגן אַ נייעם, יושרדיקן פּוילן און וואָס רופט צו מסירת-נפשדיקן געראַנגל קעגן די היטלעריסטישע באַצווינגער.

מיט אַ באַזונדערן מעכטיקן אָפּקלאַנג האָט אָפּגעהילכט אין געטאָ-אונטערערד דאָס רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע וואָרט פון יוליוש סלאָוואַצקי. אַן עדות-ראיה גיט איבער, וואָס פאַר אַ כּישופדיקע ווירקונג עס האָט געהאַט אויף דער יוגנט פון אַן אונטערערדישער גימנאַזיע סלאָוואַצקיס פלאַמיקער רוף צו זיין דור, ער זאָל גיין קרבנותפול צום רעוואָלוציאָנערן קאַמף, „ווי די שטיינער, וואָס ווערן געוואָרפן אויף דער באַריקאַדע“.[4] „אַ ציטער איז אַדורך איבערן צימער — דער-

[3] „Księgi Pielgrzymstwa Polskiego“.

[4] „Jak kamienie rzucone na szaniec“.

ציילט דער עדות, — מען האָט געפילט ווי ביי דער יוגנט ווערט געבוירן די גרייטקייט צו גיין אויף אַלץ, אין לעצטן און ענדגילטיקן קאַמף.“

סלאָוואַצקיס פּאָעזיע, פּונקט ווי מיצקעוויטשעס, איז אָפט פּאַראַפראַזירט געוואָרן דורך יונגע באַגאַבטע דיכטער פון געטאָ און צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון די געטאָס. אַזוי זענען אין לאָדזשער געטאָ פּאַראַפראַזירט געוואָרן סלאָוואַצקיס טראַגישע פּאָעמע „דער פאָטער פון די פאַרדזשומעטע“,[5] מיצקעוויטשעס „דער צוריקקער פון טאַטן“.[6] דער טראַגיזם פון סלאָוואַצקיס „פאָטער פון די פאַרדזשומעטע“, די יסורים פון דעם פאָטער, וואָס דערמאָנען איובס ליידן, זענען געווען באַזונדערס נאָענט דעם געמיט פון די אויסגעבלוטיקטע, פון די „אַקציעס“-געליטענע משפחות אין די געטאָס. די פּאַראַפראַזירונגען פונעם „פאָטער פון די פאַרדזשומעטע“ און אויך פון מיצקעוויטשעס „דער צוריקקער פון טאַטן“ פאַרמאָגן אויך סאַרקאַסטישע טענער, וועלכע זענען אין די אָריגינאַלן נישט בנמצא. דאָס איז געווען דער אייגנאַרטיקער צושטייער פון די מחברים אינעם לאָדזשער געטאָ.

פון דער נייער פּוילישער ליטעראַטור האָבן דעם גרעסטן דערפאָלג געהאַט אין וואַרשעווער און לאָדזשער געטאָ יוליאַן טווים און לעאָפּאָלד סטאַף. צווישן ניי-געפונענע מאַטעריאַלן פון לאָדזשער געטאָ זענען פאַראַן העפטן, געשריבענע דורך יוגנט-קאָלעקטיוון. אין די דאָזיקע העפטן, וועלכע מען האָט, ווייזט אויס, געלייענט בציבור אויף קרייזן, זענען פאַראַן אַ סך איבערגעשריבענע טווימס לידער. עס זענען אויך פאַראַן איבערגעמאַכטע, לויט טווימען, מאָטיוון אויף אַקטועלער געטאָ-טעמאַטיק. אין דער אונטערערדישער פּרעסע פון וואַרשעווער געטאָ האָבן מיר געפונען עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט (אויף אַ העקטאָגראַף) טווימס אַ באַרימט ליד „א תפילה“,[7] ווו עס קומט אויף דעם דיכטערס אינערלעכער דראַנג צו א פריי, ניי, גערעכטיק פוילן, ווו „דאָס רעכט וועט אייביק רעכט באַדייטן און גערעכטיקייט — גערעכטיקייט“. אין די העפטן פון לאָדזשער געטאָ ווערן ספּעציעל אַקצענטירט טווימס סאַטירישע לידער קעגן די הויפּט-ביהגים פון אַנטיסעמיטיזם.

סיי די ליטעראַטור-פאַרשפּרייטער, סיי די ליטעראַטור-אָפּנעמער אין געטאָ האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען דעם גרויסן באַדייט פון דער אמתער, פּראָגרעסיווער שאַפונג אין אָט דער ערגסטער יסורים-פולער צייט. אין אַ נאָטיץ, וואָס געפינט זיך אינעם רינגעלבלום-אַרכיוו (נומער 1429), לייענען מיר די פאָלגנדיקע ציטאַטע פון דעם פוילישן דיכטער לעאָפּאָלד סטאַף: „מער ווי ברויט

5 „Ojciec zadżumionych“.
6 „Powrót taty“.
7 „Modlitwa“.

איז נייטיק פּאָעזיע אין די צייטן, ווען מען דאַרף זי איינגאַנצן נישט". דאָס איז, ווייזט אויס, געווען אַ מאָטאָ צו אַ געוויסער זאַמלונג, צו אַ געהיימער איינלאַדונג, אָדער אַ קאָלעקטיווער לייענונג. ווי עס זאָל נישט זיין, איז דער צופאַל פון דער דאָזיקער ציטאַטע זייער כאַראַקטעריסטיש. עס איז כדאי דערביי צו באַמערקן, אַז אין צווייטן טייל פון אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ האָבן מיר געפונען אַ פּעקל מיט שריפטן און בריוו פון לעאָפּאָלד סטאַף, וואָס אַ טרייער לייענער האָט, קאָנטיק, אויסבאַהאַלטן און אינעם לעצטן מאָמענט עס איבערגעגעבן אין אַרכיוו, כדי אָפּצוראַטעווען די ווערטפולע בלעטלעך. אויב מיר ווילן צו דעם צוגעבן, אַז אינעם זעלביקן צווייטן טייל פון רינגעלבלום=אַרכיוו האָבן מיר אויך געפונען אַ ווערטפולן כתב=יד פון שלום=עליכם און אַ ריי מאַנוסקריפּטן און צייטונג=אויסשניטן פון אַנדערע יונגע יידישע שרייבער, וועלן מיר קומען צום אויספיר, אַז די באַציונג פון דעם בעסערן לייענער אין געטאָ צו ליטעראַרישע ווערטן איז געווען פול מיט פּיעטעט. בעת די שפּעקולאַטישע עלעמענטן האָבן פיבערדיק באַגראָבן אין באַהעלטענישן דאָלאַרן, גאָלד און זילבער, האָבן די קולטור=טרייע עלעמענטן געהאַלטן פאַר נייטיק צו טאָן אַלץ אויף אָפּצוראַטעווען די טייערע שמות, די לעצטע בלעטלעך פון די שעפער פון דער יידישער און פּוילישער ליטעראַטור.

חוץ דער קלאַסישער רוסישער ליטעראַטור און די שאַפונגען פון פּראָגרעסיווע פּוילישע שרייבער, איז געווען אין געטאָ א גרויסער נאָכפרעג אויף דער הומאַניסטישער פראַנצויזישער ליטעראַטור. מיר האָבן שוין באַמערקט וועגן דער ראָל, וואָס עס האָט אָפּגעשפּילט אין דער געטאָ=אונטערערד מאָפּאַסאַנס ווערק „מאַדעמואַזעל פיפי". פונקט ווי עס איז פאַרשטענדלעך דער אינטערעס פון די געטאָ=אסורים צו מאָפּאַסאַנס אַנטי=פרייסישער און פּאַטריאָטישער דערציילונג, אַזוי איז אויך נאַטירלעך די באַציונג פון די לייענער פון געטאָ צו די ווערק פון וויקטאָר הוגאָ. זיין „גיבור אין קייטן", זיין „מענטש, וואָס לאַכט", זיינע מזרח=לידער זענען געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַרן געמיט פון די געטאָ=אסורים.[8]

פון דער נייער פראַנצויזישער ליטעראַטור איז געווען פּאָפּולער אין געטאָ דער אַנטי=מלחמה=שרייבער אַנרי באַרביס. באַרביס ווערט אַ סך מאָל ציטירט אין דער פּרעסע פון אונטערערדישן געטאָ. די דאָזיקע פּרעסע האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט דער קעגנווערטיקער פראַנצויזישער ליטעראַטור, בעיקר מיט דער ווידערשטאַנד=ליטעראַטור. עס איז כדאי צו זען, וואָס האָט די אונטערערדישע געטאָ=פּרעסע בעיקר אינטערעסירט אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד=ליטעראַטור. אין אַן אינטערעסאַנטן איבערבליק א. נ. „די פראַנצויזישע

[8] אויספירלעכער וועגן דעם זע אין מיין ביכל „וויקטאָר הוגאָ", וואַרשע, 1952.

שרייבער אויף דער באַריקאַדע" (אין דעם שוין דערמאָנטן אונטערערדישן „ביולעטין") שטרייכט דער אומבאַקאַנטער מחבר אונטער די וויכטיקע דערשיינונג, וואָס די בעסערע פּראָגרעסיווע ליטעראַטור „גייט אַוועק פון איראַציאָנאַליזם צום הומאַניזם, ראַציאָנאַליזם און אָפּטימיזם". דער מחבר אַקצענטירט דעם דערפרייענדיקן פאַקט, וואָס די שרייבער פון דער פּראָגרעסיווער ווידערשטאַנד־ליטעראַטור האָבן זיך געשטעלט אויף דער באַריקאַדע, אויף דער קאַמפּפּאָזיציע פאַר פרייהייט. עס איז פאַראַן אין דעם אַרטיקל אַן אומדירעקטער רוף צו די יידישע שרייבער, זיי זאָלן נאָכטאָן דעם דאָזיקן ביישפּיל.

וואָס שייך דער דעמאָקראַטישער ליטעראַטור פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט מען אין געטאָ געשמאַק געלייענט וואָלט וויטמענען, דזשעק לאָנדאָנען, מאַרק טוועינען.

פון דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור האָט דעם גרעסטן איינפלוס אויסגעאיבט אויף די באַוווּסטזיניקע לייענער־קרייזן פון געטאָ — די סאָוויעטישע ליטעראַטור. מיר געדענקען דעם גרויסן נאָכפרעג אויף דער סאָוויעטישער ליטעראַטור אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, אויך אין דער יידישער געזעלשאַפט. די ווערק פון סאָוויעטישע שרייבער זענען נישט זעלטן דערגאַנגען צום פּוילישן און יידישן עולם אין אַן אַרומגעשניטענער פאָרם — די פאַשיזירנדיקע צענזור איז געשטאַנען אויף דער וואַך. מיר געדענקען אויך די גרויסע צאָל איבערגעזעצטע אין יידיש סאָוויעטישע ווערק (דורך דעם פאַרשטאָרבענעם שרייבער שלמה שיינבערג, דורך דעם שריפטשטעלער רוה רויכל און אַנד.). אין געטאָ האָט זיך די דאָזיקע טראַדיציע נישט בלויז געהאַלטן ווייטער, נאָר זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נויטווענדיקייט. צענדליקער עדות פון געטאָ און וואַלד גיבן איבער וועגן דעם באַטייט פון דער ליטעראַטור פון דער סאָוויעטישער פּראָזע און פּאָעזיע אין יענער צייט. די סאָוויעטישע ליטעראַטור — אַלעקסיי טאָלסטאָי, מיכאַיל שאָלאָכאָוו, איליאַ ערענבורג, אַלעקסיי סורקאָוו א. א. — האָט מיטגעווירקט ביים אויספורעמען דעם באַוווּסטזיין און ביים שטאַרקן דעם גייסט פון די געטאָ־ און וואַלד־קעמפער. אַ גרויסע ראָל האָט געשפּילט דער פערזענלעכער ביישפּיל פון די סאָוויעטישע שרייבער, וועלכע האָבן האַרמאָניש פאַראייניקט פעדער און ביקס און אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן קעגן שונא פון דער מענטשהייט. די גרוסן וועגן דעם זענען אַריינגעדרונגען אין געטאָ און אין וואַלד. אַ גרויסן אויפשטייג האָט אַרויסגערופן אין וואַרשעווער געטאָ און אין ביאַליסטאָקער וואַלד די באַגייסטערנדיקע ידיעה וועגן דעם דירעקטן אָנטייל פון יידיש־סאָוויעטישע שרייבער אין די שלאַכטן קעגן די היטלעריסטישע האָרדעס.

אַזוי שטעלט אַרויס דער אונטערערדישער אָרגאַן פון וואַרשעווער געטאָ „ידיעות" דעם יידיש־סאָוויעטישן שרייבער, אָפיציר און אָרדנטרעגער פון דער רויטער אַרמיי אהרן קושניראָוו פאַר אַ מוסטער פון העלדישקייט און מוט.

מיט אַ באַזונדערער קראַפט האָבן אָפּגעהילכט אין דער געטאָ־אומטערערד די פאַטאָספולע שורות פון דעם דיכטער־היטאַרמייער אָשר שוואַרצמאַן.

„אויף גיך צום פערד,
די האַנט שטאָל אָן,
ס'איז איצט די ביקס,
די שפּיז — אַ פאָן.
דער שונא ביי די טויערן!“

וועגן דער ווירקונג פון אָט דעם מאָביליזירנדיקן אַליאַרם־רוף אויף די ווידער־שטאַנד־טרוימענדיקע עלעמענטן אין די גרעסערע און קלענערע געטאָס ווייזן אָן פאַרשיידענע לעבן־געבליבענע עדות.*

דער האָזיקער קורצער איבערבליק וועגן דעם אָרט, וואָס די וועלט־ליטעראַטור, ובפרט די פוילישע און סאָוויעטישע, האָבן פאַרנומען אין געטאָ, דערווייזט, אַז וואָס פאַר אַ ווערק די אסורים פון געטאָ האָבן געזוכט טרייסט, היסטאָרישן מוסר־השכל און פאַראַלעלן, דערמוטיקונג צו אויסדויער, ווידערשטאַנד און אַן ענטפער אויף עיקרדיקע מאַטערנדיקע פראַגן.

מיט זייער א גרויסן און פאַרשטענדלעכן פיעטעט האָבן זיך די באַוווסטזיניקע עלעמענטן פון געטאָ באַצויגן צו דער יידישער ליטעראַטור. מיר האָבן שוין אין עטלעכע קורצע ווערטער אָנגעוויזן אויף דער ווירקונג פון אָשר שוואַרצמאַנס פּאָעזיע, אויף דעם באַטייט פון אהרן קושניראָווס פערזענלעכן ביישפּיל ווי אַ פאַר־ווירקלעכונג פון דער אידעע: פאָן און ביקס. לאָמיר זיך אַצינד נענטער צוקוקן צו דער ראָל, וואָס עס האָט אין די געטאָס אָפּגעשפּילט די יידישע ליטעראַטור.

די יידישע ליטעראַטור האָט פאַרן פאָלק, וואָס איז פאַרשלאָסן געוואָרן אין דער געטאָ־תפיסה, געהאַט א טאָפּלטע באַדייטונג. איין באַדייטונג איז געווען פון זעלביקן כאַראַקטער, וואָס די בעסטע, פּראָגרעסיווע ווערק פון דער וועלט־ליטע־ראַטור: דאָס זוכן טרייסט, דערמוטיקונג און א תשובה אויף גרונט־פראַגן פון דער טראַגישער צייט. מיטן אויפנעמען און פאַרשפּרייטן עקשנותדיק און גייסט זעלטן מסירת־נפשדיק די הומאַניסטישע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור האָט דער ווירהדיקער ייד געוואָלט אונטערשטרייכן זיין פּראָטעסט און ווידערשטאַנד קעגן דער פּאָליטיק פון אָקופּאַנט, וועלכער האָט געשטרעבט אַרויסצוואַרפן דעם „גידעריק־ראַסיקן יודע“ פון דער געמיינשאַפט פון דער אַלמענטשלעכער קולטור. דורך אויפנעמען און פאַרשפּרייטן די ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור האָבן די יידן געמאַכט א מאָראַלישן דורכבּרוך אין די געטאָ־מויערן.

* „די סאָוויעטישע ליטעראַטור האָט די לייענער אין געטאָ געשטאַרקט און גע־קרעפטיקט“ (ג"ע פון א. בערמאַן).

דאָס איז געווען דער מאָראַליש-פּאָליטישער זין פון דער גרויסער פּאָפּולאַריטעט פון די בעסטע ווערק פון דער וועלט-ליטעראַטור אין געטאָ.

די אַקטיווע באַציִונג פון דער באַוווּסטזיניקער לייענערשאַפט פון געטאָ צו דער יידישער ליטעראַטור האָט געהאַט, חוץ די אָקאָרשט-אויסגערעכנטע מאָמענטן, נאָך איין וויכטיקן באַטייט.

דורך די ליבשאַפט- און פּיעטעט-פולע געפילן צו דער יידישער ליטעראַטור האָבן די יידן אונטערגעשטראָכן זייער פּאַטריאָטישע באַציִונג צו דער אייגענער נאַציאָנאַלער קולטור. דער שונא האָט געשטרעבט צו פאַרוואַנדלען די יידן — פאַרן שיקן זיי צום טויט — אין אַ היימלאָזער און קולטורלאָזער סטאַדע. געהאָלפן דעם שונא אין אָט דער פאַרשווערונג האָבן די יודענראַט-קרייזן און די אַנדערע אַגענטן פונעם אָקופּאַנט, וועלכע האָבן גוט געוווּסט וועגן דער ראָל, וואָס עס האָט אָפּגעשפּילט די פּראָגרעסיווע, פאָלקישע, יידישע ליטעראַטור ביים אויסקריסטאַליזירן דעם מענטשלעכן, נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן באַוווּסטזיין פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין מזרח-אייראָפּע, בפרט אין פּוילן.

דער וווּקס פונעם אינטערעס צום בעסערן ובפרט צום פּראָגרעסיוון יידישן בוך איז געווען אַן אויסדרוק פון דעם רעצידירטן ווילן פון די געטאָ-אסורים איינצוהאַלטן און אויפצוהייבן זייער מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע ווירדע און צו אַקצענטירן דעם קיום און המשך פון דער יידישער קולטור, נישט געקוקט אויף אַלע צעווילדעוועטע אַטאַקעס פון די היטלעריסטישע פּאַרטיליקער און פון די „יידישע" בורזשואַזן-אַסימילאַטאָרישע ליקווידאַטאָרן. די הויפּט-טרעגער פון די ווערטן פון דער יידישער ליטעראַטור אין געטאָ זענען געווען — פּונקט ווי אין אַלע צייטן — קודם-כל די יידישע אַרבעטערשאַפט און די פאָלקסטימלעכע יידישע אינטעליגענץ.

די באַציִונג פון אָט די קרייזן צו דער יידישער פאָלקישער קולטור האָט איר בולטסטן אויסדרוק באַקומען אין דער גרויסער פּיעטעט, מיט וועלכער זיי האָבן אַרומגערינגלט די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור: מענדעלע, שלום-עליכם און פּרץ.

מיט גרויס פאַרנעם זענען געפייערט געוואָרן אין געטאָ די יובילייען פון די גרונט-לייגער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. פאַרשידענע דאָקומענטן גיבן אונדז איבער גאַנץ גענויע ידיעות וועגן אָט די פייערונגען, וועגן די אומלעגאַלע און האַלב-לעגאַלע פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען געווידמעט געווען דעם אָנדענק, דער שאַפונג און דעם באַטייט פון אונדזערע קלאַסיקער. בפרט זענען אונדז באַקאַנט די מענדעלע- און פּרץ-פייערונגען. וועגן אָט די מאַניפעסטאַציעס, וואָס האָבן באַטייט אַ בפירושן עובר זיין אויף די פאַרבאָטן פונעם אָקופּאַנט, טיילן מיט סיי דער באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון דער קאָנספּיראַטיווער ייקאָר-אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אויסלאַנד דורך ד"ר עמנואל רינגעלבלום

און ד״ר אדאָלף בערמאַן, בעת זיי האָבן זיך שוין געפֿונען אויף דער „אַרישער“ זייט, סיי פֿילצאָליקע דאָקומענטן פֿון די אונטערערדישע געטאָ-אַרכיוון.

דער ייִקאָר (ייִדישע קולטור-אָרגאַניזאַציע) איז אין א גאַנץ באַדייטנדיקער מאָס געווען אַ המשך פֿון דעם אומלעגאַלן ייִדישן קולטור-פֿאַרבאַנד, פֿונעם אַנטי-פֿאַשיסטישן קולטור-פֿראָנט, וואָס איז אַנטשטאַנען אין די לעצטע פֿאַרמלחמה-יאָרן אין פּוילן, ווי א טייל פֿון דער באַוועגונג פֿונעם פֿאָלקס-פֿראָנט אין דער ייִדישער כּביבֿה. אין שפּיץ פֿון דעם אומלעגאַלן קולטור-פֿראָנט אין פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן זענען געשטאַנען אָנגעזעענע קאָמוניסטישע שרייבער און קולטור-טוער, ווי דער אומגעקומענער דוד ריכטער, דער פֿאַרשטאָרבענער שלמה לעווין, דוד ספֿאַרד און נאָך, און אײניקע מיט זיי רינגעלבלום, בערמאַן און אַנדערע. אין די געטאָ-באַדינגונגען האָבן אַ ריי פּראָגרעסיווע קולטור-טוער — געוועזענע אָנטיילנעמער פֿון דעם פֿריערדיקן קולטור-פֿראָנט — ממשיך געווען די דאָזיקע טעטיקייט. דער ייִקאָר האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם יודענראַטישן קולטור-באַרבאַריזם און אויך דער אַריסטאָקראַטיש-העבֿריִסטישער קולטור-אָרגאַניזאַציע „תּקומה“, וועלכע האָט קיין גרעסערן באַטייט אין געטאָ נישט געהאַט. דער ייִקאָר האָט אָרגאַניזירט אַ ריי וויכטיקע קולטור-מאַניפֿעסטאַציעס און וועגן דעם גיט טאַקע איבער דער דערמאָנטער באַריכט.

וועגן די דאָזיקע קולטור-מאַניפֿעסטאַציעס און בכלל וועגן דעם וווּקס פֿון דעם באַטייט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין געטאָ גיבן אויך איבער, ווי געזאָגט, א סך דאָקומענטן פֿון די אונטערערדישע געטאָ-אַרכיוון.

דעם גרעסטן פֿאַרנעם האָבן געהאַט די מענדעלע-פֿייערונגען, בפֿרט אין פֿעברואַר 1941. מענדעלעס ווערק האָבן געהערט צו די סאַמע פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע לעקטורן אין געטאָ. די מענדעלע-פֿייערונגען, וועלכע זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין געהיים, זענען פֿאָרגעקומען נישט בלויז אין א צענטראַלן פֿאַרנעם, נאָר זיי האָבן אַרומגעכאַפּט ברייטערע מאַסן אויף די ערטער. די אונטערערדישע קולטור-טוער זענען אַוועק מיט מענדעלעס וואָרט אין די הויפֿן פֿון דער געדיכטער ייִדישער מאַסע און איינגעאָרדנט אַקאַדעמיעס צום אָנדענק פֿון דעם זיידן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, ס׳רובֿ מיט דער הילף פֿון דעם דעמאָקראַטישן טייל פֿון די הויז-קאָמיטעטן. ווי עס טיילט מיט רינגעלבלום אין איינעם פֿון זיינע נאָטיצן פֿון פֿעברואַר 1941, זענען במשך פֿון אַ קורצער צייט פֿאָרגעקומען מענדעלע-אַקאַדעמיעס אין איבער נײַנציק הויפֿן.

אַן אימפּאָזאַנטן פֿאַרנעם האָבן אויך געהאַט די פּרץ-פֿייערונגען אין געטאָ — צו דעם 26-טן יאָרצייט אין מאַי 1941 און ערב דעם 27-טן יאָרצייט אין פֿעברואַר 1942.[9] פּרצעס שאַפֿונג האָט אויפֿגעלעבט אין געטאָ נישט בלויז ביי דער געלעגנ-

[9] אַרכיוו פֿון ייה״א, רינג. 1, נ׳ 1416 און נ׳ 1383.

הייט פון די ספּעציעלע מאַסן=פֿייערונגען לכבוד די יאָרטעג פון זיין טויט. פּרץ האָט געלעבט אין די הערצער פון די באַוווסטזיניקע ייִדן כמעט אין אַלע געטאָס און לאַגערן אויפן גאַנצן שטח פון זייער מאַרטירלאָגיע און אין די לעצטע מאָמענטן פון זייערע העלדישע ווידערשטאַנדן. פּונקט ווי מענדעלעס רעאַליסטישע שילדערונגען פון די בעלי=טאַקסעס האָבן באַוואָפנט די ייִדישע מאַסע אין איר צאָרן און קאַמף קעגן די יודענראַטניקעס, שאָפּ=דירעקטאָרן און גבירישע הויז=קאָמיטעט=פאָרזיצערס, אַזוי האָט אויך פּרצעס לײַדנשאַפטלעך און גליאיק וואָרט באַגלייט ווי אַ גײַסטיקער פֿײַערזײַל די אויפֿגעברויזטע ייִדישע מאַסע אין אירע אַרויסטריטן קעגן די אײַנערלעבטע פּאַרטעטער. פּרצעס ווערטער: „אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע" — האָט מען געשליידערט אין פּנים אַריין די רומ=קאָווסקים און ליכטענבוימס, אַרויסברענגענדיק דערמיט דעם פּאַחדרוס און דעם צאָרן קעגן דער אומשפּנענשלעכער אונטערדריקונג. דאָס דאָזיקע שטאַרקע ליד פון יצחק=לייבוש פּרץ איז געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע רעציטאַציע=מאָטיוון אין די געטאָס. פּונקט אַזוי זענען פּרצעס איבערדיכטונגען פון יחזקאל וועגן דעם שונא, וואָס שלייכט זיך צו די טויערן פון שטאָט, און זיין לײַדנשאַפטלעכער רוף צו וואַכזאַמקייט — רעציטירט געוואָרן אין די קרייזן פון דער ייִדישער קאַמף=אָרגאַניזאַציע, אײַנגענעם מיט אָשר שוואַרצמאַנס פּאַטעטישן רוף צום קאַמף. דער קראַפּטפולער פּאַטאָס פון פּרצעס רוף=לידער האָט אַרײַנגעטאָסן מוט אין די הערצער פון די יונגע קעמפער. פּרץ — פּונקט ווי מענדעלע און שלום=עליכם — האָט חוץ דעם געלערנט ליב צו האָבן דאָס אייגענע פאָלק און אײַנצייטיק זיך צו באַציען מיט ברידערלעכע געפילן צו אַנדערע פרייהייטליבנדיקע פעלקער. אין צוזאַמענהאַנג מיט פּרצעס יאָרצייט שרייבט אַן אונטערערדישע צײַטשריפט פון וואַרשעווער געטאָ „גאָוואַ מלאָדזשעזש" („די נייע יוגנט" פון פעברואַר 1942) אין אַן אַרטיקל א. נ. „פּאַרוואָס מיר האָבן ליב פּרצן" אַט=וואָס: „פּרץ האָט אין דעם ייִד געזען קודם=כל — דעם מענטש. פּרץ וויל נישט בלויז היילן דעם קערפּער, ער וויל היילן אויך די נשמה. פּרץ האָט געעפנט פאַר ייִדישן מענטש די וויכטיקסטע סטרונע פון לעבן — די האָפענונג. פּרץ רופט ליב צו האָבן דעם מענטש".

באַזונדערס אין די באַדינגונגען פון געטאָ איז וויכטיק און אַקטועל געווען די דאָזיקע לערע פון יצחק=לייבוש פּרץ — אַרויסרופן ליבע און מיטהילף פאַרן לײַדנדיקן מענטש, גרענעצלאָזע שנאה צו די, וואָס מיינען, אַז די וועלט איז אַ קרעטשמע, איז הפקר, און — אַקטיווע ליבע, אַקטיווע הילף פאַר די, וואָס זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף פּאַוואָליעדיקן נסיסהדיקן אונטערגאַנג. צוליב די צוויי סיבות האָט זיך דער באַוווסטזיניקער מענטש פון געטאָ געווענדט נאָך מאָראַלישער באַקרעפטיקונג און נאָך וועג=ווייזונג צו די קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, בפרט צו פּרצן.

עס איז געווען נאָך אַ צווייטע סיבה, וועלכע האָט אַרויסגערופֿן אַ באַזונדערן אינטערעס צו די קלאַסיקער: די איזאָלירנדיקע באַדינגונגען פֿון געטאָ און די בכיוונדיקע טייל־און־הערש־פּאָליטיק פֿונעם אָקופּאַנט, וועלכע האָט געצילט אָנצורייצן איין אונטערדריקט פֿאָלק קעגן צווייטן, כדי אָפּצווענדן די שנאה פֿון זיך אַליין, די דאָזיקע באַדינגונגען און פּאָליטיק זענען עלול געווען אַרויסצורופֿן שטאַרקע נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען אין געטאָ. די דאָזיקע שטימונגען פֿון זען אין יעדן „גוי“ אַ שונא זענען געכאַליעט און אונטערשטיצט געווען דורך די יודנראַט־לייט. די דאָזיקע שטימונגען האָבן אין זיך געטראָגן דעם באַציל פֿון אַ געפֿערלעכער קראַנקהייט, זיי האָבן קודם־כל געווירקט דעפּרעסיוו, דעמאָביליזירנדיק, זיי האָבן אַרויסגערופֿן פֿאַרלוירנקייט, אויסזיכטלאָזיקייט און האָפֿענונגסלאָזיקייט. און צו דעם האָט טאַקע געצילט דער אָקופּאַנט, וועלכער האָט געוואָלט באַגעגענען בעת די ענדגילטיקע ליקווידאַציעס אַ גייסטיק־אַנטוואָפֿנטע, איבערלעבט־צעבראָכענע און אויסזיכטלאָזע מאַסע. קעגן אָט די געפֿערלעכע שטימונגען זענען די אַנטיפֿאַשיסטישע עלעמענטן אַרויס אין דעצידירטן קאַמף. אַ מאָראַלישע הילף האָבן זיי געפֿונען ביי די קלאַסיקער. דעם דאָזיקן מאָמענט האָט ריכטיק אַרויסגעפֿילט איינער פֿון די אונטערערדישע געטאָ־כראָניקער, דער פּעדאַגאָג אַבֿרהם לעווין, וועלכער שטעלט פֿעסט אין איינער פֿון זיינע נאָטיצן, אַז מענדעלע און שלום־עליכם זענען די זעלבסטקריטיק פֿון ייִדישן פֿאָלק. און אַזאַ זעלבסטקריטיק איז געזונט און נייטיק, ווייל זי פֿאַרהיט קעגן שאָוויניזם. די קלאַסיקער האָבן דערביי די מעלה, וואָס צוזאַמען מיט דער שניידנדיקער זעלבסטקריטיק זענען זיי פֿול מיט ליבשאַפֿט צום פֿאָלק.

דאָס קאָלעקטיווע לייענען און דאָס אָפּמערקן דעם אָנדענק פֿון די קלאַסיקער מיט מאַסן־פֿייערונגען האָט אין אַ סך פֿאַלן געגעבן די געטאָ־אַסירים אַ געלעגנהייט צו דיסקוסיעס אַרום ברענענדיקע פֿראַגן פֿון געטאָ־לעבן. אַזוי דערציילט דער תּלמיד פֿון אַ געהיימער ייִדישער שול, חיים גלוזמאַן, אין זיין קלאַסן־אַרבעט אויף דער טעמע וועגן דער פּרץ־אַקאַדעמיע אין מאַי 1941 (דעם שילערס אַרבעט געפֿינט זיך אינעם ערשטן טייל פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו) וועגן דעם, אַז אויף דער פֿייערונג איז געקומען צו אַן אינטערעסאַנטער דיסקוסיע ביי די רעפֿערענטן, צווישן וועלכע עס איז געווען דער שול־טוער שכנא זאַגאַן, דער טוער פֿון אונטערערדישן אַרכיוו מאַגיסטער לינדער און דער לערער ליכטענשטיין. די דיסקוסיע האָט זיך אַנטוויקלט אַרום אַ טעזיס פֿונעם רעפֿערענט, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט: „פּרץ גיט צו די מענטשן מוט איבערצוהאַלטן די מלחמה“. לינדער האָט פּאָלעמיזירט מיטן רעפֿערענט און דערקלערט, אַז עס איז נישט אַזוי זיכער דאָס, וואָס דער רעפֿערענט האָט געזאָגט, אַז מען וועט איבערהאַלטן די מלחמה. די דיסקוסיע איז, ווי מיר זעען, געווען זייער אַ וויכטיקע. מיר ווייסן נישט גענוי, וואָס דער רעפֿערענט האָט געמיינט מיטן אויסדרוק, אַז פּרץ גיט צו מוט

איבערצוהאַלטן די מלחמה, אָבער אַז פּרץ איז אויף דער קינדער=פאַרזאַמלונג אינטערפּרעטירט געוואָרן אין זין פון הייבן און שטאַרקן די מענטשלעכע ווירדע, וועלכע דער אָקופּאַנט האָט געשטרעבט צו דערנידעריקן, זאָגן עדות די לעצטע ווערטער, מיט וועלכע דער שילער חיים גלוזמאַן פאַרענדיקט זיין קלאַסן=אַרבעט: „מען האָט אים (פּרצן) אָפּגעגעבן זייער א סך כבוד. נאָך דעם האָט געזונגען א פּאָר יידישע לידער די חברטע שרהלע. מיטן קינדער=כאָר=געזאַנג איז געוואָרן געשלאָסן די פּרץ=אַקאַדעמיע. די מענטשן זענען פון דער אַקאַדעמיע געווען ש ט אַ ר ק צ ו פ ר י ד ן“. דאָס הייסט: זיי זענען אוועק אין א געקרעפטיקטער שטימונג.

דעם זעלביקן איינדרוק טראָגט אַרויס פון דער פּרץ=אַקאַדעמיע א צווייטער שילער העניעק זיגעלמאַן, וועלכער ברענגט אויך זיין צופרידנקייט צום אויסדרוק אין אַ קלאַסן=אַרבעט (געפינט זיך אויך אין ערשטן טייל פון רינגעלבלום=אַרכיוו).

דעם זעלביקן זין, דעם זין פון הייבן די אייגענע מענטשלעכע ווירדע און די חשיבות פון דער יידישער קולטור האָבן די געטאָ=אסורים געזוכט אויך אין די געהיימע פייערונגען, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן אָנדענק און מיט דער שאַפונג פון דעם פערטן קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור — פון יצחק=מאיר ווייסענבערג. עס איז גישט קיין וווּנדער, וואָס ווייסענבערג איז געווען פּאָפּולער און אָפט געלייענט אין געטאָ. סיי די שטאַרקע סאָציאַל=פּראָטעסטיר=דיקע מאָטיוון אין ווייסענבערגס ווערק, סיי זיין אַרויסברענגען געזונטע, גאַנצע, אינערלעך גישט צעריסענע פאָלקס=געשטאַלטן, האָבן תמיד אַרויסגערופן באַוווּנ=דערונג ביי דער אַרבעטער=לייענערשאַפט און בפרט אין געטאָ, ווו די אַנטיהיט=לעריסטישע עלעמענטן האָבן געשטרעבט איבערצושמידן די מאַסע אין גאַנצע, געזונטע נאַטורן. ווייסענבערג האָט סימבאָליזירט דעם המשך, די אַנטוויקלונג פון דער יידישער רעאַליסטישער, פאָלקישער ליטעראַטור פונעם נאָך=פּרץ=פּעריאָד, און דעריבער האָט מען אים אין די באַוווּסטזיניקע געטאָ=קרייזן אַרומגערינגלט מיט א באַזונדערער פּיעטעט.

פון די דאָקומענטן פון אונטערערדישן געטאָ=אַרכיוו איז אונדז באַקאַנט, אַז דעם 13=טן נאָוועמבער 1941 איז איינגעאָרדנט געוואָרן ערגעץ אין א קאָנספּי=ראַטיווער דירה א ווייסענבערג=אַקאַדעמיע.

אין א נאָטיץ, וואָס איז געפונען געוואָרן אין ערשטן טייל פונעם אונטער=דישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ, באַגרינדעט דער אַנאָנימער מחבר אויפן פאָלגנדיקן אופן די סיבה, פאַרוואָס מען האָט איינגעאָרדנט דעם געהיימען ווייסענ=בערג=אָוונט: „מיר האָבן דעם ערשטן אָוונט געווידמעט דעם פאַרשטאָרבענעם שרייבער ווייסענבערג. מעגלעך, אַז דאָס איז געשען צופעליק, דאָך איז עס אין אַ געוויסער מאָס סימבאָליש. ווייסענבערג געהערט צו די קינסטלער=שעפער, וואָס ווערן געבוירן ווי פון זיך זעלבסט, וואָס וואַקסן אַרויס ווי א בלום אויף

א פּוסט אומבאַאַרבעט פֿעלד. אין דעם זין דערמאָנט ער אונדז דעם רוסישן שרייבער גאָרקי. אַזעלכע קינסטלער זענען א באַווייז פֿאַר דער לעבנס-קראַפֿט פֿון מענטש, פֿון זיין אייביקן שטרעבן צו ליכט און פּראָגרעס, פֿאַר דער איבער-לעבער שאַפֿונגס-קראַפֿט, וואָס שפּראָצט אַרויס אומדערוואַרט, ווי א באַהאַלטענער וואַסער-קוואַל פֿון אונטער דער ערד. זאָל ווייסענבערגס אָנדענק זיין א סימבאָל פֿאַר אונדזער לעבנס-כּוח, וועלכער וועט להכעיס אַלע פֿאַרצווייפֿלונגען און שטייניער ווייטער פֿליסן באַהאַלטענערהייט, ביז ער וועט אַרויס אויף דער פֿרייער וועלט און וועט זיך צעגיסן מיט יובל פֿון פֿרייד איבער אונדזער לעבנס-פֿעלד".

דער זעלביקער אַנאָנימער מחבר שילדערט אין א צווייטן אָרט די געפֿילן, מיט וועלכע ער איז געגאַנגען צו דער אַקאַדעמיע לכּבֿוד יצחק-מאיר ווייסענבערגן. דער מחבר מאָלט קודם-כּל אָפּ דעם וועג צו דער קאָאָפּעראַטיווער דירה. ער גיט אַן אויפֿטרייסלענדיק בילד פֿון דער געטאָ-גאַס, אויף וועלכער עס באַוועגן זיך מענטשן-שקעלעטן. „א בילד — זאָגט דער אַנאָנימער מחבר — ווי אין אינדיע, בעת די שווינדלערלעכע הונגער-יאָרן. אַרום פֿלאַטערט דער אָטעם פֿון טויט". די ווייסענבערג-פֿייערונג דערמאָנט דעם מחבר, אַז מען וועט קאָנען גובֿר זיין די געפֿאַר, די נשמה פֿון פֿאָלק זאָל נישט ווערן אַטראָפֿירט און דער טויט זאָל נישט פֿאַרנעמען אין דעם באַוווסטזיין פֿון די ייִדן דעם אויבן-אָן, און ער פֿאַרענדיקט זיינע באַטראַכטונגען מיט אַזעלכע גלויבן-פֿולע ווערטער:

„דאָך ווילן מיר ווייטער לעבן און בלייבן פֿרייע שאַפֿנדיקע מענטשן!"

דער מחבר דריקט צום סוף אויס זיין טיפֿן גלויבן, אַז „עס וועט נאָך אויפֿ-שיינען די זון פֿאַר אַלע אָן אויסנאַם קינדער פֿון דער ערד" און די אומבאַקאַנטע פֿאָלקס-טאַלאַנטן וועלן ערשט דעמאָלט באַקומען זייער תּיקון, אַזוי ווי ווייסענבערג.

ענלעכע גרויסן וועגן דער ראָל פֿון די קלאַסיקער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור ביים שטאַרקן דעם גייסט פֿון די איזאָלירטע ייִדן הערן מיר נישט בלויז פֿון די געטאָס אין די גרויסע שטעט, נאָר אויך פֿון די קליינע קיבוצים, פֿון הונדערטער שטעטלעך. אין אָן א שיעור פֿאַלן זאַמלען זיך קולטור-גיריקע, באַוווסטזיניקע שטעטלשע ייִדן אין קאָאָפּעראַטיווע דירות און לייענען די ווערק פֿון די גרויסע שרייבער, זינגען זייערע לידער און דיסקוטירן וועגן אַקטועלע פּראָבלעמען, פֿאַר וועלכע זיי זוכן א באַשייד אין די שאַפֿונגען פֿון די קלאַסיקער. כאַראַקטעריסטיש איז, למשל, אין דער הינזיכט דאָס שטעטל איזביצע אין לובלינער געגנט; לויט דער גבֿית-עדות פֿון אָפּגעראַטעוועטן דאָרטיקן איינוווינער טוביה בלאַט — זענען דאָרטן אַזעלכע געהיימע קולטור-אימפּרעזעס געווען א רעגולערע דערשיינונג. עס פֿלעג אַפֿילו פֿון צייט צו צייט אַראָפּקומען פֿון א שכניש שטעטל בסוד סודות א פֿרעלעגענט און אָנרעגן די איזביצער דענקנדיקע יוגנט פֿאָרצוזעצן די שיינע אַרבעט.

די ווידערשטאַנד=לעבנסגעדיקע עלעמענטן אין געטאָ האָבן געזוכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור נישט בלויז מאָראַלישע הילף ביים אָפּהיטן די נשמה פון פאָלק קעגן די געפאַרן פון אַסימילאַציע. זיי האָבן געזוכט אין געוויסע ווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור א גייסטיקע הילף אין זייער דראַנג צו רעאַליזירן דעם חלום פון קאַמף, אין זייער שטרעבונג צו דערציען די מאַסן אין גייסט פון די לאָזונגען פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, פון דער שפּעטערדיקער ייִדישער קאַמפּס=אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע מאָראַלישע הילף האָט מען געפונען, ווי שוין געזאָגט, אין געוויסע מאָטיוון ביי יצחק=לייבוש פּרץ און ביי אשר שוואַרצמאַן. און א נאָך שטאַרקערער מאָס האָבן זיי די הילף געפונען ביי די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע דיכטער פון אַמאָל און פון דער קעגנוואַרט. מיט א באַזונדערער התלהבות האָט מען געלייענט אין געטאָ דעם רעוואָלוציאָנערן ייִדישן דיכטער יוסף באָוושאָווער. די אַנטיפאַשיסטישע עלעמענטן פון וואַרשעווער געטאָ האָבן אַרויסגעשטעלט באָוושאָווערן ווי א פאַן נישט בלויז פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, נאָר אויך פון אַקעגנשטעלן זיך אידעאָלאָגיש דעם נאַציאָנאַליזם, די אָפּאָרטוניסטישע בורזשואַזנאַציאָנאַליסטישע קרייזן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט צושטיין אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1942 צום נאַציאָנאַלן פראָנט פון אַקטיוון קאַמף קעגן דעם היטלעריסטישן אָקופּאַנט.

אין דעם יוגנט=אָרגאַן פון די אַנטיפאַשיסטן — „יוגנט=רוף“ — נומער 5 פון מערץ 1942 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אן אַרטיקל א. ג. „רעוואָלוציאָנערע און פאָלקס=דיכטונג“. דער אַרטיקל איז געווידמעט באָוושאָווערן. דער אַנאָנימער מחבר כאַראַקטעריזירט באָוושאָווערן ווי דעם דיכטער פון רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס. אַרויסרוקנדיק באָוושאָווערן ווי א פאָן פון אַלע קאַמף=גרייטע כוחות, שטעלט דער אויטאָר אַקעגן באָוושאָווערן — ביאַליקן. דער מחבר פונעם אַרטיקל „רעוואָלוציאָנערע אין פאָלקס=דיכטונג“ שרייבט:

„בעת די ייִדישע בירגערלעכע, נאַציאָנאַליסטיש געשטימטע אינטעליגענץ האָט אַרויסגערוקט די ביאַליק=פיגור, דעם ביאַליק=פּאַטאָס, האָט אונדזער אַרבעטער=אינטעליגענץ אַרויסגערוקט די פיגור פון באָוושאָווערן“.

עס איז פאַרשטענדלעך, אז נישט על פּי צופאַל האָט די אַנטיפאַשיסטישע פּרעסע פון וואַרשעווער געטאָ=אונטערערד אַרויסגערוקט דעם אידעאַל פון יוסף באָוושאָווער. באָוושאָווער האָט באַטייט אַקטיוון קאַמף, רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס, און דאָס זענען די עלעמענטן, וועלכע האָבן פאַרנומען דאָס וויכטיקסטע אָרט אין דעם פּראָגראַם פון די אַנטיפאַשיסטן אין וואַרשעווער געטאָ.

עס איז אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס מען האָט אין געטאָ געלייענט און רעציטירט צוזאַמען מיט באָוושאָווערן — ווי עס דרינגט אַרויס פון די אונטערערדישע דאָקומענטן — אויך עדעלשטאַטן, ווינטשעווסקין, מאָריס ראָזענפעלדן אא.

פונקט אזוי איז נאטירלעך, וואָס אין געטאָ האָבן שטאַרק אָפּגעהילכט די באַקאַנטע לידער פון אברהם רייזען, פון זיין ראַדיקאַלן יוגנט־פּעריאָד: „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן" און אַנדערע, וועלכע זענען געווען אן אויסדרוק פון רייזענס נאָענטקייט צו די רעוואָלוציאָנערע יידישע פאָלקס־מאַסן אין רוסלאַנד — פוילן ערב דעם גרויסן סאָציאַלן שטורעם פון יאָר 1905.

א גאַנצע ריי דאָקומענטן פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו זאָגט עדות וועגן דער גרויסער פּאָפּולאַריטעט פון אברהם רייזען אין געטאָ.[10]

דעם 20־טן פעברואַר 1942 האָט דער „ייקאָר" אין וואַרשעווער געטאָ איינגעאָרדנט א האַלב־לעגאַלע מאַסן־פייערונג לכבוד דער דאַטע: 50 יאָר ליטעראַרישע שאַפן פון אברהם רייזען. אינעם אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ האָבן מיר געפונען די איינלאַדונג צו דער רייזען־פייערונג. אָט וואָס מיר לייענען דאָרטן:

„חשובער פריינד,

עס ווערט איצט 50 יאָר זינט אברהם רייזען האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט. די יידישע ליטעראַטור האָט זיך אין צווישן פאַרשפּרייט און טיף אויסגעוואַקסן, ווערנדיק א רעזידירנדיקער פאַקטאָר אין יידישן לעבן. אָבער נישט נאָר א ליטעראַרישער יובל איז דאָס פאַר אונדז, נאָר אויך א פאָלקס־יום־טוב, אין פולן זינען פון וואָרט. זענען דאָך זיינע לידער אַריין אין פאָלק און געוואָרן אזוי פּאָפּולער, אז פאַרגעסן איז געוואָרן דער נאָמען פון מחבר — די העכסטע זכיה פאַר א דיכטער — און פון זיין ליד איז געוואָרן דאָס פאָלקס־ליד „דאָס העמערל", „מאי קא משמע לן" און „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן" און נאָך און נאָך, אַלץ אברהם רייזענס לידער, אויף וועלכע מיר אַלע האָבן זיך דערצויגן, וואָס זייערע ניגונים האָבן מיר געבראַכט פון אונדזער קינדהייט.

לאָמיר זיך בכן טרעפן, א זינג טאָן ווי אַמאָל, און ווייטער שפּינען דעם פאָדעם, וואָס טאָר נישט איבערגעריסן ווערן... מיר פאַרבעטן אייך צום רייזען־אָוונט, וואָס מיר אָרדענען איין זונטיק, דעם 22־טן פעברואַר, אזייגער 5 נ.מ."

עס איז, לײדער, נישט באַקאַנט, ווער עס איז אַרויסגעטראָטן אויף דעם רייזען־אָוונט. דער נאָמען פונעם רעפערענט איז פאַרמעקט אויפן אָקאָרשט־ציטירטן טעקסט פון דער איינלאַדונג. מיר ווייסן דאָקעגן יאָ, אז מיט רעציטאַציעס פון רייזענס לידער זענען אַרויסגעטראָטן די אַקטיאָרן אסתר גאָלדענבערג און אברהם קורץ. מען האָט אויך געזונגען רייזענס לידער.

אָט אזוי האָט צוזאַמען מיט פּרצעס „אָ, מיין נישט, די וועלט איז א קרעטש־מע", צוזאַמען מיט שוואַרצמאַנס „דער שונא ביי די טויערן", געקלונגען אין געטאָ דאָס רייזענישע ליד. די לידער „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן", „די

---

[10] אַרכיוו פון ייה"א, רינג. 1, נ' 1417 און אַנדערע.

קירכן־גלאָקן", „די וואַנט", וועלכע זענען בעת זייער געבורט געווען געווענדעט מיט זייער שאַרפקייט קעגן דעם צאַריזם, דער אינקוויזיטאָרישער „אידעאָלאָגיע" פון דער בורזשואַזיע און קלער און דעם קאַפּיטאַליזם, האָבן איצט, אין געטאָ, באַקומען אַ נייע באַטייטיקונג. זיי האָבן געשלאָגן אין די בייזע היטלעריסטישע געוויטערן, אין דער ראַסיסטישער „אידעאָלאָגיע", אין דער געטאָ־וואַנט, און געשאַפן אַ שאַרף גייסטיק געווער אין די הענט פון די יידישע פּראָלעטאַרישע און אַנטיפאַשיסטישע עלעמענטן.

אין די דאָזיקע קרייזן האָבן געלעבט די שאַפונגען פון דעם גרויסן יידישן משלים־שרייבער אליעזר שטיינבאַרג און פון דעם אַמעריקאַניש־יידישן דיכטער־בונטאַר משה־לייב האַלפּערין; מיר האָבן געפונען נאָטיצן וועגן פאַרלעזונגען אויף די טעמעס פון די שאַפונגען פון אָט די שרייבער.[11]

מיר געפינען אויך אינפאָרמאַציעס וועגן אָוונטן, געווידמעט דעם פאָטער פון יידישן טעאַטער — אברהם גאָלדפאַדען. ווי עס דערינגט אַרויס פון אַ ריי גביות עדותן, האָט מען אין די אונטערערדישע אַרבעטער־קרייזן געלייענט און רעציטירט די יידישע רעוואָלוציאָנערע דיכטער פון פאַרמלחמהדיקן פּוילן. אין אונטערערדישע קרייזן פון לאָדזשער געטאָ האָט מען אָפט רעציטירט משה שולשטיינס רעוואָלוציאָנערע ליד „צונג". אין די זעלביקע קרייזן האָט מען אויך ספּעציעלע אָוונטן געלייענט ל. פעלזנבערגס (ש. וואָלמאַנס) דראַמע וועגן באַטווינען — „נפתלי".[12] עס האָט וואָרצלקרייזט אין וואַרשעווער געטאָ אַ „יידיש־העפט" צו דערלערנען די יידישע ליטעראַטור צווישן־געשטעלט דורך די פּעדאַגאָגן נתן סמאָליאַר און בנימין וויראָווסקי.[13] אין דעם העפט געפינען מיר נעבן לעוו טאָלסטאָי — אויך אַ ריי יידישע שרייבער, צוו. א. — יהואש.

פון דער קולטור־ירושה פון דער אַלטער העברעישער ליטעראַטור האָט מען אין געטאָ געפייערט דעם גרעסטן העברעישן דיכטער פון מיטלאַלטער יהודה הלוי און מען האָט אָרגאַניזירט יהודה־הלוי־אָוונטן. ווי עס גיט איבער צביה לובעטקין אין איר זכרונות־ביכל „אחרונים על החומה" (די לעצטע אויפן מויער), זענען אין אירע קרייזן אויך איינגעאָרדנט געוואָרן תנך־אָוונטן.

אינעם תנך האָבן פאַרשידענע קרייזן געזוכט פאַרשידענע באַגייסטערונגען. בעת אין טייל קרייזן האָט מען זיך געוואַלט איינטוליען אין איוב־שטימונג, האָבן אַנדערע גענומען פון תנך דעם סאָציאַלן פּראָטעסט פון עמוס, ישעיהו און ירמיהו און געשטרעבט צו אַקטואַליזירן די ליידנשאַפטלעכע שטראָף־רייד פון די דאָזיקע נביאים.

---

[11] ארכיוו ייה"א, רינג. 1, נ' 603.

[12] אַרכיוו ייה"א, לאָדזשער מאַטעריאַלן.

[13] ארכיוו ייה"א, רינג. 1, נ' 603.

מיר באגעגענען אין פראָגראַם־רשימות פון לייענער־גרופּעס ביאַליק, דוד פרישמאַנען און מיכה יוסף בערדיטשעווסקין.[14]

פון דער גייסטער העברעישער ליטעראַטור האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַ געוויסער ווירקונג פון אביגדור המאירי צווישן דער לייענער יוגנט אין לאָדזשער געטאָ. אין אַ העפט פון אַ לייענער־קאָלעקטיוו אין דער פּוילישער שפּראַך איז פאַראַן אַן איבערזעצונג פון פראַגמענטן פון אביגדור המאירים שאַפונגען.

דאָס אַלץ, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביז איצט וועגן דעם אָרט, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט פאַרנומען אין געטאָ, בפרט אינעם וואַרשעווער, איז נוגע די מחברים און שאַפונגען פון פריער, פון פאַר דער מלחמה. צו די סאַמע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער באַציִונג פון די געטאָ־אסירים צום ליטע־ראַרישן שאַפן געהערן בלי שום ספק די פאַקטן פון פנים־אל־פנים־צונויפטרעפן פון די לייענער מיט די שרייבער, וואָס האָבן געשאַפן אין געטאָ גופא. וועגן דעם דאָזיקן ענין וועט אונדז נאָך אויסקומען צו רעדן באַזונדער און מער באריכותדיק.

סומירנדיק דאָס אַלץ, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל, איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז פון דעם קורצן אַנאַליז דרינגט אַרויס, דאָס די באַוווסטזיניקע עלעמענטן פון וואַרשעווער געטאָ איז פרעמד געווען דער „קולטוריזם“, וואָס האָט, למשל, געהאַט אַזאַ דערפאָלג אין געוויסע קרייזן פון ווילנער געטאָ.

וואָס איז געווען דער מהות פונעם „קולטוריזם“ אין די באַדינגונגען פון געטאָ? דאָס איז געווען די מיינונג, אַז דאָס אויפגעצוווּנגענע געטאָ שאַפט גינסטי־קע מעגלעכקייטן פאַר אַנטוויקלען אַ נאָרמאַלע יידיש־נאַציאָנאַלע קולטור און אַז עס איז גישט וויכטיק דער אינהאַלט פון דער קולטור־טעטיקייט אין געטאָ, עס איז גענוג סתם „קולטור“, מעג זי זיין אפילו אַ פאַרפירערישע, אַבי אין יידיש. די טרעגער פון אָט דער אין גרונט ווידעראַטישער אידעאָלאָגיע זענען געווען אַזעלכע קרעאַטורן ווי רומקאָווסקי פון לאָדזשער געטאָ, מערין פון די געטאָס פון זאַגלעמביע, גענס פון ווילנער געטאָ און גאַנצווייך אין וואַרשעווער געטאָ. אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָט מען די צוריק־אין־געטאָ־„אידעאָלאָגיע“ געפריי־דיקט אין געוויסע קרייזן פון דער יידישיסטישער לערערשאַפט.[15] דער כהן גדול פון „קולטוריזם“ איז אָבער געווען קאַלמאַנאָוויטש, דער פאָרזיצער פון לענאַלן ליטעראַטן־פאַריין אין ווילנער געטאָ. ער האָט זיינע „קולטוריסטישע“ געדאַנקען געוואָלט פאַרפלאַנצן אויך אויסער דעם ווילנער געטאָ. ער האָט פאַר זיין „אידעאָ־לאָגיע“ געזוכט עקספּאַנסיע. ווי עס דרינגט אַרויס פון זיינע פיר בריוו, וואָס

[14] אַרכיוו ייה"א, רינג. 1, נ' 602.

[15] פאַרגליַיך: ב. מאַרק — „דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ“, ז' 137 און ווייטער.

ער האָט געשריבן פֿון ווילנער געטאָ צו יצחק גיטערמאַנען אין וואַרשעווער געטאָ,[16] האָט ער געוואָלט געפֿינען אָנהענגער פֿאַר זיין פֿאַרפֿירערישער טעאָריע צווישן די קולטור-קרייזן פֿון דעם „יידן-באַצירק" אין וואַרשע.

די אונטערערד פֿון וואַרשעווער געטאָ האָט אָפּגעוואָרפֿן די „קולטוריסטישע" טעאָריעס. נישט בלויז די אַרבעטערשאַפֿט, נאָר אויך דער גרעסטער טייל פֿון דער אינטעליגענץ האָט אָפּגעשטויסן די געדאַנקען, אַז געטאָ שאַפֿט אַ מעגלעכקייט פֿאַר אייגנאַרטיקער נאַציאָנאַלער קולטור און אַז אַלץ, וואָס איז אויף יידיש, איז כּשר און הייליק בלויז דערפֿאַר, ווייל דאָס איז געשריבן אינעם קוואַדראַטנעם שריפֿט. דער אונטערערדישער געטאָ-אַרכיוו האָט אַדורכגעפֿירט וועגן דער ערשטער פֿראַגע אַן אַנקעטע צווישן שרייבער און קולטור-טוער. דער רוב ענטפֿערס איז געווען אַ קאַטעגאָרישע פֿאַראורטיילונג פֿון שאַפֿן אַ געטאָ-קולטור, און בּמילא פֿון „קולטוריזם". וואָס איז שייך דעם צווייטן ענין, האָבן די געהעריקע ענטפֿערס געגעבן אין זייערע נאָטיצן שמואל ווינטער און עמנואל רינגעלבלום און דער כּלל ערלעכע שרייבער און קינסטלער, וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן קעגן סתּם קולטור-אימפּרעזעס אָן אַן אידעע. אַזעלכע „קונסט לשם פֿאַרוויילונג"-קאָנצעפּציעס זענען שעדלעך אין אַלע אומשטענדן; אָבער באַזונדערס געפֿערלעך זענען זיי אין די באַדינגונגען פֿון געטאָ און פֿון כּסדר לויערנדיקע ליקווידאַציעס, ווייל נישט בלויז וואָס זיי פֿאַרהאַרבן דעם געשמאַק, נאָר זיי שלעפֿערן איין די וואַכזאַמקייט פֿון דעם טויט-באַדראָטן פֿאָלק. אָט אַזאַ איז געווען די אַרגומענטאַציע פֿון די פֿאָלקס-טרייע קולטור-עלעמענטן אין געטאָ, אַ אַרגומענטאַציע אַ ריכטיקע. און דאָס איז געווען זייער גרויסער פֿאַרדינסט. וואָרעם דער שונא האָט טאַקע פֿאַרשטאַנען די גייסטיקע ראָל פֿון פֿאַרוויילונגס-קונסט און האָט באַגינסטיקט אַזעלכע מינים אימפּרעזעס.

די געטאָ-אַסירים האָבן בדרך כּלל ריכטיק אויפֿגעפֿאַסט די באַציִונג צו ליטעראַטור. ווי מיר האָבן געזען אין דעם אַדורכגעפֿירטן איבערבליק, האָבן די מענטשן געזוכט אין דער ליטעראַטור נישט קיין פֿאַרוויילונג, נישט קיין צייט-פֿאַרטרייב, נאָר אַן ענטפֿער אויף די סאַמע ווייטאָגדיקסטע און ברענענדיקסטע פֿראַגן פֿון דער טראַגישער צייט. סיי די קולטור-שעפֿער, סיי די קולטור-אָפּנעמער האָבן געטאָן זייער אַרבעט, נישט ווייל זיי האָט געשמעקט אַ געטאָ-קולטור, נישט ווייל זיי האָבן געוואָלט בלייבן שטעקן אין אַ קאַלמאַנאָוויטש-געטאָ, נאָר פּונקט פֿאַרקערט — ווייל זיי האָבן געשטרעבט צו מאַכן אַ מאָראַלישן דורכבּרוך אין די אויפֿגעצוווּנגענע געטאָ-ווענט. מיטן פֿולן באַוווּסטזיין איז פֿאַרשטענדיש פֿאַר דעם כּוח פֿון קינסטלערישן וואָרט האָבן די וואַרשעווער געטאָ-קעמפֿער

---

[16] די בריוו שטאַמען פֿון 16-טן פֿעברואַר, 19-טן פֿעברואַר, 23-טן מערץ און 21-טן אַפּריל 1942 און זענען געפֿונען געוואָרן אינעם צווייטן טייל פֿון רינגעלבלום-אַרכיוו (אַרכ. ייה"אַ, רינג. 2, נ' 165).

אָפּגעשאַצט די ליטעראַטור־ווערטן ווי א סוגעסטיוו מיטל, וואָס קאָן העלפן צו מאָביליזירן די מאסע צום קאמף. אזא ארט אויפפאסן די ראָל און שליחות פון ליטעראטור איז פונקט דער היפּוך פון די „קולטוריסטישע" טעאָריעס. און היות דער ספּעציפישער געוויכט פון די ווידערשטאנד־עלעמענטן צווישן דעם עולם קולטור־קאָנסומענטן איז אין ווארשעווער געטאָ געווען גרעסער ווי אין אנדערע „יידן־ראיאָנען", האָט זיך קאלמאנאָוויטשעס טעאָריע דאָ נישט אָנגענומען. דאָס הייסט אָבער נישט, אז אין ווארשעווער געטאָ איז בכלל נישט בנמצא געווען קיין שום מין „קולטוריזם". פונקט ווי אין אנדערע ערטער טרעט די דאָזיקע דערשיינונג ארויס אויך אין ווארשעווער געטאָ; און לאָמיר צוגעבן — זי איז דאָ אַרויסגעטראָטן אין זייער א געפערלעכער, אין א דיווערסאנטישער פאָרם, אזוי ווי דאָס האָט געהאט אַ ארט אויך אין ווילנע און לאָדזש.

מיט דער דאָזיקער דערשיינונג איז כדאי זיך צו באקענען אביסל גענויער.

III

# דיווערסיע אין דער ליטעראַטור

די פאַרשידענע געפערלעכע פאַרפירערישע טעאָריעס, וועלכע רעאַקציאָנערע „אידעאָלאָגן" האָבן אונטערגערוקט דעם טייל שוואך-אָריענטירטע יידישע שרייבער אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, די טעאָריעס, וואָס האָבן פאַקטיש באַטייט די זעלבסטליקווידאַציע פון דער יידישער ליטעראַטור, זענען אין געטאָ אַרויסגעטרעטן נאָך מער חוצפּהדיק, אָבער אָפּטמאָל מער פאַרשטעלט.

הינטער די דאָזיקע „קולטוריסטישע" טעאָריעס אין געטאָ איז אין גרעסטן טייל געשטאַנען דער שונא, דער היטלעריסטישער פעלקער-מערדער. געוויסע אַגענטן פון דעם אָקופּאַנט, פון געסטאַפּאָ, האָבן צוליב פאַרשטעל-צוועקן צוגעטאָן אויפן פאַרטערישן פּרצוף אַ מאַסקע פון פריינד פון דער יידישער קולטור. ווי געזאָגט, האָבן זיך פאַר פריינד פון דער יידישער קולטור פּראָקלאַמירט גענס אין ווילנע, רומקאָווסקי אין לאָדזש, מערין אין בענדין.

אין דעם גרעסטן געטאָ, אין וואַרשע, האָט דער יודענראַט דאָס אפילו נישט געפּרוווט. טשערניאַקאָוו, ליכטענבוים, שטאָלצמאַן און די אַנדערע בורזשואַזע אַסימילאַטאָרן האָבן אין באַצוג צו דער יידישער קולטור קאָנטינואירט די אַלטע ניהיליסטישע באַציונג פון די פריערדיקע קהילה-פאַרוואַלטונגען פון דער הויפּטשטאָט. דער אויסדרוק פון זייער צוגאַנג צו יידישע קולטור-פראַגן איז געווען די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ" — דער אָרגאַן פון די יודענראַטן אין וואַרשע, קראָקע און לוואָוו. די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ" האָט, מחמת זי איז דערשינען אין פּויליש און האָט אידעאַליזירט דעם יודענראַט, נישט געהאַט קיין סך שאַנסן אָפּצונאַרן דעם עולם מיט דער מאַסקע פון פריינדשאַפט פאַר דער יידישער קולטור.

דאָס, וואָס האָט דער „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ" געקאָנט ווייניקער געלונגען, האָט זיך אַביסל מער איינגעגעבן אַ צווייטן צענטער פון „קולטוריסטישער" דיווערסיע אין וואַרשעווער געטאָ.

די ראָל פון „אמתע פריינד“ פון דער יידישער קולטור האָט אין וואַרשעווער געטאָ אויף זיך גענומען די געסטאַפּאָ=עקספּאָזיטור פון דעם אַלטן דייטשישן שפּיאָן אברהם גאַנצווייך, וועלכע איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „דרייצנטל“ (פון לעשנאָ 13, וווּ עס האָט זיך געפונען גאַנצווייכס ריזידענץ).

אַזוי אַרום — כדי צו דערקענען די צענטערס פון דיווערסיע קעגן דער אמתער יידישער ליטעראַטור — מוזן מיר זיך באַקענען מיטן כאַראַקטער פון אָט די צוויי עלעמענטן: „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“ און „דרייצנטל“.

די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“ איז געווען דער איינציקער לעגאַלער — מיט דער ברכה פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַנטישער מאַכט — פּרעסע=אָרגאַן אין דער גענעראַל=גובערניע.[1] דער טיטל און די שפּראַך פון דער צייטונג זענען געווען אין פּויליש. ביים פּוילישן טיטל האָט אויך פיגורירט א יידישער אויפשריפט „יודישע צייטונג“.

דער ערשטער נומער פון אָט דער שוין פון ערשטן מאָמענט פאַרדעכטיקטער צייטונג איז דערשינען דעם 23=טן יולי 1940. צוערשט איז דאָס געווען דער האַלב=אָפיציאָז פון די יודענראַטן פון קראָקע און וואַרשע; נאָכן אָקופּירן דורך די היטלעריסטן די געגנטן פון מערב=אוקראַינע, איז צו אָט די צוויי אַרויסגעבער צוגעקומען נאָך איינער — די קאָלאַבאָראַנטן פון לוואָווער געטאָ.

לכתחילה איז די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“ דערשינען צוויי מאָל א וואָך, דערנאָך — פון דעם 1=טן יוני 1941 — דריי מאָל.

קיין סך אָפּנעמער האָט די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ נישט געהאַט. די יידן האָבן שוין ליבערשט געוואָלט אַרויסלייענען צווישן די שורות אין די אָפן=היטלעריסטישע, דייטשישע צייטונגען, איידער נעמען אין האַנט אַריין דעם פּאַרעטערישן אָרגאַן פון די „היימישע“ קאָלאַבאָראַנטן. איבעריקנס האָבן יידן געלייענט די אונטערערדישע פּרעסע, סיי די יידישע, סיי די פּוילישע, וווּ מען האָט באַקומען נישט בלויז אַן אמתע ידיעה, נאָר אויך א וואָרט פון טרייסט.

די אַרויסגעבער פון „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“ האָבן דעריבער געמאַכט באַמיונגען ביי דער אָקופּאַנטישער מאַכט, מען זאָל אין געטאָ נישט אַריינלאָזן נישט די דייטשישע, נישט די פּויליש=קאָלאַבאָראַנטישע פּרעסע. די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“ איז טאַקע געווען א נייטיקער אינסטרומענט פאַר דער היטלעריסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די איינוווינער פון געטאָ, וואָרעם די אָקופּאַנטישע מאַכט איז נאָכגעקומען דער בקשה פון די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“=רעדאַקטאָרן, און פון 1=טן מאַי 1941 איז די דאָזיקע שמאַטע=צייטונג געבליבן די איינציקע אויפן לעגאַלן פּרעסע=מאַרק אין געטאָ, אָן קאָנקורענץ מצד אַנדערע צייטונגען פונעם אָקופּאַנט

[1] אין לאָדזשער געטאָ איז דערשינען די „געטאָ-צייטונג“ (אין יידיש), אין ווילנע — „ידיעות“.

דער ווייטערדיקער, בקיצורדיקער איבערבליק פונעם אינהאלט פון א ריי נומערן „גאזעטא זשידאָווסקא" וועט בולט כאראקטעריזירן דעם פּרצוף פון אָט דעם יודענראטישן אָרגאַן.

יעדער נומער פון דער „ג. זש." איז פול מיט פּסוקים פון דער תורה און מיט זיסלעך־סענטימענטאַלע באשרייבונגען פון ארץ־ישראל. נעבן סטאַבילע רע־צענזיעס פון די יידישע טעאטערן אין ווארשע, וועלכע האָבן זיך געהאלטן ביים פּרינציפּ פון „קונסט לשם פאַרווײַלונג", זעען מיר א רעגולערן קורס פון דער העברעישער שפּראַך. נעבן דער כסדר פאָרסירטער איינשטעלונג, אז יידן זענען אין אייראָפּע א פרעמדער און איבעריקער עלעמענט — לויב־געזאנגען פארן יודענראט, פאר דער געטאָ־פּאָליציי, פאר די ארבעט־באטאַליאָנען און פארן גאַנצן סיסטעם פון געטאָ. שמן־זיתדיקע יידישקייט געפּאָרט מיט אפּאָלאָגיע פון חסידות און אונטערגעשלאָגן מיט אלט־באקאנטן גאַש־פּשעגלאָנדיזם. און דאָס אלץ אין שכנות אויף איין שפּאלט מיט דער אידעאליזאציע פון דעם אָנגעוואָרפענעם געטאָ־רעזשים.

שוין אינעם נומער 1 פון דער „ג. זש." לייענען מיר א פעליעטאָן, אונטערגע־שריבן „ווארשאי" (געווים: דער העברעישער שרייבער יהודה ווארשאוויאק), מיט א לויב־געזאנג פאר דער געטאָ־פּאָליציי. אינעם נומער 42 פארעפנטלעכט אַ געוויסער ארטור מאנדעל א צווייטן לויב־געזאנג פאר די ארבעט־באטאַליאָנען, דאָס הייסט — פאר די כאפּערייען און טויט־געפערלעכער צוואנגס־ארבעט אין די ערשטע פיין־לאגערן. אינעם נומער 1 פון יאָר 1941 רופט א. מ. ראָגאָווי, דער געוועזענער שעף־רעדאקטאָר פון אגודהשן „טאָגבלאט" און איינער פון די זיילן פון דער „ג. זשידאָווסקא", זיינע לייענער, זיי זאָלן האָבן א פּאָזיטיווע באַציונג צום יודענראט. דער בירגערלעכער פעליעטאָניסט באָגטשע (ראָזענפעלד) באזינגט אינעם נומער 10 פון יאָר 1941 די געטאָ־פּאָליציאנטן מיט אזעלכע הויכע טענער, אז ער פארגלייכט זיי אזש צו... אליהו הנביא. אליהו הנביא יאוועט זיך ביי אים צום סדר אין געשטאַלט פון א פּאָליציאנט. אינעם נומער 18 פון יאָר 1941 באזינגט דער יידישער רעפּאָרטער הערמאן טשערווינסקי, א געוועזענער פשאָדאָווניק פון דער פוילישער פּאָליציי, די געטאָ־גאס און זעט דאָרטן נישט קיין איין פּגם. ער רופט אָן זיין ארטיקל: „די סימפאָניע פון דער גאס". אין די ווײַ־טערדיקע נומערן האָבן מיר ווידער אן אידעאליזאציע פון דער פּאָליציי. בפרט צייכנט זיך אויס אין דעם זינגען לויב־געזאנגען פאר די פּאָליציי־יונגען דער זשורנאליסט חיים שטאַרק פון יאסלאָ.

די „ג. זש." פלעגט אויך דרוקן אקטועלע „ליטעראַרישע" שאפונגען. לאָמיר ברענגען א מוסטער פון אזא מין יודענראט־פּאָעזיע. אינעם נומער 49 פון 20־טן יוני 1941 איז אָפּגעדרוקט געוואָרן א ליד פון א געוויסן דיכטער, צי דיכטערין, וועלכע באהאלט זיך אויס אונטער די ראשי תיבות ר. ל. דאָס ליד הייסט:

„ביי די פיס פון גאָט", און זיין מוסר השכל איז, אז אמת גליק ווערט געבוירן אין יסורים. עס איז קלאָר, אז די דאָזיקע „פּאָעזיע" איז ווויל געפעלן געוואָרן די יודענראַטישע רעדאַקטורים. זיי האָבן אונטערגערוקט דעם ליידנדיקן עולם דעם „געדאַנק", אז עס לוינט זיך צו ליידן, אז ליידן איז א געבענטשטע זאַך. אָט די אַלטע רעאַקציאָנער-ראָמאַנטישע „אידעע" האָט אין געטאָ — דורך דער גראַפּאָמאַנישער „גאַזעטאַ זשידאָווסקא"-פּאָעזיע — געהאַט איר באַזונדערן געפערלעכן, דעמאָביליזירנדיקן אויסדרוק. אין די ווערק פון די אמתע ליטעראַטור-שעפער אין געטאָ האָבן מיר קיין שפּור פון אָט דער פאַלשער „אידעאָלאָגיע", פון דער אַפּאָלאָגיע פון ליידן ווי א גליק, כמעט נישט געפונען.

די „ג. זש." איז געווען דער שופר פון טשערניאַקאָוו און איינצייטיק אויך פון גאַנצווייכן. די צייטונג איז שאַרף באַקעמפט געוואָרן אין דער אונטערערדישער געטאָ-פּרעסע. די צייטונג האָט אַרויסגערופן אַן עקל ביי יעדן ערלעכן מענטש. דער בירגערלעכער שרייבער און פּעדאַגאָג חיים-אהרן קאַפּלאַן, א מענטש פון אַלטן שניט, אָבער מיט אַן אַנטי-יודענראַטישער איינשטעלונג, כאַראַקטעריזירט אין זיין טאָג-בוך, אין דער נאָטיץ פון 23-טן יולי 1940, די „גאַזעטאַ זשידאָווסקא" מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „די „גאַזעטאַ זשידאָווסקא" איז א שרעקלעכער שווינדל. לויט איר קומט אויס, אז ביי אונדז (אין געטאָ) איז אַלץ כשורה. אַלע האַלטן, אז דער אמתער אַרויסגעבער פון דער צייטונג איז דער אָקופּאַנט. די צייטונג איז געבוירן געוואָרן אין טומאה".

די יודענראַטישע רעדאַקטאָרן פון דער „ג. זש." האָבן זיך באַמיט צו קאָרומפּירן און צו געווינען פאַר דער צייטונג די סאַמע חשובסטע בירגערלעכע יידישע פּובליציסטן און שרייבער. אָבער דער כלל פּובליציסטן און שרייבער האָט באָיקאָטירט די „גאַזעטאַ זשידאָווסקא". „אין „גאַזעטאַ זשידאָווסקא" — פאַרצייכנט רינגעלבלום אין איינער פון זיינע נאָטיצן זומער-צייט 1941 — באַטייליקט זיך נישט קיין שום אָרנטלעכער זשורנאַליסט".

אָבער געוויסע בורזשואַזע פּען-מענטשן האָבן זיך יאָ אַנגאַזשירט אין דעם שמאַטע-אָרגאַן פון אָקופּאַנטס חסד. די הויפּט-מיטאַרבעטער און לייט-אַרטיקל-שרייבער זענען געווען: די אגודהשע זשורנאַליסטן א. מ. ראָגאָווי און הלל זיידמאַן, וועלכע שרייבן טיילווייז אונטער די אייגענע פולע נעמען און אָפט אונטער ראשי-תיבות; צו די ווייטערדיקע שטענדיקע מיטאַרבעטער פון „ג. זש." געהערן: גאַנצווייכס מענטש יהודה וואַרשאַוויאַק, וועלכן רינגעלבלום רופט אָן: „פאַרשאַוויאַק"; דער יודענראַט-באַאַמטער הערמאַן טשערווינסקי, אַן אַלטער קרימינאַליסטיק-רעפּאָרטער און א יוצא ונכנס אין דער אַלטער און נייער (געטאָ-) פּאָליציי — ער איז געווען דער ממונה איבער טעאַטער-ענינים; ווייטער — די יידיש-נאַציאָנאַליסטישע פּוילישע שרייבערין פון קראָקע מאַרטע הירשפּרונג. עס זענען אויך געווען עטלעכע נייע „שטערנס", ווי מ. שוואַרצמאַן, ח. שטאַרק, א. מאַנדעל;

דער רעוויזיאָניסט אלעקסאנדער ראָזענפעלד, דער זון פון דעם פעליעטאָניסט באָנטשע. דער אלטער באָנטשע האָט אויך, ווי מיר האָבן שוין געזען, מסתמא געווען זיין פעדער אין דער „ג. זש.“ זיין זון, אלעקסאנדער ראָזענפעלד, וועלכער איז געווען א סטאַבילער מיטארבעטער פון דער יודענראט-צייטונג, האָט אין דעם לעצטן פעריאָד פון געטאָ פארביטן די פארקויפטע פען אויף א שטעקן פון אַ יווערקשוץ ביי די טויערן פון א „שאָפּ“.

א קורצע צייט האָבן געשריבן פאר דער „ג. זש.“ דער יידישער הומאָריסט מאָטקע טיקאָטשינסקי („טיק-טאַק“) און דער פויליש-יידישער הומאָריסט יוראנד. עטלעכע מאָל טרעפן מיר אויף די שפאלטן פון דער שמאַטע-צייטונג די בורזשואזע היסטאָריקער ד״ר עדמונד שטיין פון ווארשע און ד״ר יאקוב שאַל פון לוואָוו, וועלכע דרוקן גאנצע ציקלען „היסטאָריאָזאָפישע“ מאמרים. צוויי מאָל טרעפט אויך אויף אויף די שפאלטן פון דער „ג. זש.“ דער אלטער באקאנטער בירגערלעכער פובליציסט שואל סטופניצקי (אין די נומערן 39 פון 16-טן מאי 1941 און 43 פון 30-טן מאי פון זעלביקן יאָר — אַרטיקלען אויף אַקטועלע טעמעס וועגן דערציונג וכדומה).

די דאָזיקע ידיעות קאָנען, נאַטירלעך, נישט אויסשעפן אלע פערזענלעכע פארבינדונגען פון געוויסע מענטשן מיט דער „ג. זש.“

ווי עס דרינגט אָבער ארויס פון דעם קורצן איבערבליק פון די הויפט-מיטארבעטער פון דער „ג. זש.“, האָט זיך דער ווייט גרעסטער טייל יידישע שרייבער און פובליציסטן געהאלטן זייער ווייט פון אָט דעם יודענראטישן אָרגאַן. צווישן זיינע מיטארבעטער, צווישן די נעמען פון די געדרוקטע מחברים, געפינען מיר נישט קיין איין אמתן יידישן שרייבער, קיין איין יידישן ליטעראַטור-קינסטלער, וואָס האָט געלעבט אין געטאָ! שוין דאָס איז דער גרעסטער לויב פאר די יידישע שרייבער פון געטאָ, וועלכע האָבן דאָך געלעבט אין שווערלעכע מאטעריעלע באדינגונגען. קיין איינער פון זיי האָט זיך נישט געלאָזט קאָרומפירן דורך דער „ג. זש.“. פון צווישן די פובליציסטן און פעליעטאָניסטן באַגעגענען מיר בלויז א פיר-פינף נעמען: שואל סטופניצקי, באָנטשע-ראָזענפעלד, ורשאַי (וואַרשאַוויאַק), מ. א. ראַגאָווי און הלל ויידמאַן. די נעמען פון די ערשטע צוויי פארשווינדן שנעל פון די „גאזעטא זשי-דאָווסקאַ“-שפאַלטן. די לעצטע צוויי אַרבעטן מיט ביזן סוף אין דעם פאַרעטערישן בלעטל.

אויב דער „גאזעטא זשידאָווסקא“ איז נישט געלונגען צו געווינען קיין איין ערלעכן יידישן שרייבער, האָט דאָס אביסל מער באוויזן דאָס „דרייצנטל“, אָבער אויך אין א מינימאַלער מאָס. גאנצווייך האָט ביטערע אויסגעשפרייט זיין נעץ און אין דער ערשטער צייט געפאנגען עטלעכע בירגערלעכע פען-מענטשן, בעיקר פון די העברעיסטישע און רעוויזיאָניסטישע קרייזן. ביים דאָזיקן דערפאָלג פון גאנצ-

ווייכס פערפידער ריוועדסיע האָבן געווירקט צוויי מאָמענטן: גאַנצוויך האָט פאַרמאָגט מער געלט־מיטלען צו קאָרומפּירן מענטשן, איידער די „גאזעטא זשידאָווסקא"; און — דער הויפּט־גזלן פון „דרייצנטל" האָט אָפּערירט מיט אַזאַ נאַציאָנאַלער און קולטוריסטישער דעמאַגאָגיע, וועלכע די „ג. זש.", וואָס איז געפּענטעט געווען דורך די אָפּן־אַסימילאַטאָרישע און משומדים־פריינדלעכע יודענראַטן, האָט נישט געקאָנט באַנוצן.

די יידישע און העברעישע שפּראַך און די דעקלאַראַציעס וועגן זיין ליבשאַפט צו דער יידישער קולטור האָבן גאַנצוויכן געדינט פאַר זיינע ריכטיקע צוועקן: פאַר זיין געסטאַפּאָ־ און שפּיאָנאַזש־טעטיקייט אויפן געביט פון געטאָ און צייטווייז אַפילו ווייט מחוץ זיין תחום. אויף אַן ענלעכן אופן האָט זיך רומקאָווסקי געריימט, אַז ערשט אונטער זיין ממשלה איז יידיש געוואָרן אַ „רעגירונגס־שפּראַך" (אין געטאָ). און גענס אין ווילנע האָט זיך דעקלאַרירט פאַרן פּראָטעקטאָר פון דער יידישער ליטעראַטור און טעאַטער.

דאָס אַלץ האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו פאַרטיפן די אילוזיעס, צו קרעפטיקן די טעאָריע, אַז נאָר אין געטאָ וועט זיגן יידיש און וועט בליִען אַן אייגנאַרטיקע יידישע נאַציאָנאַלע קולטור און דעריבער — איז געטאָ אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג אין יידישן לעבן.

גאַנצוויך האָט געהאַט אַ ספּעציעלן מענטשן, וואָס האָט געפירט אַ הילכיקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר די „גרויסע קולטור־פּערספּעקטיוון", וועלכע עס עפנט פאַר די יידישע שרייבער און קינסטלער דאָס „דרייצנטל". דאָס איז געווען דער העברעישער שרייבער יהודה וואַרשאַוויאַק. גאַנצוויך האָט געשטרעבט זיך אַרומצורינגלען מיט אָנגעזעענע שרייבער, וויסנשאַפטלער און קינסטלער, כדי אַזוי אַרום צו שאַפן אַרום זיך אַ נאָמען פון אַ מעצענאַט און קולטור־פריינד און דורך דעם דעקן זיינע אמתע מעשים און זיין ווירקלעכן פּרצוף. וואַרשאַוויאַק, מיט וועלכן גאַנצוויך האָט עפנטלעך גערעדט העברעיש, האָט ווערבירט קאַנדידאַטן פאַר זיין שעפס „קולטור־בונד", וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ קעגנווירקונג צום אומלעגאַלן אַנטיהיטלעריסטישן ייקאָר. די ערשטע האָבן זיך געשטעלט אויפן רוף פון דעם נייעם „משיח" פון דער יידישער קולטור די רעוויזיאָניסטישע זשורנאַליסטן לייזעראָוויטש, פעלדשו און ליפּמאַן. ליידער, זענען שפּעטער אין דער נעץ געפאַלן געוואָרן — ווי עס טיילט מיט רינגעלבלום — „אַ טייל אָרנטלעכע לייט", וועלכע האָבן זיך — ווער אַ לענגערע, ווער אַ קורצערע צייט — געדרייט אַרום גאַנצוויכס קולטור־מיראַזש. צווישן זיי טרעפן מיר די נעמען פון שאול סטופּניצקי און ד"ר לייפּונער. דער זעלביקער גוט־אינפאָרמירטער רינגעלבלום גיט אויך איבער, אַז אין דער נעץ פון גאַנצוויכס צווייפּנימדיקייט און פון וואַרשאַוויאַקס פּראָפּאַגאַנדע זענען אין משך פון אַ געוויסער, קורצער צייט אַריינגעפאַלן: הלל צייטלין, דער באַקאַנטער אַקטיאָר סאַמבערג, יאַנוש קאָרטשאַק, דער

היסטאָריקער ד״ר שיפּער, וועלכער „האָט זיך געלאָזט פאַרבעטן צו אים אויפיש אויף פריטיק“ און אַפילו — יצחק קאַצענעלסאָן (נאָטיץ פון 10=טן יוני 1941).

די פּראָפּאַגאַנדיסטן פון „דרייצנטל“ האָבן גאַנץ געשיקט אויסגענוצט די ראָזיקע באַקאַנטע נעמען אין די בירגערלעכע קרייזן און געטרומייטערט איבערן גאַנצן געטאָ, וואָס פאַר אַ גרויסע מענטשן עס זענען גאַנצווייכס מקורבים, וואָס פאַר א באַרימטקייטן עס קומען צו אים אהיים און אין זיין ביוראָ.

גאַנצווייך האָט זיך מיט די געכאַפּטע אין נעץ שרייבער געהאַלטן מעשה פאַר=קאָלעגע. ער האָט זיך טיטולירט: „פאַן רעדאַקטאָר“. ער האָט טאַקע געשריבן אויך: וועכנטלעכע באַריכטן פאַר דער געסטאַפּאָ. ווי מען האָט געזאָגט, האָט ער געפירט אַ טאָג=בוך, וועלכער איז אָבער פאַרלוירן געגאַנגען.

אַ טייל פאַרפירטע פון וואַרשאַוויאַקס פּראָפּאַגאַנדע האָבן זיך שנעל געכאַפּט, ווו זיי זענען פאַרקראָכן און אַנטלאָפן פון גאַנצווייכס ד׳ אמות. אַזוי האָט געהאַנדלט קאַצענעלסאָן, קאָרטשאַק, צייטלין און אַנדערע. דער רעוויזיאָניסט לייזעראָוויטש און וואַרשאַוויאַק זענען געבליבן „אויפן פּאָסטן“ ביזן סוף. שמואל ווינטער גיט איבער אין זיינע נאָטיצן פון פעברואַר 1943, אַז לייזעראָוויטש האָט אין יענער ערב=אויפשטאַנד=צייט נאָך אַלץ אַגיטירט פאַר גאַנצווייכן, פאָרשטעלנדיק אים ווי אַ נייעם משיח. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען גאַנצווייך האָט אָרגאַניזירט אַ דיווערסאַנטישע „קאַמפס=אָרגאַניזאַציע“, וועלכע האָט — אויפן באַפעל פון געסטאַפּאָ — געדאַרפט אַרויסנאַרן די יידן פון די באַהעלטענישן און זיי אַרויסליפערן אין די הענט פון די עס=עס=לייט, אונטער׳ן תירוץ, אַז מען דאַרף אַרויסגיין אין גאַס, כדי צו מאַכן (פריצייטיק) אַן אויפשטאַנד.

ווען מיר מאַכן א קורצן סך=הכל וועגן די פּען=מענטשן, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַנגען אין גאַנצווייכס נעץ, דערזעען מיר גאַנץ לייכט, אז א חוץ א צוויי=דריי העברעיסטן=רעוויזיאָניסטן, שרייבער פון א גאַנץ צווייטלאַפּטן ווערט, און אַ חוץ הלל צייטלין און יצחק קאַצענעלסאָן, וועלכע האָבן שנעל איבערגעריסן די באַציונגען מיטן „משיח“ פון געסטאַפּאָ=חסד, האָבן זיך די יידישע שרייבער נישט געלאָזט כאַפּן אויף גאַנצווייכס און וואַרשאַוויאַקס פעטער ווענדקע. און לאָמיר נאָכאַמאָל צוגעבן — טראָץ דעם, וואָס די גרעסטע מערהייט שרייבער אין געטאָ האָט אויף א שוידערלעכן אופן געהונגערט, געליטן נויט און קעלט צוזאַמען מיט זייערע משפחות.

אָט אַזוי האָבן די צוויי גרעסטע „פעסטונגען“ פון „קולטוריזם“ אין וואַרשעווער געטאָ פולשטענדיק באַנקראָטירט. זייער „מיסיע“ האָט זיך נישט איינגעגעבן. פּונקט אַזוי זענען די שרייבער געבליבן קאַלט אויך לגבי די טעאָריעס פון דעם רעוויזיאָניסטישן „אונטערערדישן“ אָרגאַן „מגן דוד“.

דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַן אין וואַרשעווער געטאָ „מגן דוד“ (געפינט זיך אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט) האָט געשאַפן די „טעאָרעטישע“ באַזע פאַר דער נאַציאָנאַליסטישער מיסטיק: צוריק אין געטאָ. די רעוויזיאָניסטישע פובליציסטן האָבן אויף זייער אופן קאָמענטירט דעם „געטאָ-קולטויזם“ פון זעליג-הירש קאַלמאַנאָוויטש.

לאָמיר זיך באַקענען אין קורצן מיט די טעזן און אויספירן פון דעם הויפּט-מאמר „איזאָלאַציע“, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין רעוויזיאָניסטישן „אונטערערדישן“ געטאָ-אָרגאַן „מגן דוד“.

דער מחבר, אָדער די מחברים הייבן אָן פון א קוואַטש-פילאָזאָפיע מכוח דעם, אַז די יידישע געשיכטע באַשטייט פון „אייביקן געראַנגל צווישן גאָט און פאָלק“. „די וועלט-געשיכטע — שרייבן ווייטער די רעוויזיאָניסטישע „היסטאָריאָזאָפן“, — איז נאָר די פאָרגעשיכטע פון יידישן פאָלק. אשור (אסיריע) איז בלויז דער שטעקן, מיט וועלכן גאָט שלאָגט די יידן; פאַר זיך אַליין האָט אשור נישט קיין שום עקזיסטענץ-נויטווענדיקייט“...

„אין דער דאָזיקער מסורהשער אויפפאַסונג איז דאָ א שטיק אמת, — לייענען מיר ווייטער אין „מגן-דוד“, — ווייל יידן האָבן זיך פון צייט צו צייט פאַרגאַלאָפּירט אין זייערע היסטאָרישע אויסרעכענונגען און האָבן נישט תופס געווען דעם מהות פון געשיכטלעכן ראָד. די יידישע זינד באַשטייען אינעם אָפּקער פון יידישן גאָט און יידישן זעלבשטענדיקייט-מהות. דאָס איז געווען א פועל-יוצא פון דער אויפפאַסונג, אַז עס איז שוין „ומלאה כל הארץ דעה“, אַז די אַרומיקע סביבה איז שוין דערוואַקסן צום העכסטן אידעאַל פון „וגר זאב עם כבש“,[2] און דעריבער איז נישטאָ קיין נויטווענדיקייט פון איזאָלאַציע, פון זעלבסטלעבן“.

אָט אזוי וויקלען פאַנאַנדער די רעוויזיאָניסטישע „היסטאָריאָזאָפן“ זייער באַשולדיקונגס-אקט קעגן... יידישן פאָלק. נישט דער אימפּעריאַליזם איז שולדיק, נישט דער ראַסיזם, נישט די אַגרעסיווע מלחמות, נישט דער היטלעריזם, נאָר די יידן אַליין, ווייל: זיי האָבן געגלויבט אין פּראָגרעס פון דער מענטשהייט. צו אַזאַ אַנטינאַציאָנאַלער, אַנטי-יידישער דרשה האָבן זיך געקענט דעררעדן נאָר פאַשיסטן, ביי וועלכע דער „דוטשע“ מוסאָליני איז געווען אַן אָפּגאָט און וועלכע האָבן געפילט א פאַראַכטונג צום אייגענעם פאָלק. פאַרגלייכט די דאָזיקע ווערטער מיט דעם טאָג-בוך פון זעליג קאַלמאַנאָוויטש און איר וועט זען, אַז ביידע רעדן די זעלביקע שפראַך: שולדיק פאַרן טרויעריקן מצב איז נישט דער תלין, נאָר דער קרבן, דער ייד.

די רעוויזיאָניסטישע פובליציסטן האָבן אָבער אַן עצה, ווי אזוי צו ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק פון אונטערגאַנג. דאָס איז: איזאָלאַציע אין געטאָ.

---

[2] „און עס וועט צוזאַמען וווינען א וואָלף מיט א שעפּעלע“.

לאָמיר לייענען ווייטער דעם מאמר פֿון „מגן דוד“:

„איצט, נאָך דער אנטוישונג קומט די באַזינונג, אַז די יידישע אומה[3] מוז זיך נאָך איזאָלירן, כדי צו וואַרטן אויף בעסערע צייטן. און דווקא אין איזאָלאַציע=תקופות זענען דאָ מעגלעכקייטן צו גרויסע אינערלעכע פּאַרטיפֿונגען“.

דער איצטיקער אויסדרוק פֿון איזאָלאַציע איז — לויט דעם „מגן=דוד“ — געטאָ. די פֿאַשיסטישע צייטונג מאַכט אַן אָנשטעל און „באַוואָרנט“ זיך, אַז נישט אַזאַ איזאָלאַציע איז זי אויסן, אָבער דער רוף צו אַליינאיזאָלאַציע האָט בפֿרט אין די אָקופּאַציע=באַדינגונגען באַטייט: מסכים זיין אויף אַ געטאָ.

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דעם דאָזיקן איזאָלאַציע=מאמר האָט געשריבן איינער פֿון די רעוויזיאָניסטישע שריפֿטשטעלער, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט זשאַבאָטינסקין. אָבער נישט וויכטיק איז, ווער עס איז דער קאָנקרעטער מחבר פֿון דעם געטאָ=באַזאָרגדיקן אַרטיקל. וויכטיק און כאַראַקטעריסטיש איז דער פֿאַקט גופֿא, די „טעאָריע“ אַלס אַזעלכע אין די באַדינגונגען פֿון געטאָ.

דער „מגן דוד“, ווי אַן עכטער פֿאַשיסטישער אָרגאַן, וויקלט איין די געטאָ=אַפּאָלאָגעטיק אין אַ ווייַרויך פֿון נאַציאָנאַלער און כאַציאַלער דעמאַגאָגיע, אין אַ געשריי וועגן פּאַרטעטער, רענעגאַטן, פֿרעמדע אַגענטן וכדומה.

דער כלל יידישע שרייבער אין געטאָ האָט זיך נישט געלאָזט פֿאַנגען אין דער נעץ, וואָס איז פֿאַנאַנדערגעשפּרייט געוואָרן דורך דער „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“ און דורך זשאַבאָטינסקין און האָט זיך אויך נישט געלאָזט כאַפּן אויף דער דעמאַגאָגיע פֿון די רעוויזיאָניסטישע „היסטאָריאָזאָפֿן“, וועלכע האָבן אין איר איינגעוויקלט אַ „קולטוריזם“ פֿון ערגסטן מין, אַ „קולטוריזם“ פֿון אַליינאיזאָלאַציע און אַליינליקווידאַציע.

מיט דערנער איז געווען פֿאַרשפּרייט דער וועג פֿון דעם יידישן שרייבער אין געטאָ. אָבער — הונגעריק, נישט־ליידנדיק און באַרויבט פֿון די עלעמענטאַרסטע לעבן= און שאַפֿונגס=מעגלעכקייטן — האָט ער ווירדיק אָפּגעהיט און געטראָגן דאָס עכטע יידישע וואָרט און איינגעגעם מיטן ליידנדיקן פֿאָלק דורכגעמאַכט דעם גאָלגאָטע=וועג, וועבנדיק דעם טרוים וועגן נקמה, ווידערשטאַנד און מאָראַלישן נצחון.

---

[3] פֿאָלק.

IV

# דער גורל פון די שרייבער

ווארשע, וועלכע איז פון פריצעס צייטן געווען דער גרעסטער און וויכטיקסטער צענטער פון דער יידישער ליטעראטור אין פוילן, האָט אויך אין דער פינצטערער אָקופּאציע־תקופה אַנגעזאמלט די גרעסטע צאָל יידישע שרייבער. ווארשע איז אין די יאָרן 1940—1942 אויך געווען דער גרעסטער צענטער — אויפן שטח פון אַלע אָקופּירטע געביטן — וואָס האָט ביי זיך קאָנצענטרירט, פונקט ווי פאַר דער מלחמה, די גרעסטע, הן אין כמות, הן אין איכות, צאָל יידישע זשורנאַליסטן, היסטאָריקער, פּלאַסטיקער, אַרטיסטן, פּעדאַגאָגן, קולטור־טוער און אַרום־ליטעראטור־מענטשן. א גרויסער טייל שרייבער האָט פארלאָזט ווארשע אין די ערשטע טעג פון דער דייטשישער אגרעסיע און שפּעטער, נאָך דער העלדישער פארטייריקונג פון דער הויפּט־שטאָט און נאָכן אַריינמאַרשירן פון די היטלעריסטישע חיילות. דריי שרייבער זענען אומגעקומען אין אָנהייב פון דער מלחמה: דער באַקאַנטער פּראָזאַיקער שמעון האָראָנטשיק איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד בעת אַנטלויפן פון באָמבארדירטן ווארשע, איבערשגייענדיק זיך מיט א מעסער דעם האַלדז; דער מחבר פון אויטאָביאָגראַפישע ראָמאַנען פון א געוועזענעם קרימינאַליסט, פארבעראָוויטש („אורקע נאַכאַלניק“), איז דערשאָסן געוואָרן אין דער ערשטער צייט דורך די רוצחים פון רייכסווער אין אָטוואָצק אונטערן אויסרייד, אַז ער האָט באַגאָסן די דייטשישע זעלנער מיט קאָכעדיק וואַסער; דער אַלטער פעליעטאָניסט ליפּע קעסטין, וועלכער איז אַוועק פון וואַרשע אין די ערשטע מלחמה־טעג, איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן אין לוקעווע. אין אונטערערדישן ארכיוו פון ווארשעווער געטאָ געפינט זיך א באשרייבונג פון אַן אַנאָנימען עדות־ראיה וועגן דעם מאָרד פון אַלטן יידישן שריפטשטעלער; די באַשרייבונג איז דאַטירט דעם 21־טן אַפּריל 1941. לאָמיר ברענגען די פולע שילדערונג פון דעם מאָרד איבער א יידישן שרייבער ווי א כאַראַקטעריסטישן דאָקו־

מענטש פון דעם אכזריותדיקן טעראָר פון די נאַציִשע פעלקער=מערדער שוין אין דעם ערשטן פעריאָד פון זייער אגרעסיע אויף פוילן. די שילדערונג געפינט זיך אין ערשטן טייל פון רינגעלבלום=ארכיוו:

## די דערמאָרדונג פון ליפּע קעסטין

„מיגלעך, אַז די געשיכטע פון דעם בעסטיאַלישן מאָרד פון באַקאַנטן יידישן זשורנאַליסט און שריפטשטעלער ליפּע קעסטין איז שוין פאַרצייכנט געוואָרן דורך אנדערע, לאָמיר אָבער אויך דערציילן דעם חוב פון פאַררעגיסטרירן דעם טראַגישן סוף פון ל. ק. לויט דער דערציילונג פון אן עדות=ראיה.

ל. ק. איז צוזאמען מיט אנדערע זשורנאַליסטן אוועק פון ווארשע אין דער נאַכט פון 6=טן אויפן 7=טן סעפּט. 1939, געגאַנגען איז ער אַזוי ווי פיל הונדערטער טויזנטער אנדערע מיטן וועג קיין שעדלעץ. דער גיהנום=וועג איז דער געשיכטע שוין גוט באקאנט און מיר ווען אים דאָ נישט באשרייבן. דער פינצטערער גורל האָט ל. ק. פארטראָגן מיט זיין 18=יעריקן זון קיין לוקאָוו. דאָרטן האָבן אים די דייטשן דעריאָגט. אויפן צווייטן טאָג איז ל. ק. צוזאמען מיטן זון געשטאנען אין א לאָנקע (? — ב. מ.) פאר א בעקעריי, ווענדיק קריגן דאָרט א שטיקל ברויט. אין דעם מאָמענט זענען אריינגעפאָרן אין שטאָט אויף עטלעכע מאָטאָציקלען אן ערך 20 דייטשישע מיליטער=לייט. די מאָטאָציקלען האָבן זיך אָפּגעשטעלט און באלד האָט זיך דערהערט „יודען, ראוס“. אן ערך 70 יידן האָט מען געהייסן גיין אויפן מארק און דאָרט האָט מען זיי באפוילן אוועקשטעלן זיך מיטן פנים צו דער וואנט. באלד האָט זיך דערהערט די סאלווע פון א קוילן=ווארפער. א גאנצן טאָג האָט די יידישע באפעלקערונג אין לוקאָוו מורא געהאט ארויסצוגיין פון זייערע לעכער, ווו זיי האָבן זיך געהאט פארשטעקט. ווען זיי זענען ענדלעך ארויס אויפן מארק, האָבן זיי בלויז געקאָנט באוויינען די 70 קדושים. צווישן זיי אויך ליפּע קעסטין מיטן זון, וועלכע האָבן זיך אין דער לעצטער רגע פעסט ארומגענומען און אזוי געפאַלן. געווען איז דאָס אין 19 אָקטאָבער 1939.

21—4—1941.“

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דעם גיהנום=וועג פון די יידישע שרייבער. דער גיהנום=וועג, וואָס איז געווען א טייל פון די אלגעמיינע ליידן פון פאָלק און האָט אָפּגעשפּיגלט אין דער ליטעראַרישער סביבה דעם גורל, אין וועלכן עס איז אריינגעפאַלן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון אָקופּירטן פוילן.

ווי געזאָגט, זענען אַ סך יידישע שרייבער אַוועק פון וואַרשע אין משך פון די ערשטע חדשים פון דער מלחמה און אָקופּאַציע. דורך וואַרשע איז אויף מזרח, אין די באַפרייטע געגנטן פון מערב=ווייסרוסלאַנד און מערב=אוקראַינע, אַוועק אויך אַ צאָל יידישע שרייבער פון לאָדזש. עטלעכע יידישע שרייבער זענען פון

קראָקע אַנטלאָפן אין פריי־געוואָרענעם לוואָוו. די אַלגעמיינע צאָל יידישע שרייבער אין וואַרשע איז אָבער נישט מיט קיין סך פאַרקלענערט געוואָרן, ווייל עס זענען אַהער אָנגעקומען שרייבער־פליטים פון לאָדזש, למשל יצחק קאַצענעלסאָן, דער פעליעטאָניסט י. אָבוואַזשאַנעק א"א. צוזאַמען מיטן פאַקט פון אָנקומען פון שרייבער־פליטים קיין וואַרשע, לאָזט זיך אָבסערווירן אַ צווייטער פאַקט: עטלעכע יידישע שרייבער פאַרלאָזן אין דער שפּעטערדיקער צייט וואַרשע און פאָרן אַוועק אין אַנדערע שטעט פון אָקופּירטן פּוילן. אַזוי, למשל, האָבן וואַרשיינלעך פאַרלאָזט וואַרשע און זיך באַזעצט אין בענדין די שרייבער מישע טראָיאַנאָוו און משה־יאָסל סמאָליאַזש.

דעם לעצטן באַגעגענען מיר נאָך אין וואַרשעווער געטאָ אין פעברואַר 1941, ווען ער טרעט אויף צוזאַמען מיט אַ גרופּע שרייבער אויף אַ ליטעראַרישער אונ־טערנעמונג. אין בענדין זענען די דאָזיקע צוויי יונגע שרייבער, לויט אַלע סימנים, אומגעקומען.

דער גורל פון די יידישע שרייבער אין וואַרשע און אין אַלע אַנדערע אָקופּירטע שטעט איז געווען דער זעלביקער, וואָס פון דעם גאַנצן פאָלק. לאָמיר זיך קודם־כל באַקענען מיטן גורל פון די יידישע שרייבער אין וואַרשע, אין אָט דעם גרעסטן און וויכטיקסטן צענטער פונעם יידיש־ליטעראַרישן שאַפן.

די גרעסטע פּלאָג פון דער קרוב האַלב־מיליאָניקער יידישער באַפעלקערונג אין אָקופּירטן וואַרשע אין דעם ערשטן פאַרליקווידאַציע־פּעריאָד איז געווען — דער הונגער. דער אָקופּאַנט האָט געשטרעבט דורך דעם אָנגריף פון הונגער אָפּ־צישוואַכן די וויטאַלע כוחות פון די יידן און אַזוי אַרום טיילווייז זיי צו ליקווידירן פיזיש. אַ באַגלייט־דערשיינונג פונעם שוידערלעכן הונגער זענען געווען די מגיפות. מען קאָן זאָגן, אַז פון הונגער, מגיפות און מאַסן־טעראָר זענען זינט אָקטאָבער 1939 ביז יולי 1942, ד. ה. — ביז דער ערשטער מאַסן־ליקווידאַציע, אומגעקומען אין וואַרשע אַן ערך הונדערט טויזנט יידישע נפשות.

די ערשטע און גרעסטע קרבנות פון הונגער זענען געווען די יידישע אַרבעטער, די אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ און די גרויסע מאַסע פליטים. צווישן די קרבנות פון הונגער און מגיפות זענען געווען אויך יידישע שרייבער.

נאַטירלעך, האָבן נישט אַלע יידישע שרייבער געליטן הונגער און נויט אין אַ גלייכער מאָס. פּונקט ווי פאַר דער מלחמה, אַזוי האָבן אויך איצט די מער יחסנישע זשורנאַליסטן פון דער אַמאָליקער בייגערלעכער פּרעסע געמאַכט שבת פאַר זיך, אָפּגעזונדערט זיך פון דעם גאַנצן עולם יידישע שרייבער און מיט דער הילף פון „דזשאָינט" אָרגאַניזירט אַן אייגענע קיך. די ביטול־באַציונג מצד די „גרויסע" זשורנאַליסטן לגבי די יידישע ליטעראַטן, וואָס איז אַרויסגעטרעטן פאַר דער מלחמה, האָט זיך איצט, אין די אָקופּאַציע־באַדינגונגען, נאָך מער פאַרטיפט. עטלעכע ליטעראַטן פון עלטערן דור האָבן געפּרוווט שאַפן אַ שטיקל ליטעראַטן־

פאַריין. די איניציאַטיוו האָבן אויף זיך גענומען די געוועזענע מיטגלידער פון דער פאַרמלחמהדיקער פאַרוואַלטונג פון יידישן ליטעראַטן- און זשורנאַליסטן-פאַריין מנחם קיפּניס און אהרן גאוזע, צוזאַמען מיטן נאָוועליסט יעקב רייזפעדער. סעק- רעטאַר פון פאַריין איז געוואָרן דער יונגער זשורנאַליסט אברהם-זעליג כאַנאַ- כאָוו ש״ש. די דאָזיקע איניציאַטאָרן האָבן געשאַפן א קיך פאַר ליטעראַטן אונטער דער לייטונג פון דעם זשורנאַליסט און קונסט-קענער י. מ. אַפּעלבוים. די דאָזיקע קיך, וועלכע האָט איינצייטיק געדאַרפט זיין אַ קלוב, ווו עס זענען אין משך פון אַ געוויסער צייט פאָרגעקומען ליטעראַרישע שמועסן און פאַרזאַמלונגען, איז אָבער נישט געווען אימשטאַנד אַרויסצוהעלפן די שרייבער אין זייער פער- מאַנענטן הונגער און פולשטענדיקער פּרנסהלאָזיקייט. די יודענראַט-באַלעבאַטים האָבן זיך ווייניק וואָס איבערגענומען מיטן גורל פון די יידישע שרייבער. דער אָפּצאָל פאַר די מיטאָגן אין דער ליטעראַטן-קיך האָט צוליב דעם געמוזט זיין זייער אַ הויכער אין פאַרגלייך מיט די פּרייזן אין געטאָ און נאָך מער אין פאַר- העלטעניש צו דער מאַטעריעלער לאַגע פון דעם רוב שרייבער. חוץ דעם איז דער ליטעראַטן-פאַריין געווען נע-ונד, זיך געמוזט עטלעכע מאָל איבערטראָגן מיט זיין קיך און קלוב פון איין אָרט אויף א צווייטן.

גרויס איניציאַטיוו ביים העלפן די נויטליידנדיקע שרייבער האָט אַרויס- געוויזן דער יונגער רעוואָלוציאָנערער פּראָזאַיקער יהודה פעלד (פעלדוואָרם), וועל- כער האָט איינגעאָרדנט אין לאָקאַל פון „טאָז" אויף גענשע 43, ווו ער איז געווען באַשעפטיקט אַלס אָנגעשטעלטער, אַן אומזיסטע קיך פאַר די ליטעראַטן און אויך פאַר נויטליידנדיקע געזעלשאַפטלעכע טוער. די ערשטע צייט האָט זיך די קיך ווי עס איז געהאַלטן. שפּעטער איז די לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. דאָס ביסל וואַסער-זופּ האָט נישט געקענט דערנערן די אויסגעמוטשעטע גופים פון די נויטליידנדיקע שרייבער. צום סוף האָט די קיך געמוזט אויפהערן צו עקזיסטירן.

דאָ און דאָרטן זענען געווען — ווי עס טיילט מיט רחל אויערבאַך — פאָלקס- קיכן, ווו עס האָבן געאַרבעט פריינד פון דער יידישער קולטור, וועלכע האָבן פון צייט צו צייט געשטיצט אַ הונגעריקן שרייבער מיט אַ כמו-מיטאָג.

נאָך ערגער איז געווען מיט באַקומען דעם מינימאַלסטן פאַרדינסט פאַר ליטעראַרישן שאַפן. דער אונטערערדישער געטאָ-אַרכיוו, באַקאַנט אונטערן קאָנס- פּיראַטיוון נאָמען „עונג שבת", האָט יאָ האָנאָרירט די שאַפונגען, וואָס מען האָט אים געבראַכט, און אַפילו באַשטעלט געוויסע אַרבעטן. אָבער די מיטלען אויף האָנאָראַר זענען געווען קלאָגעדיקע, און די מעגלעכקייטן צו באַקומען אַ באַשטע- לונג זענען געווען געוואַלדיק באַשרענקט.

די צוויי לעגאַלע אינסטיטוציעס אין געטאָ, וואָס האָבן פאַרמאָגט פינאַנסיעלע מיטלען, דער יודענראַט און דער „דזשאָינט", האָבן נישט אָדער כמעט ווי נישט געשטיצט די נויטליידנדיקע שרייבער. דער „דזשאָינט" האָט דער ליטעראַטן-קיך

אויף גענשע 43 איינגאַנצן אָפּגעזאָגט צו שטיצן. וועגן דעם האָט מיטגעטיילט פעלד אין אַ בריוו צו חברים אין ראַטנפאַרבאַנד אין יאָר 1940.

אין יודענראַט איז דער נישט-געקרוינטער ממונה איבער די ענינים פון דער פּרעסע און פון פאַרזאָרגן פליטים געווען דער שוין דערמאָנטער אַמאָליקער פּשאַדאָווניק פון דער פּוילישער פּאָליציי און קרימינאַליסטיק-רעפּאָרטער פון „גאַש פּשעגלאָנד“ הערמאַן טשערווינסקי; אין די צייטן פון געטאָ — דער אָפּיציעלער טעאַטער-רעצענזענט פון „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“. אין ערשטן טייל פון רינגעלבלום-אַרכיוו געפינט זיך אַ באַשרייבונג פון דעם יונגן זשורנאַליסט ש. שיינקינדער, וועלכע כאַראַקטעריזירט די באַציונג פון דעם יודענראַטישן טשינאָווניק צו די הונגעריקע יידישע שרייבער. שיינקינדער, וועלכער איז געווען מאָביליזירט אין דער אַרמיי אין סעפּטעמבער 1939, איז אין נאָוועמבער פון זעלביקן יאָר צוריקגעקומען פון אַ געפאַנגען-לאַגער. בלייבנדיק אָן שום מיטלען, האָט ער זיך געוואָנדן צו טשערווינסקין נאָך הילף. יענער וויל אָבער מיט אים נישט רעדן, עס שטייט אים בכלל נישט אָן אַ יידישער שרייבער, אַ יידיש-שרייבנדיקער זשורנאַליסט. דערנאָך — אַ דאַנק אַ פּראָטעקציע — ווערט ער אַ ביסל ווייכער און פאָדערט קודם-כל — כאַבאַר.

די אינדיווידועלע ווענדונגען פון די נויטליידנדיקע יידישע שרייבער צום „חזשאָינט“ פלעגן ס'רוב אויך האָבן א קנאַפּע פּעולה. „כדי צו באַקומען שטיצע ביים „דזשאָינט“ — שרייבט רינגעלבלום אין זיינע נאָטיצן פון יוני 1942 — איז דאָס בעסטע זיך צוצוקלעפּן אַ באָרד, דעמלט איז מען זיכער מיט הערפאָלג“.

דער העברעישער פּעדאַגאָג און שריפטשטעלער חיים-אהרן קאַפּלאַן באַשרייבט אין זיין טאָג-בוך, וויפל שפיכת דמים ער האָט געהאַט, שטייענדיק גאַנצע שעהן און טעג פאַר דער טיר פון דעם קאַבינעט פון א געוויסן „דזשאָינט“-דירעקטאָר, וואַרטנדיק אויף שטיצע. דער דירעקטאָר האָט אים סוף כל סוף נישט אויפגענומען.

אין א ליד נאָכן הונגער-טויט פון דעם דיכטער הערשעלע (דאַניעלעוויטש)[1] האָט דער מחבר, וועלכער שרייבט זיך אונטער מיט א פּסעוודאָנים „ח. גאָלדבערג“, געשריבן צווישן אנדערן אָט וואָס:

„ווען גיטערמאַן — ווייסט דאָך,
פון „דזשאָינט“... גיי אריבער —
און זאָג: כ'האַלט ביים שטאַרבן,
גיי רעד מיט אים איבער...

[1] געדרוקט אין אונטערערדישן „דרור“ נומער 7—8 (13).

גיטערמאַן — וואַרשע
אַ טאָג דאַרט אַ לאַנגן
און פּועלן גאָרנישט...
און כ'בין נישט געגאַנגען.
מיט צוויי טעג שפּעטער
האָט וואַרשע געקלונגען:
ס'איז הערשעלע אַ דיכטער
געשטאָרבן פון הונגער".

און גיטערמאַן איז געווען דער בעסטער פון צווישן די „דזשאָינט"־טוער.

דער פּראָפעסאָר פון די אָקאָרשט ציטירטע שורות, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אונטער דעם פּסעוודאָנים „ח. גאָלדבערג", איז געווען יצחק קאַצענעלסאָן, אַ מענטש, וועלכן מען קאָן נישט חושד זיין אין אַ ספּעציעל נעגאַטיווער באַציונג צום „דזשאָינט".

די אונטערערדישע זאַמלער פון די ארכיוו־מאַטעריאַלן אין וואַרשעווער געטאָ האָבן אונדז איבערגעלאָזט טעלעכע דאָקומענטן, וועלכע אילוסטרירן אויף אַ בולטן און אָפט אויפטרייסלענדיקן אופן די לאַגע פון די שרייבער אין דעם „יידן־ראַיאָן" פון וואַרשע.

דעם נייננטן פעברואַר 1942 בעט זיך אין אַ בקשה צום יודענראַט דער גריינ־גראָער שרייבער און פּעדאַגאָג יאַנוש קאָרטשאַק (ד״ר הענריק גאָלדשמיט) צוויי שפּייזן אַ טאָג, ער זאָל קאָנען ווי עס איז איבערהאַלטן פּיזיש. ער וויל נישט צורייבן קיין ביסן ביי די קינדער פון זיין יתומים־אַנשטאַלט. דער יודענראַט האָט אָפּגעזאָגט.

אין אַ בקשה צו דער פאַרוואַלטונג פון דער פאָלקס־קיך נומער 145 שילדערט דער יידישער אָפּערעטן־מחבר ס. קאָרנטייער זיין טרויעריקע עקאָנאָמישע לאַגע: ער איז עקסמיסירט געוואָרן פון דער דירה, ער איז געבליבן צוזאַמען מיט זיינע צוויי קינדער נאַקעט און באָרוועס, ער בעט דעריבער אומזיסטע מיטאָגן פאַר די קינדער. „ראַטעוועט מיינע צוויי קינדער!" — רופט אויס דער פאַרצווייפלטער פאָטער. דעם בריוו פאַרענדיקט קאָרנטייער מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט נאָך קומען פאַר די יידן אַ גליקלעכע צוקונפט.

און אָט איז אַן אויפטרייסלענדיקער בריוו פון דעם טאַלאַנטירטן יידישן דיכטער פּסח וויילאַנד צו אַ יידישער הילפס־אינסטיטוציע אין וואַרשעווער געטאָ:[2]

„אַזוי לייג איך מיין בקשה אין אייערע הענט.
איך בין אַ יידישער פּאָעט, און אַלע טעג, ווען כ'וואַש מיין לייב —
בלויז ביינער און הויט.

[2] ארכיוו יוה״א, רינג. 2, כ׳ 142.

ס'פלייש האָט עס אין גאַנצן פאַרלוירן.
נישטאָ די מוטער, וואָס זאָל עס באַדרויערן.
מיין איך, אז כ'בין שוין אָנגערירט פון טויט.
גיך פאַרדעק איך מיטן לעצטן העמד מיין בינטל ריפּן.
און ס'פאַרקלעמטע האַרץ ווערט נאָך מער פאַרקלעמט.
כ'בין א יידישער פּאָעט. און מיין בקשה צו אייך — איך בעט
א הונדשלעכע געלט-שטיצע.
כ'בין זייער דערשעפּט, פאַל פון די פיס.
זאָל דאָס נישט מעגלעך זיין — בעט איך דרינגנדיק אַן איינמאָליקע
געלט-שטיצע.
איך האָף, אז איר וועט אנטקעגן-קומען מיין מיך דערנידעריקנדיקע
ווענדונג".

פ. ווילאנד
לעשנאָ נ' 60 טיר 33

וואַרשע, דעם 27 פעברואַר 1942".

„א יידישער שרייבער (גילבערט) — פאַרצייכנט ביי זיך רינגעלבלום דעם
27-טן פעברואַר 1941, — קומט אריין אין א ביוראָ; זיין איינציקע בקשה:
20 מינוט זיך אָנוואַרעמען". נישט געקוקט אויף אַלץ און אַלעם איז שלמה גילבערט,
ווי עס זאָגט עדות דער זעלביקער רינגעלבלום — „ארומגעגאַנגען פול מיט האָפע-
נונג און גלויבן" און ער האָט א סך געשריבן, און געשריבן האָט ער אויף אַקטועלע
טעמעס.

דער גרויסער יידישער דיכטער שטערן „האָט געפירט זייער א שווער לעבן
בשעת דער מלחמה און איז אייניקע מאָל געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און
קראַנקהייטן" (רינגעלבלום: „ווי אַזוי איז אונטערגעגאַנגען די יידישע אינטעליגענץ
פון וואַרשע"). נישט געקוקט אויפן פערמאַנענטן הונגער, איז ישראל שטערן
געווען שעפעריש און האָט א סך געשריבן.

דעם געשוואָלענעם פון הונגער ישראל שטערן האָבן חברים שרייבער אָפּגע-
ראַטעוועט פון טויט. אַנדערע איז נישט געלונגען ארויסצורייסן פון דעם מלאך-
המות אַרעמס. אויפן צווייטן צי דריטן חודש פון דער אָקופּאַציע איז אויסגע-
גאַנגען פון הונגער, אָנגעשפּאַרט אויף א טישל אין דער קיך אין „טאָז" אויף
נאָוואָליפּקי 43, דער אַלטער איבערזעצער און גלענצנדיקער קענער פון דער רוסישער
ליטעראַטור ש. זאַקס. אָנהייב 1941 איז פון הונגער געשטאָרבן דער אַלטער

שריפטשטעלער מ. ד. ווידרעוויטש. פון הונגער איז אויסגעגאנגען דער באגאבטער און אייביק גוטלייהנדיקער נאָוועליסט ברוך טשעבוצקי.[3]

אין זומער 1941 איז פון הונגער געשטאָרבן דער פּאָפּולערער דיכטער הערשעלע (דאַניעלעוויטש).[4] דער זעלביקער גורל האָט געטראָפן דעם געשיכטלער און פאָלקלאָריסט יצחק ווייננטרויב, דעם ליטעראט שלמה אויערבאך. מיט א הונגער=געשוויר האָט זיך ארומגעטראָגן דער איבערזעצער י. פּאָרלערער. כדי צו ראטעווען זיך און די משפחה האָט געהאָרעוועט ביי שווערער פיזישער ארבעט אויף א „פלאצוווקע" מחוץ דעם געטאָ דער באוואוסטער יידישער דיכטער יוסף קירמאן — אין די אָוונטן נאָך דער עבודת=פרך און די נגישות מצד די ווילדע אויפזעער ביי דער ארבעט האָט ער זיך פונדעסטוועגן געזעצט שרייבן. שווער האָט געהונגערט דער דיכטער יחיאל לערער, קוים עפּעס פארדינט ביי שקלאַפן=אַרבעט אין דער פאבריק פון דייטשישן אונטערנעמער שולץ. זייער שטאַרק האָט געהונגערט דער פון תמיד אָן גוטלייהנדיקער שרייבער פרץ אָפּאָטשינסקי, וועלכער איז אָבער — נישט געקוקט אויף די שרעקלעכע מאַטעריעלע באדינגונגען און אויף די קראנקהייטן — געווען איינער פון די סאמע שעפערישע פען=מענטשן אין געטאָ. אפילו אזא בירגערלעכער שרייבער ווי הלל צייטלין האָט געליטן נויט. אין רינגעלבלום=ארכיוו ליגט א בריוועלע פון הלל צייטלין צו זיינעם א פריינד אין געטאָ א געוויסן פּאָמעראַנצבלום. צייטלין קלאָגט זיך, אז שוין חדשים ווי ער הונגערט צו. דער אלטער צייטלין האָט זיך פארנומען מיט איבערזעצן אויף יידיש דעם „תהילים". אויך י. ש. סטופּניצקי האָט זיך, נאָך דעם ווי ער האָט איבערגעריסן מיט דער „גאַזעטא זשידאָווסקא" און מיט גאנצווייכן, געפונען אין א הונגער=מצב. אויך ער האָט געזוכט, ווי גילבערט, א מעגלעכקייט זיך אָנצווארעמען ערגעץ אויף א פּאָר מינוט. געהונגערט האָט דער יונגער שרייבער ל. פיין.

צו די שרייבער, וועלכע מען האָט געהאלטן פאר „גליקלעכע", האָט מען אין געטאָ פארעכנט יענע, וואָס זענען געשטאָרבן מיט א נאטירלעכן טויט באצייטנס, פאַר די מאַסן=ליקווידאַציעס. לאָמיר אויסרעכענען עטלעכע פון די, וועלכע עס האָט געטראָפן דאָס דאָזיקע „גליק": דעם 23=טן אָקטאָבער 1941 איז געשטאָרבן אין גרויס נויט דער באקאנטער פאָלקלאָר=זאמלער שמואל לעהמאן. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער געקליבן מלחמה= און אָקופּאציע=פאָלקלאָר. ווען מען האָט ביים „ראש הקהל" טשערניאקאָוו פארלאנגט אן אומזיסטע קרקע אויפן בית=עולם, האָט דער פּאָרזיצער פונעם יודענראט אפילו נישט געוווסט, ווער לעהמאן איז. דעם 21=טן מאי 1942 איז געשטאָרבן דער וועטעראן פון דער יידיש=באלעבאַ=

[3] זע: ב. מאַרק — „חורבות דערציילן", ז' 352 און ר. אויערבאַך — „וועגן די, וואָס האָבן באוויזן אויסצושטאַרבן פארן גירוש" („יידישע שריפטן", נ' 7, לאָדזש).
[4] זע: „דרור" נ' 8—7 (ארכ. ייה"א, רינג. 1).

טישער פּרעסע צבי־שלום פּרילוצקי. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פּאָר העפטן זכרונות, וועלכע זענען פאַרשריבן געוואָרן דורך זיין טאָכטער (די זכרונות געפינען זיך אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט). אין דעם זעלביקן חודש מאי איז געשטאָרבן מנחם קיפּניס, דער באַקאַנטער הומאָריסט און פּאָפּולאַריזאַטאָר פון יידישן פאָלקס־ליד. קיפּניס האָט זיך בעת דער אָקופּאַציע־צייט שטאַרק געענדערט, געוואָרן געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, זיך דערנענטערט צו די אַנטיפאַשיסטן און אַ סך געטאָן פאַר נויטלײַדנדיקע שרייבער. קיפּניס האָט אין געטאָ געפירט אַ טאָגבוך. דער טאָגבוך איז, ליידער, פאַרלוירן געגאַנגען. אין געטאָ איז אויך געשטאָרבן פון אַ לאַנגער קראַנקהייט דער זשורנאַליסט און טעאַטער־רעצענזענט אלחנן צייטלין. געשטאָרבן איז אויך באַנטשע־האָזענפעלד. אין דעצעמבער 1942 איז געשטאָרבן דער היסטאָריקער פּראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן. דער גרעסטער טייל פון די, וואָס זענען געשטאָרבן מיט אַ „נאַטירלעכן" טויט, זענען געווען קרבנות פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע און פון די שווערלעכע באַדינגונגען פון געטאָ.

די לוויות פון די געשטאָרבענע שרייבער זענען געווען — ווי עס גיבן איבער אַנטשפּרעכיקע מאַטעריאַלן פון אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו — זייער באַשיידענע, שטילע, אין אַ שטימונג פון מורא פאַרן אָקופּאַנטס טעראָר. גיין אויף אַ לוויה איז געווען אַן אייגנשטעלעניש. אָבער די ליטעראַרישע סביבה און די געזעלשאַפט האָבן געזעגנט די חברים שריפטשטעלער מיט בלוט אין האַרצן און אָפּגעגעבן זיי כבוד.

איינגאַנצן אַנדערש האָט אויסגעזען די לוויה פון דעם פאַרשטאָרבענעם יודנראַט־מעמבער טשערווינסקי. „טשערווינסקי — פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך ש. שיינקינדער — האָט זוכה געווען צו אַ שיינער לוויה. אָבער נישט מצד דער געזעלשאַפט. דאָס האָט די דייטשישע פּראָפּאַגאַנדע אינסצעניזירט אַ יידישע פּאַראַד־לוויה מיט פינף חזנים, מיט מאָטל פּינקערט אין אַ צילינדער און פאַרפילמט דעם גאַנצן פּאַראַד". און שיינקינדער פאַרענדיקט, מאַכנדיק דעם פאַרגלייך מיט די לוויות פון די אומגעקומענע ליטעראַטן: „איז דאָס נישט כמעט סימבאָליש?"

מען וואָלט געקאָנט אַ סך מער שרייבן וועגן דעם הונגער־פּיין און דעם הונגער־טויט פון יידישע שרייבער אין געטאָ. די פּאָר אויבן געבראַכטע ביישפּילן זענען גענוג כאַראַקטעריסטיש און בולט צו אילוסטרירן די שווערלעכע לאַגע פון יידישן ליטעראַט. נישט געקוקט אויף דער אויסזיכטלאָזער מאַטעריעלער לאַגע און אויף דער אַלגעמיינער טראַגישער שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין געטאָ, האָבן דאָך די שרייבער — אין זייער גרעסטער מערהייט — געטאָן זייער אַרבעט, קאָנטינואירט זייער שאַפונג. כדי צו אילוסטרירן, אין וואָס פאַר אַ קאָנקרעטע באַדינגונגען עס איז אויסגעקומען דעם יידישן שרייבער אין געטאָ צו שאַפן זיינע

ווערק, וועלן מיר ציטירן די ווערטער פון דעם יונגן היסטאָריקער שמעון הובערבאַנד אין דעם אריינפיר צו זיין ארבעט „מקורות צו דער יידישער געשיכטע אין די סלאַווישע לענדער“, וועלכע ער האָט פאַרטיק געמאַכט בעת דער אָקופּאַציע־צייט. הובערבאַנד שרייבט: „די ארבעט איז געשריבן געוואָרן אין די ערגסטע באַדינגונגען, בעת דער מלחמה, אינעם ווינטער פון יאָר תש״ב (1942), ווען עס הערשן די גרויסע פרעסט. עס איז קאַלט אין שטוב, צוליב מאַנגל אין ברען־מאַטעריאַל, קיין עלעקטריע איז נישט פאַראַן און בעת אין שטוב געפינט זיך אַ חולה מסוכן“. אויב מיר וועלן צו די פּאָר ווערטער צוגעבן דעם הונגער און די פּערמאַנענטע אומרואיקע שטימונג, די כסדרדיקע געפאַרן געכאַפּט צו ווערן אויף אַרבעט און די שוואַרצע בשורות וועגן די בלוטיקע אויסראָט־כוואַליעס, וואָס האָבן זיך דערנענטערט צו וואַרשע סיי פון מזרח, סיי פון מערב, פון די פאַרשניטענע דורך די היטלעריסטן יידישע ישובים אויף יענער זייט בוג און פון די ערשטע טויט־לאַגערן אין כעלמנאָ, וואָס צווישן לאָדזש און פּויזן — אויב מיר וועלן דאָס אַלץ זיך דערמאַנען, וועלן מיר ערשט קאָנען זיך פאָרשטעלן, ווי שטאַרק עס האָט געדאַרפט זיין דער איבערלעבער כוח פון דעם ביסל יידישע שרייבער גובר צו זיין די אַלע שוועריקייטן און ממשיך צו זיין די שעפערישע טעטיקייט.

אין די געטאָס און לאַגערן האָבן יידן זייער אַ סך געשריבן. עס איז, דאַכט זיך, נישט געווען ביז איצט נאָך אַזאַ פּעריאָד אין דער יידישער געשיכטע, ווען יידישע מענטשן זאָלן אַזוי פיל שרייבן, אָדער שאַפן בעל פה. עס האָבן געשריבן אַלטע פּראָפעסיאָנעלע שרייבער, עס זענען אויפגעקומען נייע טאַלאַנטן, ווי למשל, אַזאַ ישראל וויניק, אַ מיטאַרבעטער פון אונטערערדישן ארכיוו פון וואַרשעווער געטאָ, צי אַזאַ ישראל ליכטענשטיין, אַ לערער און מיטאַרבעטער פונעם ארכיוו, אָדער יונגע, ערשט־אַנטפּלעקטע מחברים אין ווילנער, ביאַליסטאָקער, לאָדזשער, קראָקעווער געטאָ און אין אַ ריי לאַגערן; עס האָבן אויך געשריבן אַ סך מענטשן פון פאָלק. „געשריבן האָבן אַלע, — נאָטירט ביי זיך רינגעלבלום: — זשורנאַליסטן, שרייבער, לערער, געזעלשאַפטלעכע טוער, יוגנטלעכע און אפילו קינדער. דער רוב האָט געשריבן טאָג־ביכער, ווו די טראַגישע געשעענישן זענען באַלויכטן געוואָרן דורך דער פּריזמע פון פּערזענלעכע איבערלעבונגען“.

געשריבן האָבן יונגע רעוואָלוציאָנערן, ווי סעוועק נולמאַן.

די דאָזיקע דערשיינונג איז אַבסאָלוט אַ פאַרשטענדלעכע. מען האָט געוואָלט פאַרפיקסירן אַלץ, וואָס מען לעבט אַדורך. היות די מעגלעכקייט פון אַ וועלכן נישט איז מיינונגס־אויסטויש איז פאַרשטויסן געוואָרן אין אונטערערד, האָט מען קודם־כל אויסגעלעבט די צער־ און צאָרן־געפילן אויפן פּאַפּיר, אין קינסטלערישער, רעפּאָרטאַזש־אַרטיקער, אָדער זכרונותדיקער פאָרם. דער דראַנג צו פאַרשרייבן אַלץ און צו פאַרשטאַרקן די ליטעראַרישע שאַפונג איז געווען אַן אויסדרוק פון גלויבן אין ענדגילטיקן זיג, אין ווידערגעבורט און ווידעראויפבוי.

צום גרויסן באַדויערן איז נישט אַלץ צו אונדז דערגאַנגען. „געשריבן איז געוואָרן זייער אַ סך. — באַמערקט ווייטער אין דעם פריער ציטירטן אָרט רינגעלבלום. — אָבער די איבערוויגנדיקע מערהייט פון דעם אַלעם איז פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיטן אונטערגאַנג פון די וואַרשעווער ייִדן בעת דער אויסזידלונג. געבליבן איז בלויז דער מאַטעריאַל, וואָס איז אויפגעהיט געוואָרן אין געטאָ־אַרכיוו".

לאָמיר צוגעבן, אַז געבליבן זענען (אויב עס גייט אין דער שאַפונג פון וואַרשעווער געטאָ) אויך געוויסע כּתבים — קאַצענעלסאָנס, ה. א. קאַפּלאַנס, קאָרטשאַקס — אַדאַנק אַנדערע באַהעלטענישן, אַנדערע וועגן פון רעטונג.

נאָך אַ ריי ווערק, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין געטאָ און זיי זענען אַוועק מיטן פייער, זענען געבליבן געוויסע שפּורן. עס זענען, למשל, פאַראַן ידיעות, אַז ישראל שטערן האָט אַ סך געשריבן — עס איז אָבער נישט געבליבן קיין איין ווערק פון דעם דאָזיקן דיכטער. עס איז פאַראַן אַ ידיעה, וואָס שטאַמט פון רחל אויערבאַך, אַז אויף דער צווייטער זייט פון דעם כּתב־יד, וואָס זי האָט אָנגעשריבן אויפן סמך פון די דערציילונגען פון דעם אַנטלאָפענעם פון טרעבלינקע אבֿרהם קשעפּיצקי, זאָל ישראל שטערן האָבן אָנגעצייכנט אַ פּאָר שורות פון זיינעם אַ ליד. אויף דער אַנדערער זייט פון זייטל 169 פון דערמאָנטן מאַנוסקריפּט האָבן מיר טאַקע געפונען אַ פּאָר שורות, וואָס האָבן נישט קיין שייכות מיט קשעפּיצקיס דערציילונג. אָט זענען די שורות:

„אַזאַ שיינער הימל,
די וועלט איז מיר ענג,
אַ וואַלד מיטביימער,
איך קוק, צי בין איך גליקלעך,
צי בין איך אומגליקלעך.
איך מוז לעבן,
איך וויל שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט".

דער אינערלעכער פּאָעטישער אָטעם פון אָט די שורות האָט נישט קיין שייכות מיט דעם אופן, ווי אַזוי עס ווערן באַשריבן קשעפּיצקיס איבערלעבונגען אין זעלביקן אָרט פון כּתב־יד, אויף דער ערשטער זייט פון זעלביקן זייטל. געהערן די דאָזיקע שורות צו שטערנען? האָט אפשר דער דיכטער געהערט קשעפּיצקיס דערציילונגען, און ער האָט געפּרוווט אָנוואַרפן אַן אָנהייב פון אַ ליד?

אַ צווייטער באַקאַנטער ייִדישער שרייבער שלמה גילבערט, הערן מיר, האָט אָנגעשריבן אין געטאָ אַ דראַמע, אָבער „וואָס איז געוואָרן מיט זיינע כּתבים — באַמערקט רינגעלבלום — איז נישט באַוווּסט".

פון גביות עדות איז באַקאַנט, אַז דער דיכטער יוסף קירמאַן האָט געשאַפן מאָטיוון פון געטאָ־אָרעמקייט, קינדער־לידער און רעפּאָרטאַזשן פון קינדער־לעבן און בכלל פון גאַס־לעבן. אין צווייטן טייל פון רינגעלבלום־אַרכיוו האָבן מיר געפונען קירמאַנס צוויי לידער — מיט זיין פולער אונטערשריפט — וועגן דער ליקווידאַציע פון זומער 1942. זיינע פריערדיקע כתבים זענען פאַרלוירן געגאַנגען. עס קאָן זיין, אַז קירמאַנס געוויסע רעפּאָרטאַזשן געפינען זיך אין דער אונטערערדישער פּרעסע, אַזעלכע רעפּאָרטאַזשן געפינען זיך אין אונדזער רשות, אָבער צו דיעם ענין וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

דער דיכטער יחיאל לערער איז אויך געווען אין געטאָ שעפעריש. אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפן, איז אַוועק מיטן פייער, אחוץ, דאַכט זיך, איין פּאָעמע, וועלכע איז נאָך פאַר זיין לעבן געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין דער אונטערערדישער געטאָ־פּרעסע.

עס זענען פאַראַן קלאַנגען, אַז שיע (יהושע) פערלע זאָל האָבן אין געטאָ אָנגעשריבן אַ ראָמאַן, אָדער ער זאָל האָבן צוגעטרעטן צו שרייבן אַ ראָמאַן. עס איז אָבער פון דעם נישטאָ קיין שפּור. דאַקעגן איז אונדז געלונגען צו רעשיפרירן און פעסטשטעלן אין צווייטן טייל פון אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ צוויי שאַפונגען פון שיע פערלע — די כראָניק „חורבן וואַרשע“ און אַ קינסטלערישן פעליעטאָן פון דעם שאַפ, וווּ ער האָט געאַרבעט.

צווישן די, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אַלס שרייבער אין געטאָ, האָט זיך געפונען דער פּעדאַגאָג בנימין וויראָווסקי. אַן עד ראיה, ה. גאָלדבערג, גיט איבער אין זיינע זכרונות פון וואַרשעווער געטאָ וועגן וויראָווסקיס ליטעראַרישער שאַפונג אין דער אָקופּאַציע־צייט די פאָלגנדיקע אינפאָרמאַציעס:

„בעת מיר האָבן זיך געזעצט אַרום טיש, האָט וויראָווסקי אַרויסגענומען אַ פּעקל פאַרשריבענע בלעטער און האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ ווערק, וואָס ער וויל אונדז פאָרלייענען. ער האָט עס אָנגעשריבן אונטערן איינדרוק פון זיין פּערזענלעכן אומגליק און פון דעם צער פון אַלע איבעריקע, וואָס ער האָט געזען. אָנגערופן האָט ער עס „נקמה“ און ער האָט אָנגעהויבן לייענען.

ואויף וויפל מיר געדענקט זיך, איז עס געווען אַ פּאָעמע און אָנגעהויבן האָט זיך עס דערמיט, ווי היטלער שטייט אויף אַ פּיעדעסטאַל און רופט אַרויס די גייסטער פון ייִדן־האַס אין פאַרשידענע צייטן. מיט ציניש חוצפה לאַכט ער אויס המנען, טאָרקוועמאַדאָן און אַלע אַנדערע, וואָס האָבן מיט אַזעלכע פּרימיטיווע מיטלען געקעמפט מיט די ייִדן. ער דערציילט וועגן זיינע מעטאָדן, וועגן די נייע דערגרייכונגען, מיט וועלכע ער באַנוצט זיך, כדי צו פאַרטיליקן דאָס ייִדישע פאָלק. און דאָ זענען געקומען בילדער: די טויזנטער, וואָס ווערן אויף אַמאָל געפירט צו דער שחיטה, די טייוול־מאַשינען, די גאַז־קאַמערן, קרעמאַטאָ־

דיעס, רערשטיקטע קינדער, צעשאָסענע זקנים און בלוטיקע כוואַליעס, וואָס פאַרפלייצן די וועלט..."

דאָס דאָזיקע ווערק פון ב. וויראָווסקי איז פאַרשוווּנדן שפּורלאָז אינאיינעם מיט זיין מחבר, וועלכער איז אומגעקומען אין א פיין=לאַגער. געוויסע ליטעראַרישע אַרבעטן פון ב. וויראָווסקי זענען פאַרשייגלעד פאַראַן אין דער אונטערערדישער פּרעסע פון וואַרשעווער געטאָ — באַטיילעד, אָן דער חתימה פון מחבר.

טעטיק ליטעראַריש איז געווען דער הומאָריסט י. אָבוואָזשאַנעק, וועלכן מען האָט אַפילו איינגעאָרדנט אַ ליטעראַרישן אָוונט, ווו ער האָט געלייענט ביידע זאַכן. אָבער די זאַכן גופא זענען נישטאָ.

אין וואַרשעווער געטאָ האָבן זיך, חוץ די שוין אויסגערעכנטע, געפונען די יידישע שרייבער: ג. שטערנבערג, שיע בראָדע און נתן אייבעשיץ (די לעצטע צוויי — איבערזעצער פון פילאָזאָפישער ליטעראַטור), י. פּאָרלערער (איבערזעצער פון שוועדישער ליטעראַטור), דער אַלטער דיכטער י. י. פּראָפּוס, דער מחבר פון פּאָפּולער געשיכטלעכע ראָמאַנען יהודה יפּת, דער הומאָריסט זעליג בערענהאָלץ („סעלים"), דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „וועלט=שפּיגל" גדליהו וויים=באָרד, דער קריטיקער וואַנדוויילד=קאַווע, דער נאָוועליסט יעקב רייזפעדער, דער קונסט=קריטיקער בן=ציון גרינבוים, דער דיכטער פּסח וויילאַנד, דער מחבר פון פּאָפּולערע ביאָגראַפיעס און לייכטע ראָמאַנען קאָפּל דואַ, דער פּובליציסט און איבערזעצער פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור אהרן איינהאָרן, דער זשורנאַליסט און איבערזעצער פון פראַנצויזיש און רוסיש ש. קרימסקי, דער ליטעראַט חיים בוגין און אַנדערע; אין אָטוואָצקער געטאָ האָט געוווינט דער באַקאַנטער דראַמאַטורג יעקב פּרעגער. צי האָבן די אויסגערעכנטע שרייבער, איבערזעצער, פּובליציסטן געשאַפן אין געטאָ? עס איז נישט בלויז נישט פאַרבליבן נאָך זיי קיין זכר פון א וועלכן נישט איז שאַפן, נאָר אפילו קיין ידיעה, צי זיי זענען געווען טעטיק אויפן ליטעראַרישן געביט. דער איינציקער אויסנאַם, וועלכער ווערט דערמאָנט אין אַ דאָקומענט וועגן אַ ליטעראַרישן אַרויסטריט אין געטאָ, איז ג. שטערנבערג; אויך וועגן די העברעישע שרייבער פון וואַרשעווער געטאָ: א. ליבושיצקי, יקיר וואַרשאַווסקי, האַנדעלזאַלץ, הערש ראַקאָווסקי — זענען קיין שום ידיעות וועגן עפּעס א ליטעראַרישער טעטיקייט נישט בנמצא. בלויז וועגן דעם העברעישן שרייבער טשודנער הערן מיר (אין צביה לובעטקינס זכרונות), אז ער זאָל האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער אומלעגאַלער פּרעסע אין געטאָ.

א כּך פון די אויסגערעכנטע שרייבער זענען שוין יאָרן פאַר דער מלחמה געווען פּרוכטלאָז, למשל — דער דיכטער י. י. פּראָפּוס, וועלכער האָט גענומען שרייבן אין פּרעס צייטן און זיך פאָרגעזאָגט ווי א באַגאַבטער ליריקער — אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ער כמעט אינגאַנצן נישט געווען טעטיק אויפן ליטעראַרישן געביט; אזוי ווייט האָט אים אויפגעפרעסן די זשורנאַליסטישע אַרבעט אין

דער בירגערלעכער פרעסע. פונקט אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך פון די צוזאָגן, וועלכע עס האָבן געגעבן די ערשטע ארויסטריטן פון דעם אינטערעסאנטן, הגם אַ היבש ביסל מישונהדיקן קריטיקער און עסייאיסט קאַווע (וואַנדווילד). דער גרויל פון געטאָ און די גרויסע נאַציאָנאַלע אומגליקן האָבן אויך נישט געווירקט אויף די דאָזיקע אַנטשוויגן=געוואָרענע שרייבער אין דער ריכטונג פון שעפערישקייט.

ווי עס הרינגט ארויס פון די עטלעכע געציילטע דאָקומענטן וועגן צונויפטרעפונגען פון די שרייבער מיט די לייענער, זענען געווען אין געטאָ אין דעם פעריאָד פאר דער גרויסער מאסן=ליקווידאציע (פאר דעם 22=טן יולי 1942) צוויי צענטערן פון דער יידישער ליטעראַטור. איין גרופּע, וועלכע האָט געפירט אַ ספּאָראַדישע טעטיקייט, האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער „גאָספּאָדא ליטעראצקא" (אָדער „גאָספּאָדאַ אַרטיסטוו") אויף אָרלע 8. דאָס איז געווען אַ מין גאָרקיד, אָדער — ווי מען האָט עס אָנגערופן אביסל באָמבאַסטיש: „קאַפע=קלוב". א צווייטער צענטער איז געשאַפן געוואָרן אין דעם לאָקאַל פון „טאָז" אויף גענשע, וווּ עס האָט געווירקט דער אייביק רירעוודיקער, ענערגישער און איבערגעגעבענער יהודה פעלד.

די „גאָספּאָדאַ ליטעראַצקאַ" איז געווען אַ לעגאַלער „קלוב". אונדז איז באַקאַנט וועגן צוויי ליטעראַרישע ארויסטריטן, וואָס זענען דאָרטן פאָרגעקומען.

וועגן איין אַזאַ ליטעראַרישע אונטערנעמונג אין דער „גאָספּאָדאַ ליטעראַצקאַ" האָט אפילו אנאָנסירט און דערנאָך געגעבן וועגן איר א באריכט — די „גאזעטא זשידאָווסקאַ". געשען איז דאָס מחמת דעם, וואָס עס איז אויף דער אונטערנעמונג אַרויסגעטראָטן אויך דער מיטאַרבעטער פון דער „ג. זש". הערמאַן טשערווינסקי. דער דאָזיקער ליטעראַרישער אָוונט איז געווען געווידמעט דער שאַפונג פון דעם יידישן הומאָריסט ל. אָבוואזשאנעק.[5] אלס רעדנער זענען אנאָנסירט געוואָרן י. ש. סטופּניצקי און אלחנן ציטלין. ווי עס טיילט מיט אין זיינע טאָג=נאָטיצן דער דערמאָנטער שוין זשורנאַליסט שיינקינדער, האָט זיך דער יודענראַט=זשורנאַליסט טשערווינסקי אַריינגעשטופּט צווישן אָט די צוויי פּרעלעגענטן. זיין אויפגאַבע איז געווען צו זיין א מליץ=יושר פארן „יודענראַט", וואָרעם אויפן אָוונט זענען, ווי עס זאָגט עדות שיינקינדער, געפאַלן אַ פּאָר ביטערע ווערטער אויפן אַדרעס פון די יודענראַטישע „שטאָט=טאַטעס", מסתמא צוליב זייער אַבסאָלוטן איגנאָרירן די יידישע ליטעראַטור, די יידישע שרייבער.

דער צווייטער ליטעראַרישער אָוונט, וואָס איז פאָרגעקומען אין זעלביקן קלוב אויף אָרלע 6 און וואָס האָט שוין געטראָגן א האלב=לעגאַלן כאַראַקטער, איז געווען — א יובל פון דעם נאָוועליסט יעקב רייזפעדער מיטן אָנטייל פון שיע

[5] יוה"א, רינג. 1, נ' 1431.

פערלע, אלחנן צייטלין און דער זינגערין זמרה זעליגפעלד־קיפּניס.[6] וועגן דעם אינהאַלט און פאַרלויף פון דעם אָוונט האָבן מיר נישט קיין גענויע ידיעות. מען קאָן זיך אָבער משער זיין, אַז הן די טעמע פון דער אימפּרעזע, ד. ה. די פּערזאָן פון בעל־יובל, אַן אמתער ליטעראַט, וואָס איז אין די לעצטע פאַרמלחמה־יאָרן געווען ווייניק טעטיק ליטעראַריש אַז האָט זיך אין געטאָ אַקטיוויזירט אין היג־זיכט פון שרייבן, הן דער פאַקט פון עם אָנטייל פון שיע פערלע,[7] הן דאָס, וואָס דער אָוונט איז געווען א פאַרמאַסקירטער, א האַלב־לעגאַלער — דאָס אַלץ קאָן עדות זאָגן, אַז די דאָזיקע ליטעראַרישע אונטערנעמונג איז געווען א מער ערנסטע איידער דער אָבוואַזשאַניק־אָוונט.

ביידע ליטעראַרישע אָוונטן זענען פאָרגעקומען אין פעברואַר 1942.

מען קאָן זיך משער זיין, אַז די ליטעראַרישע מלווה־מלכה־אָוונטן, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט פאַרקומען אין דער קיך פון ליטעראַטן־פאַריין (אונטער דער לייטונג פון י. מ. אפּעלבוים) און אין וועלכע עס האָבן געקאָנט אָנטיילנעמען נאָר אָפּיציעלע מיטגלידער פון אַמאָליקן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין מיט זייערע געסט,[8] האָבן געטראָגן — פון אידעישן שטאַנדפּונקט — אַן ענלעכן כאַראַקטער ווי די פּאָר ליטעראַרישע אימפּרעזעס אין דער „גאָספּאָדאַ ליטע־ראַצקאַ" אויף אָרלע 6. דאָס זענען געווען, אַזוי צו זאָגן, קאַמעראַלע אימפּרעזעס. פאַר א געקליבענעם עולם און נישט פאַר דער ברייטער מאַסע לייענער. די אָנוועזנקייט פון אַזאַ טשערוויגסקי אין דער „גאָספּאָדאַ ליטעראַצקאַ" האָט זיכער געשטערט אין אַרויסזאָגן דרייסטערע געדאַנקען אָדער אין פאָרלייענען אָפּאָזיציאָנעלע חיבורים. וואָס שייך די ליטעראַרישע פאַרזאַמלונגען אין דער ליטעראַטן־קיך, כאַראַקטעריזירט איינעם פון זיי געגוג בולט און עד־ראיה,[9] אַז עס האָט געלאַנגווייליקט. מיט אַנדערע ווערטער: עס איז געווען בטלנות, מאַמריסטיק, און נישט קיין שטעלונג־נעמען צו די אַקטועלע, ברענענדיקע פראַגן פון דער טראַגישער געטאָ־ווירקלעכקייט. עס זענען דאָ אויך געווען אויסנאַמען, למשל, די לייענונג פון סאַצענעלסאָנס פּאָעמע „יזכור".

אַנדעריש זעט אויס די גרופּע שרייבער, וואָס טרעט אַרויס אויף אַ ליטעראַ־רישער אונטערנעמונג שבת דעם 15־טן פעברואַר 1941 צווייט אַזייגער בייטאָג אין לאָקאַל פון „טאָז", גענשע 43. דער איניציאַטאָר פון דער אונטערנעמונג איז

[6] זע: ב. מאַרק — „חורבות דערציילן", ז' 353.

[7] מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין אונדזער ענטפער לייוויקן („בלעטער פאַר גע־שיכטע", ב' 5, ה' 3) אויף דער אידעישער עוואָלוציע, וואָס עס האָט אַדורכגעמאַכט ערב און בעת די מלחמה-יאָרן שיע פערלע.

[8] זע: רחל אויערבאַך: „וועגן די, וואָס האָבן באַוויזן אויסצושטאַרבן פאַרן גירוש", „יידישע שריפטן" כ' 5—6.

[9] דאָרטן.

זיכער געווען דער רעוואָלוציאָנערער שרייבער יהודה פעלד, וואָרעם פון אלע אויסגערעכנטע אין דער איינלאַדונג ליטעראַטן האָט בלויז איין פעלד געאַרבעט און, האַלט זיך, אַפילו געוווינט אין לאָקאַל פון „טאָז". די ליטעראַרישע אונטערנעמונג פון פעברואר 1941 איז געווען אן אומלעגאלע, וואָרעם אין „טאָז" האָבן אַזעלכע זאַכן נישט געטאָרט פאָרקומען. און די יודענראַטישע מאַכט האָט שטאַרק מקפּיד געווען אויף אַזעלכע זאַכן און אינפאָרמירט דורך איר פּאָליציי. בפרט, אַז דאָס איז געווען נישט קיין אינערלעכער קאַמעראַלער ליטעראַרישער אָוונט, נאָר — א מאַסן־פאַרזאַמלונג, א טרעפונג פון יידישע שרייבער מיט דער לייענער־מאַסע פון געטאָ.

די דאָזיקע אונטערנעמונג — און עס איז זיכער, אַז עס זענען געווען מער אַזעלכע צונויפטרעפן, — איז, ווייזט אויס, געווען אַזאַ וויכטיקע דערשיינונג, אַז אין רינגעלבלום־ארכיוו האָט מען באַהאַלטן דעם פולן טעקסט פון דער איינלאַדונג אויף דער אומלעגאַלער אונטערנעמונג[10]. לאָמיר עס ציטירן פונקטלעך:

„איינלאַדונג

אַ שעה פאַרן יידישן שרייבער און יידישן קינסטלער.

פּאָעזיע, נאָוועלע, עסיי
שבת, 15 פעברואר 1941
2 אַ.ז. מיטאָג־צייט
לאָקאַל פון „טאָז" גענשע 43

מוזיק און ליטעראַטור — אריינצופירן די צוהערער אין א געמיטלעכער, היימישער אַטמאָספער און שטימונג.

ווען איר וועט נאָר נעמען אין באַטראַכט, אַז מיט אייער אָנטייל אין דער דאָזיקער קינסטלערישער אימפּרעזע וועט איר דערמיט געבן א מעגלעכקייט דעם יידישן שרייבער און קינסטלער צו פאַרדינען אויף א ווירדיקן און בכבודיקן אופן, וועט איר געוויס באַוויליקן צו קומען און באַטייליקן זיך אין דער דאָזיקער אָריגינעלער אַרויסטרעטונג.

יידישע ליטעראַטור:

רעציטאַציע פון לייבטע און אייגנאַרטיקע יידישע פאָלקס־לידער און ליטעראַטור דורכן ארטיסט ז. שקלאַר.

פּאָעזיע: ש. גילבערט, יחיאל לערער, י. קאַצענעלסאָן.

נאָוועלע: י. חמאָלאַזש, י. קירמאַן, ז. סקאַלאָוו, יהודה פעלד.

עסיי: י. שטערן, י. בערנשטיין, נ. שטערנבערג, רחל אויערבאַך.

---

[10] ארכ׳ יה״א, רינג׳ 1, נ׳ 601.

פּאָרוואָרט: ד"ר י. לייפּונער.
יידישע מוזיק: אויף פּידל: עווא קאַזשיראָג, הערשעלע שטערן, מינא מאַסלאַנסקא.

דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט.
וואַרשע, 8 פעברואַר 1941".

פון אָט דער איינלאַדונג דרינגט אַרויס, אַז קעגן די עטלעכע קאָרומפּירטע זשורנאַליסטן און ליטעראַטן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ", ווי אויך אין קעגנזאַץ צו די אַלטע, אָפּגעלעבטע טראַדיציעס, וועלכע מען האָט געפּרוווט באַנייען אין די אימפּרעזעס פון דער „גאָספּאָדאַ ליטעראַצקאַ" און צום טייל אויך אין דעם ליטעראַטן־פאַריין, האָט זיך צעמענטירט די גרופּע שרייבער, אין וועלכער מיר באַמערקן צוזאַמען מיטן יונגן רעוואָלוציאָנערן שרייבער יהודה פעלד און מיט אַזעלכע שרייבער, ווי יוסף קירמאַן, משה־יאָסל סמאָלאַזש, זלמן סקאַלאָוו, אויך: שלמה גילבערט, ישראל שטערן, יצחק קאַצענעלסאָן, יחיאל לערער, יצחק בערנשטיין, רחל אויערבאַך, ג. שטערנבערג און ד"ר י. לייפּונער. עס קאָן אויפקומען אַ פראַגע, פאַרוואָס געפינען מיר נישט פּערלען אויף דער האָזיקער אימפּרעזע. דער ענטפער איז אַ קלאָרער: אין פעברואַר 1941 איז שיע פּערלע נאָך אין וואַרשעווער געטאָ נישט געווען. ער איז געקומען שפּעטער, פון לוואָוו, ערשט נאָכן 22־טן יוני 1941, נאָכן אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד.

אויף דער איינלאַדונג פיגורירט אויך נישט פּרץ אָפּאָטשינסקי. עס קאָן זיין, אַז ער איז גראָד דעמאָלט געלעגן קראַנק אויף טיפוס; וועגן אָט דער קראַנקהייט פון פּ״ץ אָפּאָטשינסקי טיילט מיט אין זיינע נאָטיצן עמנואל רינגעלבלום.

געוויסע פון די שרייבער, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דעם קאָלעקטיוו אַרויסטריט — קאַצענעלסאָן און לייפּונער — האָבן שוין אפשר באַוויזן אין יענער צייט זיך אויסצוניכטערן פון גאַנצוויכס דעמאַגאָגיע.* דער צוזאַמענשטעל פון דער גרופּע, וועלכע איז אַרויסגעטרעטן אין פעברואַר 1941, ווייזט אויף דעם, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ מין קולטור־פראָנט, אין וועלכן עס זענען געוואָרן אַריינגעצויגן — לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן דורך דעם ענערגישן פעלד — שרייבער מיט פאַרשידענע וועלט־באַנעמען, אָבער מיט אַ געמיינזאַמען ציל זיך קעגנצושטעלן דעם היטלעריזם און זיין געטאָ־רעזשים און צו שטעלן די אייגענע שאַפונג אין דינסט פון פאָלק.

פון דער איינלאַדונג, וועלכע מיר האָבן אָקאָרשט ציטירט, דרינגט אַרויס, אַז ש. גילבערט האָט אין געטאָ געשריבן, חוץ דער דראַמע, וועגן וועלכער מיר

---

* רינגעלבלום גיט איבער וועגן זייער אַריינפאַלן אין גאַנצוויכס נעץ אין זיין נאָטיץ פון יוני 1941, אָבער דאָס קאָן האָבן אַ שייכות צו דער פריערדיקער צייט.

האָבן שוין דערמאָנט, אויך פּאָעזיע; אז קירמאן האָט חוץ לידער געשריבן פּראָזע; עס קאָן זיין, אז דאָס זענען די רעפּאָרטאזשן פון געטאָ־לעבן, וועלכע מיר האָבן שוין דערמאָנט; אז שטערן האָט חוץ דיכטונג געשאפן, פּונקט ווי פאר דער מלחמה, אויך עסייען.

פון דער גרופּע, וואָס איז אַרויסגעטראָטן איגעם לאָקאַל פון „טאָז" און האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם קערן פון דער פאָלקס־טרייער ליטעראטור אין הארשעווער געטאָ, און וואָס איז, חוץ איינער, אומגעקומען, זענען געבליבן ווערק (נישט אַלע!) פון די פאָלגנדיקע שרייבער: פון יצחק קאַצענעלסאָן, יוסף קירמאַן, זלמן סקאלאָוו, יהודה פעלד, יצחק בערנשטיין, און, דאכט זיך, אויך פון יחיאל לערער.[11] עס זענען אויך געבליבן ווערק פון שיע פערלע און פּרץ אָפּאָטשינסקי. און אויך פון קלמן ליס, וועלכער האָט זיך געפונען אין אָטוואָצק.

ווי געזאָגט, זענען די אויבן דערמאָנטע צונויפטרעפן פון יידישע שרייבער מיטן לייענער־עולם פון געטאָ נישט געווען די איינציקע. אַזעלכע קאָלעקטיווע ליטעראַרישע אָוונטן זענען אויך פאָרגעקומען אין פארשידענע יוגנט־קרייזן. שרייבער זענען געוואָרן איינגעלאדן — אינדיווידועל און קאָלעקטיוו — אויף אונטערערדישע קרייזן און האָבן דאָ פאָרגעלייענט זייערע שאפונגען. עס איז באוווסט, אז יצחק קאצענעלסאָן האָט אָפט געלייענט זיינע ניי־געשאפענע לידער, פּאָעמעס און סאטירעס אויף אומלעגאלע קרייזן. שמואל ווינטער שטרייכט אונטער אין זיין טאָג־בוך מיט גרוים התפעלות דעם רושם, וואָס עס האָט געמאכט אויף די צוהערער די פּאָעמע „יזכור", וועלכע קאצענעלסאָן האָט פאָרגעלייענט אויף א געהיימען קרייז. וועגן דער זעלביקער פּאָעמע שרייבט רינגעלבלום, אז זי האָט געמאכט א שטאַרקן רושם, הגם קינסטלעריש איז זי נישט געווען געהויבן. די פּאָעמע „יזכור" איז, צום באדויערן, פארלוירן געוואָרן. דעריבער זענען זייער ווערטפול די אינפאָרמאציעס, וועלכע עס ברענגט וועגן איר רינגעלבלום. אָט ווי דער בעל פנקס פון וואַרשעווער געטאָ שילדערט די פּאָעמע: „דער דיכטער פאָדערט נקמה פאר די צרות ואנחות, ער פארציילט וועגן דער כאַפּעניש, דער טויט־שרעק אין גאס, די ארבעטס־לאגערן... פון וועלכע מען קומט נישט צוריק. די מעשים תעתועים פון די קהלהניקעס, (יודענראט־לייט און פּאָליציי — ב. מ.). וואָס זענען טיילמאָל ערגער פאר יענע (פאר די היטלער־לייט — ב. מ.). דער צער פון קינדער אָן שולן און דערציונג, די הריגות פון קדושים. דאָס קינד, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן צוליב זיין שיינקייט".

וועגן קאצענעלסאָנס ארויסטריטן אין די אונטערערדישע יוגנט־קרייזן אינ־פאָרמירט גאנץ אויספירלעך די טוערין פון דער „דרור"־גרופּע צ. לובעטקין.[12]

---

[11] מיר רעדן דאָ נאָר וועגן די אומגעקומענע שרייבער.

[12] זע: צ. לובעטקין — „בימי כליון ומרד".

פאַר אַרבעטער־קרייזן, אין דעם געטאָ־אונטערערד, פלעגט פאָרלייענען זיינע ליסטע שאַפונגען יהודה פעלד. א באַריכטערדיקע באַשרייבונג וועגן פעלדס ראָל אין דער ליטעראַרישער סביבה פון יענער צייט גיט דער פפ״ר־אַקטיוויסט פון וואַרשעווער געטאָ יעקב קאַרץ (יאַבלאָנסקי).[13]

אין דער ערב־אויפשטאַנד־צייט האָבן די קולטור־טוער פון די קרייזן פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע איינגעאָרדנט עטלעכע מאָל ליטעראַרישע אָוונטן מיטן אָנטייל פון דעם פויליש־שרייבנדיקן יידישן דיכטער וולאַדיסלאַוו שלענגעל. אַזעלכע אַרויסטריטן פון דעם דיכטער שלענגעל זענען פאָרגעקומען אויפן בערשטער־געביט (שווינטאָיערסקע 38) און אויף מילע. עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז דאָס זענען געווען אומלעגאַלע אונטערנעמונגען. וועגן שלענגעלס צונויפטרעפן זיך מיטן וואָרט־גיריקן, וווּנדערשטאַנד־דערצידערטן עולם טיילן מיט צוויי עדי־ראיה, די געטאָ־קעמפער לעאָן נייבערג און בראָניסלאַוו מירסקי. אָט ווי דער לעצטער שילדערט איינעם אַזאַ אָוונט אויפן בערשטער־געביט:[14]

„אויפן בערשטער־געביט האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער דיכטער וולאַדיסלאַוו שלענגעל. צוויי־דריי וואָכן פאַרן אויפשטאַנד האָט ער געהאַט א שעפערישן אָוונט ביי די בערשטן־מאַכער אין ביוראָ. ער האָט רעציטירט זיינע סאַטירישע לידער. איך בין געווען ביי דעם, און דעמאָלט האָט זיך אָפגעשפילט די פאָלגנדיקע סצענע: נאָך דעם ווי שלענגעל האָט איבערגעלייענט עטלעכע לידער, האָט זיך פלוצים פאַרלאָשן דאָס ליכט און באַלד זיך צוריק אָנגעצונדן. מיר האָבן דערזען אַרום זיך א גרופע קעמפער באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן און אין מאַסקעס. איינער פון זיי האָט דערקלערט: „הערט, מיר זענען ערב יום־טוב, מן־הסתם וועט עס זיין דער לעצטער פסח אין אונדזער לעבן. צוליב דער געלעגנהייט פון שלענגעלס אָוונט לייג איך פאָר, יעדער זאָל געבן געלט פאַר די פּאַרטיזאַנער קינדער. אונדזער אָרגאַניזאַציע גיט אויף דעם צוועק 10 טויזנט זל. און גיט עס איבער שלענגעלן. מיר וואַרטן אויף אייער „קאָנטראַטאַקע“ (דאָס איז דער נאָמען פון שלענגעלס א ליד). און ווידער איז פאַרלאָשן געוואָרן דאָס ליכט און זיי זענען פאַרשוווּנדן. דעמאָלט האָבן די מענטשן אָנגעהויבן געבן געלט. עס זענען געווען אויך גרעסערע געלט־סומעס“.

„...וולאַדיסלאַוו שלענגעל איז געווען די נשמה פון געטאָ. זיינע לידער האָבן געוועקט און געמוטיקט. זיין „קאָנטראַטאַקע“ איז געווען ווי די „גרויסע אימפּראָוויזאַציע“. ער האָט געהערט צו די פּאָפּולערסטע מענטשן אין געטאָ, זיינע ווערק האָבן פשוט „אַרויסגעריסן א שטיק האַרץ“.

---

[13] זע: אין פויליש „ביולעטין פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט“ באַנד 5, 19 אַפּריל 1953.

[14] זע: „צום צענטן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, מאַטעריאַל און דאָקומענטן“, געזאַמלט דורך ב. מאַרק, ז' 212 און 214.

„שלענגעל האָט פֿאַרפֿאַסט אַ זייער וויציק ליד וועגן דעם, אַז טעבענס הייסט די ייִדן פֿאָרן אויף מזרח און אין אַ צייט אַרום קומט ער אַליין זיך בעטן, אַז די ייִדן זאָלן אים אַריינלאָזן אין אַ בונקער. די אידעע פֿון ליד איז געווען, אַז די היטלעריסטן זענען נישט אומבאַזיגבאַר“.

„אין יאַנואַר אָדער מערץ איז שלענגעל אַרויסגעטראָטן מיט זיינע לידער ערגעץ אויף מילע. עס זענען דעמאָלט געקומען אַ סך טרעגער, וועלכע האָבן געהאַט אונטער די פּאָלטעס פּאַסן מיט רעוואָלווערן. זיי האָבן אַלע געהאַט פּרעכטיקע רעוואָלווערן, און טאַקע דאָס פּראָבלעם פֿון קאַמף און באַוואָפֿענונג איז געווען די הויפּט־טעמע פֿון שלענגעלס לידער“.

שלענגעל האָט אין דעם לעצטן פּעריאָד פֿון געטאָ אַדורכגעמאַכט אַן ערנסטע עוואָלוציע, זיך דערווייטערט פֿון די לייכטע מאָטיוון און פֿון די קרייזן, מיט וועלכע ער איז אַמאָל געווען פֿאַרבונדן, און זיך דערנענטערט צום לאַגער פֿון ווידערשטאַנד.

ווען מיר נעמען אין אַכט די אַנטוויקלונגען פֿון אַזעלכע דיכטער ווי קאַצענעלסאָן און שלענגעל, קאָן מען אָננעמען פֿאַר זיכער, אַז אויך די אַנדערע אָנטיילנעמער פֿון דער גרופּע ייִדישע שפּעטערישע שרייבער אין וואַרשעווער געטאָ האָבן זיך אַדורכגעלעבט די נייע גרויליקע ווירקלעכקייט און דערזען אַ סך זאַכן אין אַ ניי ליכט. נישט אַלע האָבן אָבער דערלעבט דעם אויסגעבענקטן און אַזוי שטאַרק געגאַרטן מאָמענט פֿון אַקטיוון באַוואָפֿנטן קאַמף קעגן די פֿאַרהאַסטע היטלעריסטישע פֿעלקער־מערדער, נישט אַלע איז באַשערט געווען איבערצולעבן די דערהייבנדיקע בילדער פֿון ייִדישער גבורה און צו דערזען, ווי די אוממענטש־ פֿון דער „העכערער ראַסע“ אַנטלויפֿן פֿאַר די קוילן, גראַנאַטן און בענזין־פֿלעשער און אויך פֿאַר די העק, שטאַנגען און מעסערס פֿון די העלדישע ייִדישע בחורים און מיידלעך פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע — אַזוי ווי עס האָבן עס זוכה געווען יצחק קאַצענעלסאָן, וולאַדיסלאַוו שלענגעל, יוסף קירמאַן און שיע פּערלע.

פֿול מיט יסורים איז געווען דאָס לעבן פֿון די לעצטע שרייבער פֿון וואַרשעווער געטאָ. טראַגיש איז געווען זייער גורל.

צוזאַמען מיטן גרעסטן טייל פֿון פֿאָלק, אינאיינעם מיט די איבער דריי הונדערט טויזנט ייִדן, מענער, פֿרויען און קינדער, זענען אַכזריותדיק אַוועקגעפֿירט געוואָרן צום לעצטן וועג, אין די טויט־לאַגערן אַריין, דער רוב ייִדישע שרייבער פֿון וואַרשע.

דער יודענראַט, וועלכער האָט געהאָלפֿן די היטלעריסטישע פֿעלקער־מערדער דורכצופֿירן דעם גירוש אין דעם טויט־לאַגער טרעבלינקע, האָט באַהאַנדלט די ייִדישע שרייבער גאויפֿן זעלבן פֿאַרעטערישן אופֿן ווי די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג. אין זיין טאָג־בוך „פּנקס וויטל“ דערציילט יצחק קאַצענעלסאָן, אַז אַ דעלעגאַציע האָט זיך געווענדט צום יודענראַט וועגן אַרויסראַטעווען פֿון אומשלאַג־

פּלאַץ די יידישע שרייבער. דער יודענראַט=אָנפֿירער אַדוואָקאַט וויעליקאָווסקי האָט געענטפֿערט, אַז ער קאָן עפּעס טאָן פֿאַר אַ צוויי דריי באַרימטע שרייבער, די אַנדערע גייען אים נישט אָן. די דעלעגאַציע האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער טובה. אַזוי אַרום זענען די יידישע שרייבער אָן אויסנאַם אויסגעליפֿערט געוואָרן דורכן יודענראַט אין די נעגל פֿון דעם שונא.

בעת דער ערשטער מאַסן=ליקווידאַציע אין זומער 1942 זענען פֿאַרשווונדן אויף אייביק שלמה גילבערט, ישראל שטערן, זלמן סקאַלאָוו, הלל צייטלין און דער זשורנאַליסט בן=ציון כילינאָוויטש; צוזאַמען מיט זיי זענען אַוועק אויף טויט: די העברעישע שריפֿטשטעלער יקיר וואַרשאַווסקי, חיים אהרן קאַפּלאַן, האַנדעלזאַלץ און די פּויליש=שרייבנדיקע — די דיכטערין העניקאַ לאַזאַווערט, די קריטיקערין סלאַפּאַק און דער גרייז=גראָער יאַנוש קאָרטשאַק, וועלכער האָט אָפּגעוואָרפֿן דעם פֿאָרשלאָג פֿון יודענראַט צו ראַטעווען נאָר אים, אָן די קינדער פֿון זיין אַנשטאַלט. אויפֿן אומשלאַג=פּלאַץ האָט אייַנגענומען סם דער אַלטער זשורנאַליסט אהרן גאַוזע, אין שטוב איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דער זשורנאַליסט סאַמועל הירשהאָרן. אין אָטוואָצק זענען אומגעקומען דער דיכטער קלמן ליס, דער דראַמאַטורג יעקב פּרעגער, דער פּובליציסט און איבערזעצער אהרן איינהאָרן. אין זעלביקן אָטוואָצק האָט ערב דער „אויסזידלונג“ זיך גענומען דאָס לעבן דער איבערזעצער שיע ברוידע, וועלכער איז דאָ געלעגן קראַנק אויף אַ שווערן טובערקולאָז. אויפֿן וועג, אַנטלויפֿנדיק פֿון אָטוואָצק, האָט זיך געסמט דער אַלטער י. ש. סטופּניצקי. בעת דער ערשטער ליקווידאַציע איז אומגעקומען אויך דער יונגער שרייבער וויניק.

אין די טראַגישע טעג פֿון דער ערשטער ליקווידאַציע איז געכאַפּט און אַוועקגעשיקט געוואָרן צום טויט דער יונגער היסטאָריקער און איבערגעגעבענער מיטאַרבעטער פֿון אונטערערדישן געטאָ=אַרכיוו שמעון הובערבאַנד. אין דעם בלוטיקן שניט איז אויך געפֿאַלן דער היסטאָריקער ליפּמאַן צאָמבער. מיטן בלוטיקן שטראָם איז פֿאַרשוווּנדן דער פּובליציסט און טוער פֿון אַנטיפֿאַשיסטישן בלאָק שכנא זאַגאַן.

וועגן אַנדערע שרייבער און זשורנאַליסטן האָבן מיר מטושטשדיקע ידיעות בנוגע דער דאַטע פֿון זייער אומקום. וואַרשיינלעך אויך אין יענער גרויליקער צייט אָדער אפֿשר בעת די שפּעטערדיקע כאַפּערייען אין אָקטאָבער 1942, פֿעברואַר=מערץ 1943, צי בעת דער צווייטער גרעסערער „אויסזידלונג“=אַקציע אין יאַנואַר 1943 — זענען אומגעקומען נ. שטערנבערג, מ. טשודנער, פּרץ אָפּאָטשינסקי,[15] דער יידיש=פּוילישער דראַמאַטורג און רעזשיסער מאַרק אַרענ=

[15] לויט ווי עס גיט אָן מ. נײַשטאַט אין זיין „אומקום און אויפֿשטאַנד פֿון די יידן אין וואַרשע“, איז אָפּאָטשינסקי דערהרגעט געוואָרן תחילת 1943.

שטיין, דער מחבר פון לערן־ביכער נתן סמאָליאַר, דער ליטעראַטור־היסטאָריקער יחזקאל ווילטשינסקי, דער היסטאָריקער אברהם לעווין, נתן אייבעשיץ, לייב גאָלדין, הערש ראַקאָווסקי, י. מ. אַפּעלבוים, כאַנאַכאָוויטש, גדליה ווייסבאָרד, יצחק־מאיר ברוין, ש. שיינקינדער, י. אָבוואַזשאַנעק, קאָווע־וואַנדווילד, דער אַלטער קאָרעקטאָר פון „היינט" מ. מ. הורוויטש, יעקב רייזפעדער, בן־ציון גרינבערג, מ. טיקאָטשינסקי, יחיאל לערער, שמואל מאַהוויל, חיים בוגין, ד. תאומים, ראָזאַ יאַקובאָוויטש, דער פעליעטאָניסט אברהם פשעפיורקא.

דעם 15־טן סעפּטעמבער 1942 איז געפאַלן אויפן פּאָסטן יהודה פעלד — אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט געאַרבעט ביים מזרח־וואָקזאַל, אויף דער „פּלאַצוווקע", ווו ער האָט כלומרשט געאַרבעט, איבערגעבן אַ חבר געוויסע קאָנטאַקטן. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די צעווישטע עס־עס־לייט.[16]

אין סוף פון זעלביקן חודש איז געפאַלן אויפן פּאָסטן דער פּובליציסט, רעדאַקטאָר פון דער אַנטיפאַשיסטישער פּרעסע אין אונטערערד פון וואַרשעווער געטאָ, דער אומבויגזאַמער קעמפער, דער באַפולמעכטיקטער פון צ. ק. פון פפ"ר אין געטאָ, דער אָרגאַניזאַטאָר פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק — יוסף לעוואַרטאָווסקי.

מער ווייניקער אין דער זעלבער צייט איז אין דער „פּאַוויאַק"־תפיסה דערמאָרדעט געוואָרן דער פּובליציסט, מחבר פון א געטאָ־טאָגבוך (וואָס איז, ליידער, נישטאָ), אַקטיוויסט פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק יוסף קאַפּלאַן.

פון דער צאָלרייכער גרופּע יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן זענען ערב דעם אויפשטאַנד געבליבן בלויז געציילטע האָלאָוועשקעס. פון עלטערן דור דיכטער — איין י. י. פּראָפּוס. ער האָט זיך געוואַלגערט אין די בונקערס בעת די קאַמפן און די ריזיקע שרפות אין אונטערגייענדיקן געטאָ. ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען, איז נישט באַוווסט.

אין אַ בונקער אויף פראַנציסקאַנער איז אין די אויפשטאַנד־טעג אומגעקומען דער מחבר פון אַ געטאָ־טאָגבוך, וואָס איז געשריבן אין אַ פיינעם ליטעראַרישן סטיל, שמואל ווינטער — פון זיין אינטערעסאַנטן טאָגבוך זענען געבליבן צופעליקע, קוים־לייענבאַרע זייטלעך (געפינען זיך אין ארכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט).

א דאנק זיין עקשנות און בפירושן ווילן זיך אקעגנצושטעלן דעם גירוש אויף טויט האָט זיך אין די בלוטיקע יולי־אויגוסט־טעג אָפּגעראַטעוועט שיע פּערלע. שפּעטער, ביי דער גסיסה פונעם אויפשטאַנד, האָט ער זיך אַרויסבאַקומען אויף דער „אַרישער" זייט און איז סוף כל סוף געפאַלן אַ קרבן פון דער אַפּערע „האָטעל

[16] זע: די זכרונות פון קאָרץ־יאַבלאָנסקי וועגן פעלד אין פּויליש, „ביולעטין" פון ייה"א, נ' 5.

פאָלסקי“. פערלע האָט אַדורכגעמאַכט דעם דערנער=וועג פון בערגען=בעלזען און איז אומגעקומען אין דעם ריזיקן מאַסן=קבר פון אָשוויענטשים.

יוסף קירמאַן איז שוין געווען ביים וואָלף צווישן די ציין, בעת דער ליקווידאַציע פון 1942 און איז אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון אומשלאַג=פּלאַץ. ער האָט זוכה געווען צו זען דעם ערשטן יידישן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין יאַנואַר 1943. בעתן אויפשטאַנד איז קירמאַן אַרויסגעפירט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ סך יידן אין דעם לאַגער פּאָניאַטאָוו און דאָ איז ער אין נאָוועמבער 1943 דערמאָרדעט געוואָרן אינאיינעם מיט די לעצטע פון חער יידישער קאַמפס=אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן געטרוימט וועגן אַ נייעם בונט, וועגן אַ נייעם ווידערשטאַנד.

צוויי פון די לעצטע לעבן=געבליבענע שרייבער האָבן נאָך באַוויזן זיך איינצושרייבן אין אונדזער ליטעראַטור מיט אויף דער הייסער מינוט געשאַפענע מיטרייסנדיקע לידער וועגן דעם באַוואָפנטן געראַנגל פון דער יידישער קאַמפס=אָרגאַניזאַציע קעגן שונא. די צוויי זענען: יצחק קאַצענעלסאָן און וולאַדיסלאַוו שלענגעל.

ביי וועלכע אומשטענדן און אין וועלכער צייט עס האָט זיין לעבן פאַרלאָרן שלענגעל איז נישט באַקאַנט. אַלנפאַלס איז זיכער, אַז בעתן אויפשטאַנד האָט ער נאָך געלעבט. קאַצענעלסאָנס וועג האָט געפירט דורך דעם „האָטעל פּאָלסקי“ קיין וויטעל אין פראַנקרייך, פון דאַנען דורך דעם טרויעריק=באַקאַנטן יידן=לאַגער אין דראַנסי קיין אָשוויענטשים.

איינער פון די לעצטע, וואָס האָט ביזן לעצטן מאָמענט געהאַלטן אין האַנט די פען, איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון אונטערערדישן געטאָ=אַרכיוו, דער היסטאָריקער און בעל=פנקס עמנואל רינגעלבלום. אין מערץ 1944 איז „פאַרשאָטן“ געוואָרן דער בונקער אויף גרויעצקע גאַס, ווו עס האָט דעם היסטאָריקער אויסבאַהאַלטן אַ פּוילישער פּאָלקס=מענטש, דער גערטנער מיעטשיסלאַוו וואָלסקי. ביידע — דער ייד און דער פּאָליאַק — זענען דערמאָרדעט געוואָרן. די לעצטע טעג האָט רינגעלבלום אינאיינעם מיט זיין איינציקן זון דורכגעמאַכט אין דער „פּאַוויאַק“=תפיסה. אינגיכן איז געקומען דער טויט.

אַט אַזוי זענען אומגעקומען די לעצטע שרייבער פון וואַרשעווער געטאָ, די אויסזינגער פון דעם פּאָלקס צער און צאָרן אין דער צייט פון די ערגסטע יסורים, [illegible]י, וואָס האָבן פאַרזיגלט הן אין קינסטלערישע בילדער, הן אין היסטאָרישע פאַרצייכענונגען דעם לכתחילה שטופנווייזן און דערנאָך מיטאַמאָליקן, געוואַלדזאַמען כּרעסטן אין דער געשיכטע מאָרד איבער אַ פאָלק. אויף די פעלדער פון די טויט=לאַגערן, אין די גאַז=קאַמערן און קרעמאַטאָריעס, אונטער די חורבות פון געטאָ — אומעטום, ווו עס ליגט צעזייט און צעשפּרייט דאָס אַש פון אויסגעמאָרדעטן פאָלק, געפינען זיך אויך די נאָמענלאָזע קברים פון די לעצטע שרייבער פון וואַרשעווער געטאָ.

צוזאַמען מיט אַ סך פון די אומגעקומענע זענען פאַרלוירן געגאַנגען אויך זייערע כתבים — פאַרלענדט דורכן פייער פון דער בראַנד=שׂרפה, פאַרניכטעט דורך פרעמדע און „היימישע" שאַבער=גזלנים, פאַרפוילט אונטער חורבות און אפשר אויך פאַרברענט אינאיינעם מיט די מחברים אין די קרעמאַטאָריעס.

אָבער, הגם די לעצטע ווערק פון די שרייבער=מאַרטירער זענען צו אונדז ניט דערגאַנגען, פילן מיר אַרויס זייער אינהאַלט, זייער מענטשלעכן פראָטעסט קעגן דער אימפּעריאַליסטישער רציחה, זייער טיפע פאַראַכטונג צו די נאַציאָנאַלע פאַרעטער, זייער גרענעצלאָזע ליבע צום פאָלק, זייער שטאַרקע וואָרענונג קעגן נייע וועלט=שחיטות. די ווערק האָבן געברענט, אָבער די אותיות זענען לעבעדיקע געפלויגן צו אונדז, צו די, וואָס האָבן איבערגעלעבט.

די פליענדיקע אותיות דערציילן דאָס זעלביקע, וואָס מיר קענען אַרויסלייענען פון די פאַרגעלבטע שמות, וועלכע האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון אומקום און פאַרגעסונג אַראָפּ דעם אונטערערדישן געטאָ=אַרכיוו און אַנדערע מערקווירדיקע אופנים פון אויסדויער.

אַזוי אַרום לעבן די אומגעקומענע שרייבער אין די ווערק, וואָס זענען נאָך זיי געבליבן.

V

# דאָס סינטעטישע בילד פון דעם געטאָ־גרויל

## (סקאַלאַוו, פּעלד, קאַצענעלסאָן)

אין די געביטן, וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשישע אימפּעריאַליסטן, האָט די יידישע ליטעראַטור געהאַט אירע גרעסערע אָדער קלענערע צענטערס: אין די געטאָס פון וואַרשע, לאָדזש, קראָקע, ביאַליסטאָק, לוואָוו, ווילנע, קאָוונע, ריגע. עס איז קאָנטינויִרט געוואָרן דאָס יידיש־ליטעראַרישע שאַפן אויך אין די אונטערערדישע יידישע קרייזן אין אָקופּירטן פראַנקרייך און בעלגיע. יידישע ליטעראַרישע שאַפונגען טרעפן מיר אויך אין די לאַגערן און תפיסות און אין די פּאַרטיזאַנישע מחנות.

יעדע געטאָ האָט געשאַפן אַן אָפּגעזונדערט געביט, וואָס איז געווען איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט. די פאַרבינדונג צווישן איין געטאָ און צווייטן האָט געקענט צושטאַנד קומען נאָר דורך אויסנאַם, אין רעזולטאַט פון זעלטענע אומלעגאַלע קאָנטאַקטן, וואָס האָבן אָפט געקאָסט דאָס לעבן פון די העלדישע פאַרבינדלער, ס'רוב מיידלעך. מיטן איינפירן די גרענגבערגער געזעצגעבונג אויף די אָקופּירטע שטחים, מיטן פאַרווערן יידן צו גייען פון באַן־פּאַרקער, מיטן אַרומטרייבן די געטאָס מיט הויכע מויערן — האָבן די היטלעריסטישע פעלקער־מערדער אַ סוף געמאַכט צו דער ביז איצטיקער עקזיסטענץ פון דעם יידישן קיבוץ אין פוילן ווי אַ פאַרבונדענע צווישן זיך באַפעלקערונג־גאַנצקייט. דער יידישער ישוב אין פוילן איז צעריסן געוואָרן אויף הונדערטער אָפּגעשניטענע גרעסערע און קלענערע געטאָס, „יידן־קוואַרטאַלן”, ביישטאָטישע לאַגערן. יעדע געטאָ האָט פאַקטיש פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ באַזונדערן, שטרענג איזאָלירטן קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואָס בלויז אַ קליינער טייל פון זיינע איינוווינער, מיט די בענדער אויף די אָרעמס, אָדער געלע לאַטעס אויף דער פּלייצע און ברוסט, האָט געקאָנט אַרויסגיין, ס'רוב אונטער אַ שמירה, אויף אַרבעט אויף דער דרויסנדיקער

זייט. דאָס פאַרלאָזן דעם איזאָלירטן „יידן־קוואַרטאַל" האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף, און די היטלעריסטישע „היטער פון אָרדענונג" האָבן אין דעם פאַל דאָס וואָרט געהאַלטן. אַ חוץ די ביצוואַנג דורכגעפירטע „איינזידלונגען" און אויסערעלטענע פאַלן פון אומלעגאַלן שמוגל פון מענטשן — האָט וועגן דער מינדסטער באַוועגונג צווישן איין געטאָ און צווייטן נישט געקענט זיין קיין רייד (מיט געוויסע אויסנאַמען, ווי למשל דעלעגאַציעס פון וואַרשעווער יודענראַט און „דזשאָינט" קיין קראָקע, וויזיטן פון רומקאָווסקין אין וואַרשע, אינספּעקציעס פון „דזשאָינט"־טוער וכדומה).

און אויב אַזאַ באַוועגונג צווישן די געטאָס פון איין אַדמיניסטראַציאָן־געביט — למשל, אין די ראַמען פון דער גענעראַל־גובערניע — איז געווען אוממעגלעך, האָט שוין אַוודאי נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַ פאַרקער צווישן די געטאָס פון דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנקס „מדינה" און די „יידן־ראַיאָנען" פון וואַרטעלאַנד אָדער פון די צייטווייליק פאַרכאַפּטע סאָוועטישע געביטן. ווי געזאָגט, זענען קאָנטאַקטן (אַ חוץ מיט לאָדזש) געווען, אָבער דאָס זענען געווען די באַזוכן פון די דרייסטע פאַרבינדלער און פאַרבינדלערינס פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, אָדער די הילף פון פּוילישע אונטערערדישע קורירן און פון אַזעלכע דייטשישע אַנטיפאַשיסטן ווי אַנטאָן שמידט.

אַ געוויסע צייט איז צווישן איינצלנע שרייבער איינגעהאַלטן געוואָרן אַ שטיקל קאָנטאַקט דורך בריוו. פאַרן אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד האָט אַ געוויסע חברטע, וואָס האָט זיך געפונען אין מערב־אוקראַינע, געהאַט אַ קאָנטאַקט דורך בריוו מיט יהודה פעלדן פון וואַרשעווער געטאָ. אין איינעם פון זיינע בריוו האָט פעלד געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פון די שרייבער אין געטאָ, די אוממענטשלעכע באַציונג פון די אָפיציעלע ספערן פון די יידיש־בירגערלעכע הילף־אינסטיטוציעס צו די נויטליידנדיקע יידישע ליטעראַטן. ער האָט אויך מודיע געווען וועגן דעם, אַז ער באַגראָבט אַ טייל זיינע כתבים אין אַ קעסטל אונטער אַ בוים אין דעם „טאָז"־הויף אויף גענשע 43. חוץ דעם פאַל פון אַ בריוולעכן קאָנטאַקט ווייסן מיר וועגן נאָך איינעם. אין דעם פעריאָד נאָך דעם 22־טן יוני 1941 זענען אָנגעקומען קיין קראָקע, אין געטאָ אַריין, אַליאַרם־בריוו פון די שרייבער משה שימעל און ה. ל. זשיטניצקי, וועלכע זענען געבליבן אין דעם שונאס אַרומרינגלונג אין אָקופּירטן לוואָוו. די פאַרצווייפלטע שרייבער האָבן געבעטן הילף. עס איז אויך געווען אַ שטיקל קאָנטאַקט דורך בריוו צווישן שרייבער פון ווילנער געטאָ מיט די פּען־קאָלעגן פון וואַרשעווער „יידן־באַצירק". אָבער דאָס אַלץ איז געווען על פי צופאַל, זעלטן, אָן אָפּגעריסענע דערשיינונג.

קיין אויסטויש פון ליטעראַטור־ווערטן צווישן איין געטאָ און צווייטן איז נישט געווען און האָט נישט געקאָנט זיין. סיידן — די גראַפאָמאַניע פון דער

יודענראַטישער „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“, וועלכע איז געפּלאַנט פון גאַליציע אויש זיין וואַרשע און פאַרקערט.

פון צייט צו צייט פלעגט זיך אַדורכרייסן אַ ידיעה וועגן דעם אָדער יענעם שרייבער. אַזוי האָט מען זיך אין וואַרשעווער געטאָ דערוווּסט, אַז משה שימעל האָט אין אָקופּירטן לוואָוו אָנגעשריבן אַ פּאָעמע א. נ. „יערעמיאַדע“. די פּאָעמע איז צו אונדז נישט דערגאַנגען. עס איז אַפילו נישט באַוווּסט לפי ערך דער אינהאַלט פון שימעלס ירמיהו-מאָטיוון.

צוליב די סיבות פון אַבסאָלוטער אָפּגעריסנקייט האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַ פולשטענדיקער איינהייטלעכקייט פון די ליטעראַרישע שאַפונגען אין די געטאָס. יעדע געטאָ האָט „געלעבט“ אין ספּעציעלע באַדינגונגען. איין מין געטאָ האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך וואַרשע, אַן אַנדער מין — לאָדזש, ווו די איזאָלירטקייט האָט אָנגענומען די סאַמע שאַרפסטע און פעדאַנטישסטע פאָרמען און ווו די פאַשיסטישע קאָנצענטראַציע און גלייכשאַלטונג פון „לעבן“ און די צענזור און איינגערעניש פון דעם „ייִדן-עלטסטן“ חיים מרדכי רומקאָווסקי איז דערגאַנגען צו איר גרוילעכסטן זעניט. און נאָך אַנדערש איז געווען אין ווילנער און ביאַליסטאָקער געטאָ — צוליב דער נאָענטקייט פון פּאַרטיזאַנישן וואַלד. דער הונגער-טויט, וואָס האָט אין יעדע רגע אַרייַנגעבליקט אין די אויגן פון יעדן פשוטן געטאָ-איינוווינער אין וואַרשע און לאָדזש, איז נישט געווען אין דער זעלביקער מאָס געפּערלעך אין די געטאָס פון ווילנע און ביאַליסטאָק. די אָפטע קאָנטאַקטן מיט דער פּוילישער אַנטיפאַשיסטיש-פּאַטריאָטישער אונטערערד, וועלכע מיר אָבסערווירן אין וואַרשעווער און קראָקעווער געטאָ, זענען אינגאַנצן נישט בנמצא אין רומקאָווסקיס „מלוכה“ אין „ליצמאַנשטאַט“. די דאָזיקע אונטערשיידן אין דער לאַגע פון די פאַרשידענע געטאָס, ווו עס האָבן זיך געפונען ייִדישע שרייבער, זענען גאַנץ גרויס און פאַרשיידנאַרטיק, און זיי האָבן געלייגט אַ בולטן, ספּעציפישן שטעמפּל אויף די ליטעראַרישע שאַפונגען אין די באַזונדערע ערטער.

אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע אונטערשיידן איז געווען איין וויכטיקער מאָמענט, וואָס האָט פאַרבונדן און ענלעך געמאַכט צו זיך סיי די אויסערלעכע, סיי די אינערלעכע אומשטענדן פון אַלע די געטאָס. דאָס איז געווען דער געמיינזאַמער גורל פון דער איזאָלירטער ייִדישער באַפעלקערונג, די זעלביקע, אין גרונט גענומען, פעלקערמערדערישע פּאָליטיק פונעם אָקופּאַנט, די זעלביקע כסדרדיקע עקזיסטענץ אין שאָטן פון טויט (הגם אין פאַרשידענע געטאָס האָט דער פאַרפירערישער כוח פון אילוזיע געהאַט פאַרשידענע שפּאַנונגען), די זעלביקע בדרך-כלל געפילן און שטרעבונגען פון דער ייִדישער מאַסע, דער זעלביקער, אין תוך גענומען, נאַציאָנאַלער פּאַראַט מצד די יודענראַטישע עלעמענטן און דער זעלביקער חלום פון ייִדישן מענטש וועגן נקמה, באַפרייונג, אָפטמאָל וועגן געווער,

זעגן ווידערשטאַנד און אויך וועגן ווידערגעבורט, וועגן ווידעראויפֿבוי, וואָס וועט מוזן קומען.

דעריבער פֿאַרמאָגן די ליטעראַרישע שאַפֿונגען פֿון די באַזונדערע געטאָס — טראָגן זייערע ספּעציפֿישע שטריכן און אייגענע, לאָקאַלע מאָטיוון — אויך געמייַנזאַמע שטריכן, וועגן וועלכע עס איז שוין טיילווייַז געווען אַ רייד אינעם ערשטן קאַפּיטל פֿון דער דאָזיקער אַרבעט. ביים אַנאַליזירן די שאַפֿונגען פֿון יידישע שרייבער אין די פֿאַרשידענע געטאָס דאַרף מען דעריבער נעמען אין אַכט סיי די ספּעציפֿישע, אויסטיילנדיקע סמנים, סיי די אַלגעמיינע, בשותּפֿותדיקע כאַראַקטעריסטישע שטריכן.

ווען מען רעדט וועגן דער ליטעראַטור פֿון די געטאָס, מוז מען נעמען אין אַכט נאָך איין מאָמענט: הן אויף דער טעמאַטיק, הן אויף דער שטימונג פֿון די ווערק האָט קודם־כּל געווירקט די באַשטימטע צייט, דער קאָנקרעטער עטאַפּ אין דעם באַרג־אַראָפּ פֿונעם געטאָ, ווען דער שרייבער האָט זיין שאַפֿונג פֿאַרפֿאַסט. די געשעענישן אין די געטאָס פֿון וואַרשע, לאָדזש און קראָקע האָבן בלויז אין ערשטן פּעריאָד, פֿאַר דער טאָטאַלער אויסראָטונג, זיך געהאַלטן אין געוויסע טראַגישע „גאָרמאַלע“ ראַמען; שפּעטער האָבן די גרויל־געשעענישן גענומען יאָגן מיט אַ קאָפּ־שווינדלערישער שנעלקייט. די געטאָס פֿון ווילנע און לוואָוו זענען תּיכף אַנטשטאַנען אונטערן צייכן פֿון מאַסן־מאָרד אין אַ מאָנסטער־פֿאַרנעם, דערנאָך איז געקומען אַ צייט פֿון לפֿי ערך כּלומרשטער „באַרואיקונג“, וועלכע האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. דאָס געטאָ פֿון לוואָוו און דער לאַגער אין יאַנאָוו האָבן בכלל כּמעט ווי נישט געהאַט קיין מינוח רו. דער אומשטאַנד האָט, נאַטירלעך, געווירקט אויף טאָרמאָזירן די ליטעראַרישע טעטיקייט. אין ווילנע איז אין אַ געוויסן זין אויך אַזוי געווען. אין ביאַליסטאָק זענען די מאָרד־געשעענישן געגאַנגען אין משך פֿון אַ געוויסער צייט מיט אַ פֿאַרלאַנגזאַמטן טעמפּ. דער ליטעראַריש אַקטיווער, דער עמפּפֿינדלעכער שרייבער פֿון די געטאָס איז געווען מיטגעריסן, אין טראַגיש־שעפֿערישן זין, מיט די שנעל־לויפֿנדיקע געשעענישן. איין מאָטיוו באַווייַזט נישט ביי אים אויסצושטיין, זיך אויסצופֿורעמען, און תּיכף קומט אָן אַ נייע סיטואַציע, וואָס פֿאָדערט אַ באַלדיקע פֿאַרפֿיקסירונג אויפֿן פּאַפּיר אָדער אין זכּרון. זעלטן ווען אַ ליטעראַריש שאַפֿן האָט זיך אַזוי בליץ־שנעל באַוועגט פֿאָרויס, פֿוס־טריט מיט די אומגליק־לויפֿנדיקע געשעענישן, ווי אויף אַן אומהיימלעכן פֿילם־באַנד, ווי דאָס שאַפֿן פֿון די ליטעראַריש־אַקטיווע שרייבער אין די געטאָס. נישט נאָר אויפֿן אינהאַלט פֿון די שאַפֿונגען, נאָר אויך אויף זייער פֿאָרם האָט די דאָזיקע דערשייַנונג געלייגט איר בפֿירושן חותם. צום בולטסטן איז דאָס צו באַמערקן אין די ווערק, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין דעם גרעסטן געטאָ, אינעם וואַרשעווער.

אויפן סמך פון אַן אַנאַליז פון די אָפּגעראַטעוועטע ליטעראַרישע שאַפונגען פון וואַרשעווער געטאָ און אויך פון די קאַרגע ידיעות וועגן דעם אינהאַלט פון די פאַרלוירן געגאַנגענע ווערק, לאָזן זיך אָנמערקן עטלעכע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער ליטעראַטור פונעם געטאָ אין וואַרשע.

איינער פון די עיקרדיקע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון ליטעראַרישן שאַפן, וואָס איז חל אויפן ערשטן פעריאָד — ביז דער ערשטער מאַסן=ליקווידאַציע — אין וואַרשע, איז: דער דראַנג פונעם שרייבער צו פאַרפיקסירן קינסטלעריש דעם גאַנצן גאַנג פון די געשעענישן, דעם סינטעטישן גורל פון די ייִדן דורך דער פריזמע פון די איבערלעבונגען פון יחידים און משפחות, וואָס זייער אינדיווידועלער גורל ווערט איינדייטיק, גיסט זיך צונויף מיטן גורל פון פאָלק אינעם שטייג פון די געטאָ=ווענט. דער דאָזיקער דראַנג שפּיגלט זיך, נאַטירלעך, אָפּ אין דער פאָרם. אין דעם דאָזיקן פעריאָד שטרעבט דער פּראָזאַיקער פון וואַרשעווער געטאָ צו שאַפן ברייטע לייוונטן, גרויסע סאָציאַלע ראָמאַנען, אָדער גאַנצע ציקלען; דער פּאָעט וויל דעם סינטעז פון געטאָ=לעבן אַריינגעמען אין אַ ברייטן עפּאָס.

פאַר דעם דאָזיקן פעריאָד און פאַר דעם דאָזיקן וויכטיקן שטריך פון דער ליטעראַטור אין וואַרשעווער געטאָ זיינען כאַראַקטעריסטיש קודם=כל: דער ראָמאַן, אונטערגעשריבן דורך ה. גרויל, אונטערן נאָמען „די האַק אָן קרייץ“, אין צוויי טיילן; דער ציקל נאָוועלן פון יהודה פעלד אונטערן געמיינזאַמען טיטל „אין די צייטן פון המן דעם צווייטן“; און די עפּישע פּאָעמע פון יצחק קאַצענעלסאָן „יזכור“ צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע פּאָעמעס פונעם דיכטער. די ערשטע צוויי ווערק האָבן אויסגעדויערט די פאַרניכטונג און זיינען דערגאַנגען צו אונדז; דאָס דריטע, די פּאָעמע „יזכור“, איז געוואָרן פאַרלוירן.

ווער איז ה. גרויל, דער מחבר פון דעם איינציקן אָפּגעראַטעוועטן גרויסן סאָציאַלן ראָמאַן פון געטאָ? אויפן סמך פון גביות=עדות פון צוויי לעבן=געבליבענע מיטאַרבעטער פונעם רינגעלבלום=אַרכיוו און אויפן יסוד פון אַ פאַרגלייך=אַנאַליז מיט די פריערדיקע, פאַרמלחמהדיקע שאַפונגען פון דעם זעלביקן מחבר, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אונטערן פּסעוודאָנים ה. גרויל באַהאַלט זיך דער ייִדישער נאָוועליסט זלמן סקאַלאָוו (דער אמתער נאָמען: פלוסקאַלאָווסקי).[1] אמת, אַ געוויסן צווייפל האָט אַריינגעבראַכט די אינפאָרמאַציע פון עמנואל רינגעלבלום, וואָס מיר האָבן געפונען אין דעם צווייטן טייל פון זיינע נאָטיצן, די אויסגעגראָבענע אויפן שטח פון די חורבות פון נאָוואָליפּקי 68 דעם ערשטן דעצעמבער

[1] אין פאַרשידענע אויסגאַבעס ווערט סקאַלאָוו-פלוסקאַלאָווסקיס נאָמען בישט ריכטיק אָנגעגעבן. מען רופט אים אָן: ליוב, מישא און. דער אמתער נאָמען פון דעם שרייבער איז — זלמן.

1950. אין דער ארבעט „ווי אזוי איז אונטערגעגאנגען די יידישע אינטעליגענץ פון ווארשע“ שרייבט רינגעלבלום צווישן אנדערן אט וואָס:

„סקאלאָוו זלמן האָט ארויסגעוויזן אן אויסערגעוויינלעכן אויסדויער בשעת אלע בלאָקאדעס. ער פלעגט זיך אין דער צייט פון דער גרעסטער סכנה ארומדרייען אין די גאסן, האנדלענדיק מיט פאפיראָסן. איך האָב אים מיט אייניקע אנדערע, ווערטפולע פערזאָנען געהאָלפן ארייַנצובאקומען זיך אין בערשטערשאָפ און פון דאָרט איז ער ווייזט אויס צוגענומען געוואָרן. סקאלאָוו האָט א גאנצע צייט געשריבן און דווקא אויף אקטועלע טעמעס — וואָס עס איז דערמיט געוואָרן ווייס איך נישט“.

שוין־זשע האָט רינגעלבלום געמאכט א טעות? שוין־זשע וואָלט ער, אין חער צייט, ווען ער האָט געשריבן די אָקאָרשט ציטירטע ווערטער, לאנג נאָך דער ערשטער „אויסזידלונג“, נישט געוווסט, אז אין דעם ערשטן טייל פון ארכיוו, וואָס איז באגראָבן געוואָרן דורכן לערער ישראל ליכטענשטיין און דורך די ארבעטער נחום גזשיוואַטש און דוד גראבער אין סאמע פלאקער פון דער ערשטער ליקווידאציע, געפינט זיך אויך סקאלאָווס ראָמאן? צי זאָל דאָס הייסן, אז נישט זלמן סקאלאָוו איז דער מחבר פון דעם ראָמאן „די האק אָן קרייץ“? שוין־זשע זאָל דאָס באדייטן, אז ה. גרויל איז א פסעוודאָנים פון אן אנדער שרייבער?

לאָמיר אביסל גענויער אנאליזירן דעם ענין.

דעם ערשטן טייל פון אונטערערדישן געטאָ־ארכיוו, אין צען בלעכערנע קעסטלעך (אזוי פיל האָט מען אָפּגעפונען אין הארבסט פון 1946־טן יאָר), האָבן די דערמאָנטע ליכטענשטיין, גזשיוואַטש און גראבער באגראָבן אונטער א קעלער אויף נאָוואָליפּקי 68 אין דער נאכט פון 2־טן אויפן 3־טן אויגוסט 1942. אויב דער ראָמאן „די האק אָן קרייץ“ געהערט צו זלמן סקאלאָוון, האָט דער דאָזיקער שרייבער געמוזט איבערגעבן די אונטערערדישע ארכיוויסטן זיין מאשין־שריפט (דער ראָמאן איז געשריבן אויף מאשין אין עטלעכע קאָפּיעס) פריער, אָדער פאר דער ליקווידאציע, אָדער בעת איר אָנהייב. ווען דער ראָמאן וואָלט ארייַנגעלייגט געוואָרן אין אונטערערדישן ארכיוו פאר דער ליקווידאציע, וואָלט רינגעלבלום דערפון זיכער געוווסט, וואָרעם ער נאָטירט ביי זיך א סך ווייניקער וויכטיקע פאקטן. אויב דער ראָמאן איז געוואָרן איבערגעגעבן די אונטערערדישע ארכיוויסטן שוין בעת דעם ליקווידאציע־פייער און איז תיכף באגראָבן געוואָרן דורך ליכטענשטיינען, גראבערן און גזשיוואטשן, האָט רינגעלבלום געקאָנט וועגן דעם נישט וויסן, וואָרעם ער איז דעמלט געזעסן באהאלטן אין דעם סטאָלערייַשאָפ אויף נאָוואָליפּקי 59, וואָס ליגט אביסל ווייטער אויף רעכטס קעגנאיבער דעם הויז נאָוואָליפּקי 68, און איז ביים לעצטן אקט פון באהאלטן די צען קעסטלעך פערזענלעך נישט געווען. ישראל ליכטענשטיין שרייבט טאקע אין זיין גע־

זעגן=ארבעט „און עס איז געשען“, וועלכע ער האָט ארייַנגעלייגט אין איינעם פון די בלעכענע קעסטלעך, די פאָלגנדיקע ווערטער: „היינט האָב איך געזען, ווי ד״ר רינגעלבלום זיצט אין סטאָלערייַ=שאָפּ אויף נאָוואָליפּקי 59. ער באהאלט זיך אוים מיט זיין משפחה. איז דאָס דער פּלאַן? האָט מען געדאַרפט צו דעם דערלאָזן, אז די עסקנים האָבן געזאָרגט נאָר פאר זייער פּריוואטן לעבן און לאָזן אלץ אויף הפקר?“[2]

ווי עס דרינגט ארוים פון א גבית=עדות פון דער אָפּגעראטעוועטער געוועזענער שילערין פון ד״ר עמנואל רינגעלבלום אין דער גימנאזיע „יהודיה“ בעלא ליכטענבוים, האָט א גרופּע שילער פון אָט דער גימנאזיע באגראָבן אונטער רינגעלבלומס דירעקטער אָנפירונג א צווייטן טייל פון דעם אונטערערדישן געטאָ=ארכיוו, אויך אויף נאָוואָליפּקי.[3] דער עדות געדענקט שוין נישט גענוי נישט דעם נומער פון הויז (זי פּארטוישט דעם נומער 68 אויף 40), נישט די דאטע (זי גיט אָן מיט א בפירושן קווענקל דעם חודש נאָוועמבער 1942). זי דערמאָנט די נעמען פון רינגעלבלומס תלמידים: איר קוזין בן=ציון (אָדער בנימין) ליכטענבוים און קאָווארסקי. און באמת: אין צווייטן טייל פון אונטערערדישן געטאָ=ארכיוו, וואָס איז באגראָבן געוואָרן, לויט אלע סימנים, סוף פעברואר אָדער אָנהייב מערץ 1943, געפינען מיר א מין צוואה, אונטערגעשריבן דורך דריי שילער: חיים קאָווארסקי, בן=ציון ליכטענבוים און יהושע שווארצבערג.[4] מיט אנדערע ווערטער: עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אז ביים באגראָבן דעם צווייטן טייל פונעם ארכיוו האָט רינגעלבלום גענומען פּערזענלעך אָנטייל, אָבער ביים באהאלטן אונטער דער ערד דעם ערשטן טייל — נישט.

פון דעם אלעמען דרינגט ארוים, אז עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אז סקאלאָוו האָט איבערגעגעבן ליכטענשטיינען זיין ראָמאן אין דער לעצטער מינוט, ווען דער טויט האָט געלויערט יעדע רגע, וועלנדיק אזוי ארום אָפּראטעווען דאָס ווערק.

ווייטער דארף געזאָגט ווערן, אז רינגעלבלום, הגם ער נאָטירט אלץ גענוי און געדענקט א סך זאכן, האָט אָבער נישט אלץ געוווסט און האָט אויך געקאָנט פארגעסן. אָט, למשל, אינפאָרמירט ער אין איינער פון זיינע לעצטע נאָטיצן זייער בפּרטיותדיק וועגן אלע טאָגביכער — די פאראנענע און די נישט פאראנענע — וועלכע זענען געשריבן געוואָרן אין געטאָ. ער ווייסט אפילו אָפּטמאָל, ווו אזא טאָגבוך, וואָס געפינט זיך נישט אין ארכיוו, איז באהאלטן געוואָרן. אָבער וועגן אזא וויכטיקן טאָגבוך, ווי שמואל ווינטערס, וועלכן דער לעצ=

[2] זע: „בלעטער פאר געשיכטע“, ב׳ 2, העפט 1—4.

[3] זע: ב. מארק — „חורבות דערציילן“, ז׳ 250.

[4] זע: „בלעטער פאר געשיכטע“, ב׳ 4, ה׳ 1.

מער האָט גענומען שרייבן נאָך אין יאָר 1942, ווייסט רינגעלבלום ממש גאָר־נישט; ער דערמאָנט אים אפילו נישט. רינגעלבלום איז געווען מיט ווינטערן גאַנץ נאָענט, ער שרייבט וועגן אים, און אויך ווינטער רעדט אין זיין טאָגבוך וועגן רינגעלבלומען — און פונדעסטוועגן פיגורירט נישט ווינטער אויף רינגעלבלומס רשימה פון די טאָגביכער־פאַרפאַסער. הייסט עס, אַז אָדער רינגעלבלום האָט נישט געוווּסט, אָדער ער האָט פאַרגעסן.

רינגעלבלום האָט אין זיינע נאָטיצן פאַרגעסן אויך וועגן די כתבים פון דעם שרייבער יהודה פעלד, וועלכע זענען געפונען געוואָרן אין ערשטן טייל פון אונטערערדישן ארכיוו פון וואַרשעווער געטאָ. פון דעם צווייטן טייל פון אברהם לעווינס נאָטיצן און פון גביות עדות ווייסן מיר, אַז פעלד איז געווען צווישן די אָנפירנדיקע טוער פון אונטערערדישן ארכיוו, פונעם א. ג. „עונג שבת“. רינגעלבלום האָט זיך אַזוי ארום מיט אים געטראָפן, און מסתמא גאַנץ אָפט. פאַרוואָס דערמאָנט ער נישט וועגן פעלדן, נישט וועגן זיינע שאַפונגען? עס קאָן זיין, אַז עס האָט דאָ געווירקט א מאָמענט פון קאָנספּיראַציע, פון מורא, טאָמער פאַלן אריין די נאָטיצן און מען וועט אין זיי געפינען דעם נאָמען פון א קאָמוניסטישן שרייבער. און עס איז אויך מעגלעך, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן איינפאַכן פאַרגעסן. גיכער איז אָנצונעמען די צווייטע מעגלעכקייט, וואָרעם רינגעלבלום האָט געקענט נישט אָנרופן פעלדן ביים ריכטיקן נאָמען, נאָר אונטער ראשי תיבות, ווי ער טוט עס אין אנדערע פאַלן.

בנוגע סקאַלאָווס ראָמאַן איז די זאַך נאָך מער וווּנדערלעך דערפאַר, וואָס אין די קולטור־קרייזן פון געטאָ האָט מען געוווּסט וועגן ה. גרוילס ראָמאַן, והראיה — די גביות עדות פון די דערמאָנטע מיטאַרבעטער פון רינגעלבלום־ארכיוו. ביי סקאַלאָווס אָנטייל אין דער ליטעראַרישער ארויסטרעטונג אין פעברואַר 1941 אין לאָקאַל פון „טאָז“, ביי דער פאַקט, וואָס רינגעלבלום שטרייכט אונטער, אַז סקאַלאָוו האָט די גאַנצע צייט געשאַפן אויף אַקטועלע טעמעס, ביי דאָס, וואָס עס זענען אין ערשטן טייל פון רינגעלבלום־ארכיוו געפונען געוואָרן נאָר עטלעכע שאַפונגען פון זלמן סקאַלאָוו (אונטערן פּסעוודאָנים ה. גרויל), צווישן אנדערע א רעפּאָרטאַזש פון געטאָ־לעבן — און אַזעלכע רעפּאָרטאַזשן פלעגן דורך דער ארכיוו־אָנפירונג ס'רוב באַשטעלט ווערן, — דאָס אַלץ זאָגט עדות דערויף, אַז וועגן אַזא ווערק ווי א ראָמאַן, האָט מען געדאַרפט וויסן.

אָבער דאָ מוז גענומען ווערן אין באַטראַכט א צווייטער מאָמענט: נישט אַלע שרייבער האָבן זיך געהאַט דעצידירט אריינצוגעבן זייערע שאַרפע אנטי־היטלעריסטישע ווערק אינעם ארכיוו, צוליב מורא טאָמער פאַלן די מאַטעריאַלן אריין, און דעמלט קאָן דער גורל פונעם מחבר זיין א געחתמעטער. געוויסע שרייבער האָבן ווידער זייערע געטאָ־שאַפונגען געהאַלטן פאַר אַזוי וויכטיק און ווערטפול, אַז זיי האָבן עס בכלל נישט געוואָלט אָנטרויען פרעמדע מענטשן.

אפילו אין ארכיוו. טייל שרייבער האָבן אריינגעגעבן זייערע זאכן אין ארכיוו אונטער פסעוודאָנימען, אָדער בכלל אָן אן אונטערשריפט. טייל שרייבער האָבן אליין ערגעץ פארשטעקט זייערע נייע ווערק. מיטן פולן נאָמען האָבן זייערע זאכן, וואָס זיי האָבן איבערגעגעבן דעם ארכיוו, אונטערגעשריבן: יהודה פעלד, סלמן ליס, פרץ אָפּאָטשינסקי, יוסף קירמאן, יצחק קאצענעלסאָן און אנדערע.

סקאלאָוו איז קיין רעוואָלוציאָנער נישט געווען. אָבער זיין ראָמאן איז געווענדט דירעקט קעגן די היטלעריסטישע פייניקער. חוץ דעם האָט סקאלאָוו געקלערט, נאָך די ערשטע צוויי טיילן, אפשר אָנצושרייבן א דריטן. צו דעם אלעמען איז ער געווען א מענטש א צוריקגעהאלטענער, א נישט דרייסטער. דאָס אליץ האָט געקאָנט גורם זיין, ער זאָל נישט שטארק מפרסם זיין דעם ראָמאן. סוף כל סוף האָט ער אים צוליב קאָנספּיראטיווע צוועקן אונטערגעשריבן מיט א פסעוודאָנים. א פסעוודאָנים האָט ער, אגב, אויסגעקליבן א כאראקטעריסטישן — ה. גרויל. און אין לעצטן מאָמענט האָט ער אים געקאָנט געבן צו באהאלטן אין אונטערערדישן ארכיוו. רינגעלבלום האָט נישט געמוזט וועגן דעם וויסן, אָדער, ווי געזאָגט, ער האָט וועגן דעם פארגעסן.

אזוי ארום איז נישטאָ קיין גרונט נישט צו גלייבן די עדות, וועלכע שטעלן פעסט, אז דער מחבר פונעם ראָמאן „די האק אָן קרייץ" איז זלמן סקאלאָוו. בפרט, אז דער סטיל פון ראָמאן דערמאָנט סקאלאָווס אופן פון שרייבן אין זיינע פריערדיקע, פארמלחמהדיקע נאָוועלן און דערציילונגען.

סקאלאָוו האָט שטענדיק געהאט א נייגונג צום נאטוראליסטישן געמעל און איינצייטיק צו א געוויסן ראָמאנטיזם. אי ער האָט ראָמאנטיזירט די ווירקלעכקייט, אי ער האָט וועגן איר גערעדט מיט פארביטערונג. אין זיין געזעלשאפטלעכער שטעלונג האָט זיך געפילט אן אנטוישונג אין א ריי דערשיינונגען פון קאפיטאליזם. דערביי איז אין יסוד פון זיינע באטראכטונגען וועגן סאָציאלע פראָבלעמען געלעגן אן עלעגישע שטימונג, וועלכע איז טאקע געווען אן אויסדרוק פון דעם געפיל פון אנטוישונג. א סימן פון סקאלאָווס סטיל איז דער איערלעכער געראנגל פון רעאליזם מיט נאטוראליזם און א געוויסע מטושטשדיקייט און אומבאהאָלפנקייט אין דער שפראך און אין דער שילדערונג.

אויף דעם געטאָ־ראָמאן לאסטעט נאָך טאקע זייער שטארק דער נאטוראליסטישער געמעל מיט זיין איבערגעטריבענעם עראָטיזם. אָבער סקאלאָוו האָט אין געטאָ געמאכט א שטארקן שריט פאָרויס אין דער ריכטונג פון רעאליסטישן אויפפאסן די ווירקלעכקייט.

דער ראָמאן „האק אָן קרייץ" איז דערגאנגען צו אונדז — אדאנק דעם רינגעלבלום־ארכיוו — אין דריי מאשין־שריפט־קאָפּיעס. די קאָפּיעס זענען שטארק צעשעדיקט, א ריי זייטלעך זענען צעפליקט און כאאָטיש, ווי בחיפזונדיק איבערגעשריבן, מיט א סך דרוק־פעלערן. עס האָט זיך געפאָדערט א שטארקער אָנ־

שטרענג, מען זאָל פון אלע דריי טייל ווייז קאַליעדיקע קאַפּיטלען צונויפשטעלן איין גאַנצקייט. און נאָך אַלעמען זענען נאָך אַלץ פאַרבליבן געוויסע בלויז און נישט קלאָרע ערטער; אַזוי, למשל, ווערן נישט אויפגעקלערט די אומשטענדן, ווי אַזוי סענדערס פרוי ביילע יאַוועט זיך צוריק אין וואַרשע נאָך די שרעקלעכע איבער־לעבונגען אין דער לאָדזשער פּראָווינץ; עס זעט אויס, ווי עס וואָלט דאָ געפעלט אַ שטיק פון כתב־יד; און אפשר האָט עס דער מחבר פּראַקטירט ווי אַ „טשער־נאָוויק", ווי אַ ברוליאָן־אַרבעט.

דער ראָמאַן — אין דער פאָרם, ווי ער איז דערגאַנגען צו אונדז — זעט אויס צו זיין נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעפאַרטיקט ביזן סוף דורך דעם מחבר. מיר דאַרפן זיך דערביי דערמאָנען, אַז קיין פולשטענדיק רייפער און אויסקריסטאַליזירטער קינסטלער איז נאָך סקאַלאָוו ערב דער מלחמה נישט גע־ווען.

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע מאַנקאָמענטן אין דעם ראָמאַן, נישט געקוקט אויך אויף אַ געוויסער אומבאַהאָלפנקייט פונעם סטיל, וואָס דערמאָנט דעם אַמאָליקן סקאַלאָוו, נישט געקוקט אויפן אינדיווידואַליזם, וואָס טוט זיך דאָ און דאָרטן אַ רייס אַדורך, נישט געקוקט אויף געוויסע ממש פּאַטאַלאָגיש־עראָטישע סצענעס (מאַזור—וואָלפּאָווע), נישט געקוקט אויף אַ ריי קינסטלעריש שוואַכע פראַגמענטן — שטעלט מיט זיך סקאַלאָווס ראָמאַן פאָר נישט בלויז אַ ברייטע פּראָזע־לייוונט פון געטאָ־לעבן, נאָר אויך אַ באַדייטנדיקע קינסטלערישע דערגריי־כונג און אַן ערנסטע אידעיִשע פאַרטיפונג אין דעם אַנטוויקלונגס־וועג פון דעם שרייבער.

דער ראָמאַן פאַרמאָגט צוויי טיילן.

אויף איינעם פון די טעקסטן פונעם ערשטן טייל פון ראָמאַן איז פון אויבן אָנגעשריבן דאָס וואָרט „ראַטעוועט". צי האָט דאָס געדאַרפט זיין דער טיטל פון דעם ווערק? אָדער איז דאָס געווען אַ מין טראַגישער מאָטאָ? דערנאָך גייט דער פּאַקטישער נאָמען פון ראָמאַן: „האַק אָן קרייץ". דער צווייטער טייל טראָגט דעם טיטל: „קוואָ וואַדיס" (וווהין גייסטו?); אויף אַ צווייטן טעקסט פון צווייטן טייל איז אָנגעשריבן אַ צווייטער נאָמען: „קרייץ־שפּין".

אויף איין טעקסט פון ערשטן טייל איז פאַרשריבן אַ דאַטע: וואַרשע, ניי־יאָר 1940. דאָס איז געווים די דאַטע, ווען דער מחבר האָט אָנגעהויבן שרייבן דעם ראָמאַן, וואָרעם דער ערשטער טייל, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער מאָביליזאַציע אין סעפּטעמבער 1939, ענדיקט זיך אין דער צייט, ווען עס איז אָפּגע־שלאָסן געוואָרן אין וואַרשע דאָס געטאָ, דאָס הייסט — אָקטאָבער 1940. דער צווייטער טייל שליסט זיך מיט דער ידיעה וועגן דעם אָנפאַל פון היטלער־דייטש־לאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד, דאָס הייסט — יוני 1941. עס באַקומט זיך דער

איינדרוק, אַז דער מחבר האָט געהאַט בדעה ממשיך צו זיין דעם ראָמאַן. וואָס איז ווייטער געשען — ווייסן מיר נישט.

סקאַלאָוו פירט אַרויס זייער אַ גרויסע גאַלעריע פון געשטאַלטן. ער קאָנצענטרירט די הויפּט=אַקציע אין אַ הויף אויף גראַניטשנע גאַס, וווּ עס וווינען יידן גאָר רייכע, סוחרים (די וואָלפס), יידן פון האָרעפּאַשנעם קליינבירגערטום (די פאַרצווייגטע משפחה פון דער בערמאַן=גזע) און יידן גאָר אָרעמע, פּראָלעטאַריער און סתם אָרעמקייט (אין דער קעלער=שטוב ביי סראָלקע גאַרבער).

אָבער די אַנטוויקלונג פון דער אַקציע איז גורם, אַז זי גייט אַרויס ווייט מחוץ די ראַמען פונעם הויז אויף גראַניטשנע. פירנדיק טיילווייז די אַקציע רעטראָספּעקטיוו, שילדערנדיק די ביאָגראַפיעס פון די העלדן, צוריקקערנדיק זיך צום לעבן פון פאַר דער מלחמה, ווייזט אונדז סקאַלאָוו, ווי דורך אַ שפּאַלט אין דער געטאָ=וואַנט, די יידישע ווירקלעכקייט אין פריערדיקן „פרייען" קאַפּיטאַליסטישן פּוילן („דאָס קאַפּיטאַליסטישע פּוילן" — איז אַן אויסדרוק, וועלכן דער מחבר באַנוצט אָפט אין זיין ווערק), דהיינו: די שווערע לאַגע פונעם אַרבעטער, די בסדרדיקע דראָונג פון עקסמיסיעס, די אַנטי=יידישע עקסצעסן פון די פּאַשיסטישע סטודענטן, די פּויליש=רעאַקציאָנערע שותפים בײַ היטלערן. סקאַלאָווס העלדן בענקען נישט נאָכן אַמאָליקן פּוילן. זיי בענקען נאָך פרייהייט, נאָך אַ נייעם פּוילן, אָבער נישט נאָך פּילסודסקין. נאָך יענעם פּוילן בענקט נאָר דער סוחר כעמיע, בענקען די שפּעקולאַנטן, די וואָלפס. אקעגן=זשע דער יידישער פאָלקס=מענטש קוקט מיט אויסגעבענקטע אויגן אויף מזרח. די יוגנט גייט מאַסנווייז אַוועק צו דער דערנענטערטער סאָוועטישער גרענעץ. אויך דער סוחר וואָלף גייט אַריבער דעם בוג, ער קומט אָבער צוריק, און זיין ווייב, די דעמאָראַליזירטע, אָנגעפּרעסטע עגאָיסטקע עסטוסיע זאָגט: „אַ כפּרה זאָלן גיין „די" צוזאַמען מיט „יענע", זאָל שוין זיין אַזוי ווי געווען. מען האָט געלעבט און מען האָט געקאָנט לעבן". די וואָלפס בענקען נאָך דעם לעבן אונטערן בייטש פון דער סאַנאַציע. זיי האָט זיך דערמלט געלעבט גאַנץ גוט. דער מחבר דריקט אויס זיין עקל און שנאה צו אָט די בורזשואַזיע מאָשקעס דורך רעאַליסטיש=סאַטירישע שטריכן, מיט וועלכע ער צייכנט די סילועטקעס פון עסטוסיע, וואָלף און זייער משפחה.

סקאַלאָוו איז ווייט נישט קיין אָביעקטיוויסט, ער וויל נישט זיין קיין סתם אָבסערוואַטאָר. ער איז דורכגעדרונגען מיט האַס און מיט עקל צו די כעמיעס און וואָלפס. ער שטרייכט אונטער מיט געדעמפּטן סאַרקאַזם די מעשה=נבלה פון לובלינער יודענראַט, וועלכער וויל נישט העלפן די געטריבענע יידישע קריגסגעפאַנגענע. ביי אָט דער דערנידעריקטער בורזשואַזיע ווערט פאַרווישט יעדע מאָראַל, יעדער ניצוץ פון נאַציאָנאַלער אחריות און ווירדע. ווי נאָר עס קומט דער ערשטער סימן פון אַ שווערער צייט, אַזוי פאַרשניצלערט זיך מיט שטאַרקע טעמפּן דער מאָראַלישער פאַנאַנדערפאַל=פּראָצעס פון דער שפּעקולאַנטן=משפחה.

עסטוסיע איז גרייט אָפּצוגעבן איר קערפּער דעם פּוילישן לומפּן־בורזשוי מאזורן, אבי מאכן געשעפט. אָבער די כעמיעס און וואָלפס און די מענטשן פון יודענראט זענען נישט דאָס פאָלק. אָט דאָס איז סקאלאָווס בפירושער שטאַנדפּונקט.

מיט טיפער סימפּאטיע און ליבשאפט שילדערט סקאלאָוו די צענדליקער און צענדליקער געשטאלטן פון פאָלק. „אנדערש האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון די אָרעמע", זאָגט ער. די פּשוטע יידישע פאָלקס־מענטשן פון פּארטשעוו, זיי נעמען זיך אוועק פון מויל און גיבן הילף די אויסגעמוטשעטע קריגס־געפאנגענע זעלנער — יידן. אָט די שייך־ליניע צווישן בורזשואזער הארץ־שטייניקייט און פאָלקס־רחמנות, פאָלקס־סאָלידאריטעט, שילדערט סקאלאָוו מיט דער ברייטער האַנט אויפן פאָן פון דעם הויז אויף גראניטשנע. דער העכסטער שטאָק, די דירה פון די וואָלפס, ווערט א מלוכה פון שפּעקולאציע און מאָראלישער צעפאלונג. די מיטעלע דירה פון די בערמאנס צעפאלט זיך פיזיש — עס קומען אום אירע מיטגלידער איינער נאָכן צווייטן; דאָס איז א סימפּאטישע משפחה פון האָרעפאשניקעס און ארבעטנדיקער אינטעליגענץ. דער דאָזיקער שיכט מאכט נישט אדורך קיין מאָראלישער ירידה, נאָר ער קומט אום פיזיש. ער ווערט פּארטיליקט דורך די פעלקער־מערדער, ער פאלט א קרבן פון נויט און קראנקהייטן. עס ראַטעוועט זיך בלויז דער יינגערער זון אראָן, א קאָמוניסט, א געוועזענער פּאָליטישער ארעסטירטער, וועלכער גייט אוועק מיט זיין מיידל קיין ראטנפארבאנד. און עס דויערט דערוויַל אויס, אדאנק דער קרבנות־פולער קעגנזייטיקער הילף, די קעלער־שטוב — הגם אויך דאָ פאלן קרבנות פון דעם שונאס טעראָר. די קעלער־שטוב איז דער סימבאָל פון פאָלקישן אויסדויער, פון הארציקער קעגנזייטיקער הילף — און עמבריאָן פון קינפטיקן אקטיוון ווידערשטאנד.

די פּאָן, אויף וועלכער סקאלאָוו וויקלט פאנאנדער די אקציע, איז דער פּראָגנט, א יידיש שטעטל, ווארשע, דאָס געטאָ פון לאָדזש, ווידער ווארשע, די וועגן, וואָס פירן אויף מזרח. אין צענטער שטייען די יידישע גאסן פון ווארשע.

אין זייער א גרויסער מאָס איז „די האק אָן קרייץ" א ברייט־פּארמאָסטענע קינסטלעריש־אָנגעשריבענע כראָניק. דער מחבר ברענגט ארויס א סך אויטענטישע געשעענישן, ער גיט ציַיטנווייז אפילו צו באמערקונגען לשם פּינקטלעכקייט. ער שילדערט אזעלכע טראגישע היסטאָרישע געשעענישן, ווי די מאסן־הריגה אין ווישקעווע, די באָמבארדירונג פון ווארשע, דעם היטלעריסטישן רויב, די פּארגוואלדיקונגען, דאָס אומווארפן דעם קאָשטשיושקאָ־דענקמאָל אין לאָדזש, די גירושים פון ווארטע־לאנד, די ערשטע לאגערן וכדומה.

און אויף דער דאָזיקער פאקטאָגראפישער פּאָן ברענגט סקאלאָוו ארויס די געפילן־וועלט פון זייַנע העלדן, פון די פּאָרשטייער פון דער געדיכטער יידישער פאָלקס־מאסע אין אָקופּירטן ווארשע: די סראָלקעס און סאלעקס, די יאנקלס און סענדערס, די ביילטשעס און בלומטשעס, די דודס און רייזלס. די ליזעס און זשע־

גיעס, פאָרשטייער פון אלטן דור האָרעפאשניקעס און פון יונגן דור מענטשן פון פאָלק, וואָס בענקען נאָך ליבע, נאָך לעבן, נאָך וויסן, נאָך פרייהייט. עס קראכט אין אוממענטשלעכע יסורים א יידישער ישוב, און עס זאמלען זיך נייע כוחות אין די קעלער-שטובן. אמת, סקאלאָוו איז נישט דער באוווסטזיניקער שרייבער, וואָס זעט די אמתע סאָציאלע, היסטאָרישע סיבות פון דער קאטאסטראָפע. דער חיטלעריזם זעט אויס ביי אים ווי א פאטאלאָגישע דערשיינונג פון מענטשלעכער דעגענערירונג און נישט ווי א רעזולטאט פון דער אנטוויקלונג פון אגרעסיוון, רויבערישן אימפעריאליזם. דער אויפקום פון ווידערשטאנד-געפילן ביי דער מאסע, איר האס צו די רייכע, צום יודענראט, צו דער פאָליציי, איז א סטיכישער. מיר זעען נישט אינעם ראָמאן קיין פלאנמעסיקע באוווסטזיניקע ארבעט פון געזונטע קלאסן-עלעמענטן. סקאלאָוו אליין ווערט אָפטמאָל דערדריקט דורך די געשעענישן און פארלירט דאָ און דאָרטן דעם אידעאָלאָגישן קאָמפאס.

אָבער געפירט דורך דעם געזונטן אינסטינקט און ערלעכן געפיל פון א פאָלקס-טרייען שרייבער, אנטפלעקט ער אלע אויסערלעכע און אינערלעכע גרוילן, און ער פארזעט אויך נישט דאָס יהידישע. אין סאמע געווירבל פון די רדיפות און יאָגנדיקע פאסירונגען, אינמיטן פון חיהשן הונגער און מורא, פארוועבן זיך הארציקע ליבעס צווישן יונגע מענטשן, גייט אויס דאָס הארץ פון א פרוי אין בענקעניש נאָך איר מאן, וואָס איז אומגעקומען, שפינט אויס א קראנק קעלער-מיידל איר טרוים פון א בעסערער און שענערער וועלט, איז זיך איין משפחה-מענטש מקריב פארן צווייטן. די אלע סימנים פון אמתער מענטשלעכקייט, וועלכע דער שרייבער זאמלט אזוי גיריק און שטרייכט זיי אונטער מיט ליבשאפט, טרעטן ארויס טראָץ דעם פראָצעס פון אויסשטארבן פון דער אָרעמקייט — אָט דעם פראָצעס האָט סקאלאָוו אויפגעכאפט מיט זיין שארף אָבסערווירנדיק אויג און איבערגעגעבן מיט אזא איבערצייגונגס-קראפט, אז עס ווירקט א סך סוגעסטיווער ווי צענדליקער פינקטלעכע רעפאָרטאזשן.

צו די בולטע סימנים פון עכטער מענטשלעכקייט, וואָס טרעטן ארויס אויף דער פאָן פון אכזריות און יסורים, געהערן בלי שום ספק די אינטערנאציאָנאליסטישע געפילן, מיט וועלכע עס איז דורכגעדרונגען א ריי סקאלאָווס פאָלקס-געשטאלטן, סיי יידישע, סיי פוילישע.

אין קעלער-שטוב וואוינט זיך אין דער ערשטער צייט, פארן אָפשליסן דאָס געטאָ, א פויליש מיידל, א קינד פון פוילישן ארבעטנדיקן דאָרף — וואנדא. א מענטש מיט א גאָלדן הארץ, מיט אָנשווינגען, וועלכע זענען זייער נאָענט צו דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, א מענטש, „וואָס די יידישע ליידן האָבן איר ווי געטאָן נישט ווייניקער, ווי די ליידן פון איר פאָלק“ — אזוי כאראקטעריזירט זי דער מחבר. וואנדא און — דער קינפטיקער שמאלצאָווניק מאזור; דעם סטרוזשס זון וואציק, א טיפ פון א יונגטלעכן פאטריאָט, און — זיין מאמע מאלגאָשע, א

טיפּישע שאַבערניצע — אָט די דאָזיקע בפירושע שייד־ליניע אין דער פּוילישער געזעלשאַפט האָט אויף אַ ריכטיקן אופן באַמערקט דער מחבר פונעם ראָמאַן „די האַק און קרייץ“. סקאַלאָוו האָט זיך אויסגעהיילט פון נאַציאָנאַליסטישע פאָראורטײלן. ביי אים גייט נישט די שייד־ליניע: יידן און „גויים“, ביי אים איז פאַראַן אַ גרופּקע יידישע אויסוואורפן און עגאָיסטן, און — די האַרציקע יידישע פאָלקס־מאַסע, ביי אים איז נישט דער אָפּשטויסנדיקער טיפּ פון פּויליש־רעאַקציאָנערן שמאַלצאָוויטש קיין פאָרשטייער פון פּוילישן פאָלק, נאָר פאַרקערט — אַ רענעגאַט פון דער פּוילישער געזעלשאַפט. די אמתע פאָרשטייער פון פּוילישן פאָלק זעט סקאַלאָוו אין די פּרעכטיקע געשטאַלטן פון אמתע מענטשן: וואַנדאַ, וואַצעק. וואַנדאַ פאַלט אַ קרבן פון די היטלעריסטישע לאַפּאַנקעס. זי ווערט פאַרשלעפּט קיין דייטשלאַנד. דאָרט קומט זי אום. זי איז אַ קרבן פון ראַסיסטישן היטלעריזם, פונקט ווי די יידן. אין אָט דער אָפּשאַצונג איז סקאַלאָוו געווען אין פולן הסכם מיט דער ווירקלעכקייט.

און וועגן דעם יונגן יידישן מיידל זשעניע, דעם קעלער־מיידל, זאָגט סקאַלאָוו: „איר יונג הערצל האָט געקלאָגט נישט בלויז איבערן אומגליק פון די יידישע מאַסן — די ליידן פון די ענגלישע און דייטשישע מוטערס זענען געוואָרן איר אייגנס, ווייל דער גרויסער חורבן פון דער גאָרער וועלט האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין איר אָנגעווייטיקטן געמיט“.

סקאַלאָווס ראָמאַן איז אין אַ געוויסער מאָס אַ קינסטלערישע באַשטעטיקונג פון די אמתן, וועלכע עס האָט געפּרעדיקט די אַנטיפאַשיסטישע פּרעסע אין געטאָ: דאָס אמתע פּוילישע פאָלק זענען די, וואָס ווערן געפּייניקט דורך דעם אָקופּאַנט, די, וואָס שמאַכטן אין די תפיסות און לאַגערן, די, וואָס האַלטן הויך די פאָן פון „אונדזער און אייער פרייהייט“.

נאָך סקאַלאָוון זענען אין אונטערערדישן ארכיוו פון וואַרשעווער געטאָ פאַרבליבן נאָך עטלעכע, קלענערע זאַכן: „אַ שפּאַציר איבער די פונקטן“, „אין קיינעמס לאַנד“ (דער כתב־יד איז שטאַרק צעשעדיקט), „אַרבעט פון אַ סך“. דאָס זענען רעפּאָרטאַזשן פון דעם טרויעריקן גסיסה־לעבן אין די פונקטן פאַר הײמלאָזע, פון דעם גירוש פון וואַרטע־לאַנד, אַ גאַליקע סאַטירע פון געטאָ־לעבן. אין אַלע די זאַכן פילן מיר דעם אינערלעך ברויזנדיקן פּראָטעסט פון מחבר קעגן די מוראדיקע אַטענטאַטן פון צעווילדעוועטן פאַשיזם אויפן מענטשלעכן לעבן, אויף זיין פרייהייט און ווירדע. די דאָזיקע קלענערע זאַכן פון זלמן סקאַלאָוו מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק. אָבער ווען מיר רעדן וועגן דעם וויכטיקן שטריך פון דער יידישער ליטעראַטור אין וואַרשעווער געטאָ — וועגן דעם דראַנג פונעם שרייבער צו געבן אַ פולע און ברייטע לייוונט פונעם גורל פון די געטאָ־אסורים, — האָבן מיר אין זינען קודם־כל נישט די קליינע שאַפונגען, נאָר דעם דרייסט־פאַרמאָס=

טענעם און ברייט־אָטעמדיקן ראָמאַן פון זלמן סקאַלאָוו, מיט אַלע זיינע חסרונות, וועלכע זענען אָבער נישט אימשטאַנד צו פאַרשטעלן דעם עיקר: דאָס גרויסע בילד פון אַ גאַנצער עפּאָכע, פון אַ שטיק געשיכטע פון אונדזער פאָלק אין דער סאַמע טראַגישסטער צייט פון זיין שווער־געפּרוווטער עקזיסטענץ.

דער צווייטער שרייבער פון וואַרשעווער געטאָ, ביי וועלכן עס לאָזט זיך אָבסערווירן דער זעלביקער שטריך — דער דראַנג צו געבן אַ גאַנץ און אַלזייטיק בילד פון יענער צייט — איז יהודה פעלד (מיר רעדן דאָ אַלץ וועגן די ווערק, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונדז).

פעלד (פעלדוורם) האָט נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין גאַנצן ראָמאַן, אַזוי ווי סקאַלאָוו. ווי עס דרינגט אָבער ארויס פון די טעקסטן, וואָס זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אַדאַנק דעם רינגעלבלום־אַרכיוו, האָט פעלד געפּלאַנט אַ גרעסערע, ברייט־פאַרמאָסטענע פּראָזע־אַרבעט, אָדער אַ ציקל דערציילונגען וועגן דעם גורל פון די געטאָ־אסורים. נאָך פעלדן זענען געבליבן די פאָלגנדיקע דערציילונגען און נאָוועלן: „גירוש פ—ק“, כייקל, פייקל און בייקל“, „שריי, ייד, שריי!“, „פופצן מינוט נאָך פינף“, „שרהלע גראַבער“, „אָן אַ היים“, „אַ חלום פון אַ מאַמע“, „הונגער“. די לעצטע פינף זענען דורכן מחבר אָפּגעמערקט ווי פראַגמענטן פון גרעסערע אַרבעטן. אונטער די טיטלען פון די שאַפונגען „פופצן מינוט נאָך פינף“ און „שרהלע גראַבער“ האָט פעלד באַמערקט: „אַ פראַגמענט פון אַ גרעסערער דערציילונג א. נ. „אין די צייטן פון המן דעם צווייטן“. אונטער די נעמען פון די דערציילונגען „אָן אַ היים“, „אַ חלום פון אַ מאַמע“ און „הונגער“ האָט דער מחבר צוגעגעבן אַ שורה: „פון ציקל „אין די צייטן פון המן דעם צווייטן“. הייסט עס, אַז פעלד האָט פּלאַנירט אַ גרעסערע דערציילונג, וואָס „פופצן מינוט נאָך פינף“ און „שרהלע גראַבער“ האָבן געדאַרפט זיין אירע פראַגמענטן. אין ביידע דערציילונגען טרעט טאַקע ארויס די זעלביקע פיגור פון ד״ר עטקין. די גרעסערע דערציילונג איז, ווייזט אויס, פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ ברייטע לייוונט וועגן „די צייטן פון המן דעם צווייטן“ — וועגן די צייטן פון היטלערן און זיין פעלקערמערדערישן רעזשים. אין אַ געוויסער צייט שפּעטער האָט דער מחבר, מסתמא, געענדערט זיין פּלאַן פון שרייבן איין גרויסע דערציילונג — אויף אַ פּלאַן פון אַ ציקל פון קלענערע דערציילונגען אונטערן זעלביקן געמיינזאַמען נאָמען און אויף דער זעלביקער ברייט־אַרומנעמענדיקער טעמע. ווען געגעבן די אַלע דערציילונגען זענען אָנגעשריבן געוואָרן, ווייסן מיר נישט. אַ דאַטע האָבן מיר בלויז אין צוויי ערטער, ביי די דערציילונגען „אָן אַ היים“ און „אַ חלום פון אַ מאַמען“ — דעם צווייטן מאַי 1941; דאָס איז געווען די צייט פון פאַרטראַכטן ציקל. אַ דאַטע פיגורירט אויך אונטער „שריי, ייד, שריי!“ — דער 21־טער מאַי 1941. „שריי, ייד, שריי!“ פאַרמאָגט אויך אַן אונטערקעפּל: „בליצן אויף דער

נאס". דאָס איז דורכן מחבר טראַקטירט געוואָרן ווי א בליציקער גאַסן־רעפּאָר־טאַזש, וואָס קאָן זיך פאַקטיש אויך אַריינפּאַסן אינעם ציקל „אין די צייטן פון המן דעם צווייטן".

אזוי, אָדער אנדערש — דער פאַקט, אז פעלד האָט געשמדעבט ארויסצו־ברענגען א ברייטע גאַנצקייט פון די געשעענישן און איבערלעבונגען, אונטערליגט נישט קיין שום ספק. די באַזונדערע דערציילונגען זענען דורך אים נישט באַ־טראַכט געוואָרן ווי אָפּגעריסענע, באַזונדערע שאַפונגען, נאָר ווי אָרגאַנישע טיילן פון א גרעסערער גאַנצקייט. ווען מיר באַקענען זיך נאָענטער מיט פעלדס איבער־געבליבענע אכט דערציילונגען, זעען מיר, אז זיי באַרירן טעמעס, וועלכע גייען איינער נאָך דער צווייטער לויט א געוויסן היסטאָרישן סדר און באַהאַנדלען דערשיינונגען פון געטאָ־לעבן, וועלכע טויכן אויף אויך לויט א געוויסער ריי.

„פופצן מינוט נאָך פינף" שילדערט די ערשטע פאַזע פון דער מלחמה. ס'איז נאָך נישט די אָקופּאַציע, ס'איז די היטלעריסטישע אַגרעסיע אויף פּוילן, ס'איז סעפּטעמבער 1939 — די אכזריותדיקע באָמבאַרדירונג פון וואַרשע און די ריזיקע צאָל קרבנות צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג.

„שרהלע גראַבער" ברענגט אַרויס די ערשטע טעראָר־אַקטן פון דער היטלע־ריסטישער רייכסווער נאָכן אַריינמאַרשירן קיין וואַרשע, די ערשטע נאַכט־אַרעס־טן און מאַסן־צעשיסונגען.

„גירוש פּ—ק" איז א ברייט־אָטעמדיקע שילדערונג פון דעם יידן־גירוש פון וואַרטע־לאַנד, פון דער לאָדזשער פּראָווינץ, מיט א רעטראָספּעקטיווער באַשריי־בונג פון א פראַגמענט פון דער פאַרמלחמהדיקערווירקלעכקייט. די באַזונדערע וויכטיקייט פון „גירוש פּ—ק" באַשטייט אין דעם, וואָס דער מחבר פירט דאָ אַרויס דעם ערשטן סטיכישן, אינדיווידועלן ווידערשטאַנד פון א פּשוטן יידישן פאָלקס־מענטש, שלמהלע פעלדשער.

„אָן א היים" באַשרייבט די טראַגעדיע פון די פאַריתומטע, פאַרוואָרלאָזטע קינדער, די מאָראַלישע יסודים פון דעם באַוווסטזיין, אז מען איז היימלאָז, די טיפע, רירנדיקע בענקשאַפט נאָך אן אייגענער נעסט, נאָך א סטאַבילער היים.

„א חלום פון א מאמע" און „הונגער" ברענגען אַרויס אויף א שטאַרקן, בולטן און רירנדיקן אופן די גרעסטע פּלאָג פון געטאָ אין דעם ערשטן פּעריאָד — דעם טאָטאַלן הונגער.

„שריי, ייד, שריי!" איז א זאַמלונג פון אויסטרייכלענדיקע בילדער פון דער געטאָ־גאַס. ווי אויף א פילם־טאַשמע, לויפן אַדורך און קריצן זיך איין טיף אין זכרון די וויכטיקסטע געשעענישן אויף די גאַסן פון דעם אויסשטאַרבנדיקן ראַ־יאָן. אין קענטזאַזן צו טשערווינסקיס לאַקריץ־זיסער, פּאַלשער, ליגנערישער

„סימפאָניע פון דער גאס“, איז פעלדס באשרייבונג א מעכטיקער באשולדיקונגס-
אקט, א מין „שריי, כינע!“, איבערגעטראָגן אין דער ווירקלעכקייט פון געטאָ.
„בייקל, פייקל און בייקל“ שטעלט מיט זיך פאָר א בייסיקע סאטירע אויף
די קהלשע פארזאָרגער, וועלכע פאראזיטעווען אויפן אָרגאניזם פון פאָלק. אין אָנ-
געזיכט פון דער לאגע פון געטאָ קומען ארויס די געטאָ-„פארזאָרגער“ נאָך מיאו-
סער, נאָך העסלעכער, נאָך רעגעגאטישער.
לאָמיר די אלע באזונדערע דערציילונגען צונויפנעמען צוזאמען, און מיר
וועלן באקומען אן אינערלעך פארבונדענע גאנצקייט, אין א געוויסער מאָס —
אן אלזייטיק בילד פון די ליידן, פון דעם אונטערגאנג און פון די צאָרן-געפילן
פון דער יידישער מאסע אין די צייטן פון המן דעם צווייטן, אונטער דער טויט-
בייטש פון דעם היטלעריסטישן רעזשים.

אויף אלע די אכט דערציילונגען פיגורירט דער פולער נאָמען פון מחבר:
יהודה פעלד. לשם קאָנספיראציע רופט דער אויטאָר נישט אָן די היטלעריסטן
ביי זייער אמתן נאָמען, נאָר מיט אזעלכע קריפטאָנימען, ווי: „באבילאָנער“; די
עס-עס-לייט ווערן אָנגערופן: „לייב-גווארדיסטן“; זייערע טויטן-קאָפּ-סימנים
אויף די אָרעמס — „די סמך-קריינדלער“; דייטשישע זעלנער — „מונדורירטע
לייט“ אאוו. אז"וו.

ווען מען פארגלייכט די דאָזיקע דערציילונגען מיט פעלדס שאפונגען פון
פאר דער מלחמה, דערזעט מען, וואָס פאר א גרויסע אנטוויקלונג דער יונגער
פראָזאיקער האָט אדורכגעמאכט אין דער אָקופאציע-צייט. אן ענדערונג צום בע-
סערן אין פעלדס סטיל האָט זיך געלאָזט באמערקן שוין אין זיינע לעצטע פאר-
מלחמהדיקע, אנטיפאשיסטישע נאָוועלן. איצט איז זיין בילד געוואָרן פולבלוטיקער
און אָנגעלאָדענער, די געשטאלטן מער אינדיווידואליזירט, די שטימונג מער פאר-
טיפט. פעלד אנטפלעקט זיך פאר אונדז אין זיינע געטאָ-נאָוועלן ווי א שרייבער
מיט א פעיקייט צו מאָלן די נאטור דורך דער פריזמע פון דעם העלדס שטימונ-
גען און אנטשפרעכיק צו דער ארומיקער לאגע. עס איז זייער כאראקטעריסטיש,
וואָס פארא „פייזאזש“ דער שרייבער זעט אין דעם ארומגעמויערטן געטאָ. די
איינציקע דערמאָנונג פון א נאטור-בילד איז דער הימל. דעם הימל האָט מען
נישט געקאָנט פארמויערן און צורויבן ביי די יידן. חזרט זיך טאקע איבער ביי
פעלדן אין פארשידענע נאָוועלן און אין פארשידענע ווואריאנטן דער געמעל פון
הימל, פון וואָלקנס, פון דער בלאסער, דערשראָקענער זון, פון שניי געמישט
מיט רעגן, פון בייזן זינט. קיין אנדערע נאטור-בילדער קאָן דער איזאָלירטער
געטאָ-שטח דעם שרייבער נישט צושטעלן. אין די כסדר זיך איבערחזרנדיקע
הימל- און רעגן-געמעלן לעבט זיך אוים די בענקשאפט צו נאטור הן פון דעם
שרייבער, הן פון די געטאָ-אסורים. אין די גרוילקע בילדער פון באָמבארדירונג,

גירוש, הונגער־טויט, פירט פעלד אריין א צוזאמענשפּיל פון מענשלעכן געמיט,
פון דעם אויסערלעכן אויסזען פון ארום און פון דער צעשטורעמטער נאטור —
ווינט, רעגן, געוויטער, וואָלקנס, פון אַט די אייגנציקע נאטור־דערשיינונגען, וואָס
האָבן א צוטריט צום געטאָ. אָפּטמאָל שטעקט אין פעלדס אומהיימלעכן נאטור־
געמעל א געוויסער דעמאָניזם („אָן א היים“). אָבער האָס געפיל פון גרענעצלאָ־
זער ליבשאפט, וואָס דער מחבר פילט צו זיינע ליידנדיקע העלדן, די תמיד גרייטע
צו קעגנזייטיקער הילף, איז גובר די געפאר פון ארייננפאלן אין נאטוראליסטי־
שער איינזייטיקייט און פארקריפלונג. פעלדס בפירושע קינסטלערישע אנטוויקלונג
באשטייט צווישן אנדערן אין דעם, וואָס בעת אין זיינע אמאָליקע זאכן האָט ער
אויפגעבאפט די עיקרדיקע כאראקטער־שטריכן פון זיינע געשטאלטן ריין אויסער־
לעך און דורך זייער ספּעציעל אקצענטירטער פאָלקלאָר־שפּראך (אין זיין ערשטן
ביכל וועגן מעכל קוליק), דרינגט ער אצינד אין די געטאָ־נאָוועלן אריין טיף אין
דער נשמה פון די העלדן, כאפט ער אויף זייער אופן פון רעאגירן אויף דערשיי־
נונגען און געשעענישן און באווייזט צו פאראלגעמיינערן, אין קינסטלערישן און אי־
דעישן זין, יחידישע איבערלעבונגען און האנדלונגען און דערפירן זיי צו כאראק־
טעריסטישע אויסדרוקן און סימנים פון דער צייט און פון דעם כלל.

מען דארף באטאָנען, אז נישט אלע געטאָ־נאָוועלן פון יהודה פעלד שטייען
אויף א גלייכן ניוואָ. אוודאי איז „פופצן מינוט נאָך פינף“ אביסל מטושטש אין
זין פון פסיכאָלאָגישן געמיל און ווייניקער סוגעסטיוו איידער די שטארקע דער־
ציילונג „גירוש פ—ק“. אווהאי איז נאָך דער מחבר דאָ און דאָרטן געניג אומבא־
האָלפן סיי אין ארויסברענגען א בילד, סיי ביים שילדערן א געשטאלט. אין איין
אָרט באמערקט דער מחבר, אז די זאך איז איבערציארבייטן. פעלד האָט אליין,
ווי עס איז פון דעם צו זען, זיך אָפּגעגעבן א דין וחשבון, אז די זאכן זענען נאָך
נישט אינגאנצן גרייט צום דרוק. ערטערווייז פעלט דעם מחבר קאָנדענסירונג.
אָבער צום לויב פון דעם יונגן פראָזאיקער דארף געזאָגט ווערן, אז ער האָט בא־
וויזן אויפצוכאפּן די סאמע עיקרדיקסטע פּראָבלעמען פון יענער גרויליקער ווירק־
לעכקייט, ער איז נישט ארייננעפאלן אין פארצווייפלונג און היסטעריע, אין נא־
טוראליסטישער שילדערונג, ער אקצענטירט דאָס מענטשלעכע ביי דער שוידער־
לעך דערדריקטער און פארפייניקטער מאסע און דערבליקט די ערשטע שפּראָ־
צונגען פון, דערוויל, סטיכישן ווידערשטאנד. איטלעכע פון זיינע אכט געטאָ־
דערציילונגען זענען אינגאנצן אנדערש איינע פון דער אנדערער, און דאָס נישט
בלויז טעמאטיש, נאָר אויך קינסטלעריש. נעבן דעם ליידנשאפטלעכן, פּראָטעס־
טירנדיקן טאָן פון „שריי, ייד, שריי!“ — דער דיסקרעטער טאָן פון „הונגער“
(דווקא אין אזא מאָטיוו!) און פון „א חלום פון א מאמע“. נעבן דעם סאטירישן
האלב־פעליעטאָנישן „בייקל, פייקל און בייקל“ — אזא טיפער סאָציאַל־פּסיכאָ־

לאָגישער געמעל (און דאָס ביי זייער פּשוטע מיטלען) ווי „אָן א היים“. נעבן דער עפּיזאָד־אַרטיקער נאָוועלע „שרהלע גראבער“ (הגם דער דורכשווידערנדיקער עפּיזאָד איז פולשטענדיק כאראקטעריסטיש פאר יענער צייט), וועלכער ווערט ארויסגעבראכט מיט זייער דינע טענער — אזא ברייט־אָטעמדיקע, אָנגעלאָדענע שילדערונג פון א מאסן־גירוש ווי „גירוש פ—ק“.

פעלד איז א באוווסטזיניקער רעוואָלוציאָנערער שרייבער. פונקט ווי ביי סקאַלאָוון טרעטן אויך ביי אים אַרויס ווי פּאָרויסגייענדיקע סימפּאַטישסטע געשטאלטן — יידן קאָמוניסטן. פונקט ווי סקאלאָוו דערזעט אויך פעלד דאָס, וואָס דערנענטערט די יידישע און פוילישע באפעלקערונג — די געמיינזאמע לײדן און גירושים, די בשותפותדיקע שטרעבונגען („גירוש פ—ק“). אין פעלדס שאפונגען פילט זיך שטארק דאָס געביט, אויף וועלכן ער איז געווען טעטיק — דער „טאָז“. זיינע העלדן זענען א דאָקטער, א פעלדשער, א סאניטארקע. בכלל שטאמען זיינע העלדן ס׳רוב פון דער ארבעטנדיקער אינטעליגענץ. מיט א באזונדער געפיל שילדערט פעלד קינדער־געשטאלטן און זייער טראגישן גורל אין געטאָ, וואָס איז געווען פילפאכיק ערגער פונעם גורל פון די דערוואקסענע.

צום סוף דארף מען נאָך צוגעבן, אז פעלד איז געווען זייער אקטיוו אין געטאָ אלס אונטערערדישער פובליציסט און פעליעטאָניסט. זיינע פובליציסטישע ארבעטן און בייסיקע פעליעטאָנען פלעגט ער דרוקן אין דער אומלעגאלער קאָמוניסטישער, פפרישער פרעסע („מאָרגן־פריי“, „מאָרגן־פרייהייט“ אא.), וואָס ער איז געווען אייגער פון אירע שעפער און רעדאקטאָרן. מיט א באזונדערער ליידנשאפט צייכענען זיך אויס זיינע אנטי־יודענראטישע פעליעטאָנען. עס שלאָגט פון זיי נישט בלויז האס צו די אונטערדריקער פון פאָלק, נאָר אויך די זיכערקייט, אז עס וועט קומען דער טאָג פון באצאָלונג.

פעלדס ליטערארישע אקטיווקייט און געזעלשאפטלעכע טעטיקייט וואקסט אלץ מער צוזאמען מיטן פאנאנדערבויען אין געטאָ די פפר־אָרגאניזאציע און דעם אנטיפאשיסטישן בלאָק. דער שרייבער איז אָבער נישט זוכה געווען צו זען די פרוכטן פון דער קרבנותפולער ארבעט. ער פאלט אויפן פאָסטן אין סעפטעמבער 1942.[5]

פון דעם אלעם, וואָס איז פריער געזאָגט געוואָרן, דרינגט ארויס, אז פעלד האָט פונקט ווי סקאלאָוו געשטרעבט איבערצוגעבן דער צוקונפט א פול בילד פון

---

[5] זע: וו. יאבלאָנסקי — „זכרונות וועגן חבר יהודה פעלדווורם“ אין „ביולעטין פון ייד. היסט. אינסט.“ (פויליש) ה׳ 1, (5). גענויער וועגן פעלדן וועלן מיר איבערגעבן אין דעם פאָרוואָרט צום באַנד פון זיינע נאָוועלן, וואָס וועט ארויסגיין אין דער סעריע: „ליטעראטור אין געטאָ“.

דעם, וואָס איז פאָרגעקומען מיט די ווארשעווער יידן אין דעם ערשטן פעריאָד פון דער אָקופּאציע.

אָט דער דאָזיקער וויכטיקער שטריך פון דער ליטעראטור אין געטאָ לאָזט זיך באמערקן אויך אין דער שאפונג פון יצחק קאצענעלסאָן. אויך קאצענעלסאָן, וועלכער געהערט צום עלטערן דור יידישע שרייבער, וואָס האָבן זייערע ערשטע ליטעראַרישע שריט געשטעלט אין דער פרץ־סביבה, האָט זיך נישט באפרידיקט מיט ארויסברענגען איינצלנע דערשיינונגען פון דער גרויליקער צייט. אויך ער האָט געשטרעבט צו געבן א סינטעטיש בילד פון דעם גאנצן גרויל און פון די אנטי־היטלעריסטישע און אנטי־יודענראטישע געפילן פון די ברייטסטע שיכטן פון פארפייניקטן פאָלק. הגם קאצענעלסאָן האָט געשטאמט פון אן אנדער אידעאָלאָגישער און ליטעראַרישער סביבה, ווי דער קאָמוניסט פעלד און אפילו ווי דער ראדיקאליזירנדיקער זיך שוין ערב דער מלחמה און יידיש־שרייבנדיקער סקאלאָוו, האָט אים אָבער די געטאָ־ווירקלעכקייט דערנענטערט צו די צוויי שרייבער — צוזאמען מיט זיי און מיט אנדערע טרעט ער ארויס אויף דער שוין ארומגערעדטער ליטעראַרישער אונטערנעמונג אין פעברואר 1941. פאר קאצענעלסאָנס אנטוויקלונגס־וועג אין געטאָ זענען כאראקטעריסטיש צוויי עיקרדיקע שטריכן:

אין דער פריערדיקער העברעישער און יידישער ליטעראטור איז יצחק קאצענעלסאָן געווען באַקאַנט אין גרונט ווי אַ דיכטער און דראַמאַטורג פון יחידישע, אינדיווידואליסטישע לעבן־לוסטיקע און אפילו אנאקרעאָנישע מאָטיוון. ער איז אין אלגעמיין און זיין שאפן גאנץ ווייט פון געזעלשאפטלעכער פּראָבלעמאטיק. אין געטאָ איז אין דער הינזיכט געקומען ביי קאצענעלסאָנען א באשטימטע ענדערונג. אמת, די דאָזיקע ענדערונג האָט זיך נישט געיאוועט מיטאמאָל. שווער איז געווען קאצענעלסאָנס וועג צום לאגער פון ווידערשטאנד און צו א פארהעלטענישמעסיקן רעאליסטישן נוסח. אָבער ער איז אין א געוויסער צייט דערגאנגען — די ווירקלעכקייט האָט אים אהער געבראכט, הגם שפּעטער איז ווידער געקומען א געוויסער צוריקגאנג.

די צווייטע כאראקטעריסטישע דערשיינונג ביי קאצענעלסאָנען איז דער פאקט, וואָס דער ווייט גרעסטער טייל פון זיינע שאפונגען אין געטאָ זענען געשריבן געוואָרן אין יידיש. בלויז געציילטע זאכן האָט ער אין יענעם פעריאָד געשריבן אין העברעיש. אמת, די שפּראך איז ביי אים נישט קאָנצענטרירט, זי איז אביסל צעפלאָסן, קאצענעלסאָן לאָזט זיך נישט זעלטן מיטרייסן מיט א שפע פון רייד, עס טרעפן ביי אים א סך איבערחזרונגען. עס כאפּן זיך אריין אין זיינע יידישע געטאָ־לידער פון צייט צו צייט שפּראך־בארבאריזמען, נישט־אסימילירטע סלאוויזמען, למשל — „ א רוד“, אָנשטאָט — א באוועגונג וכדומה, אָבער דער פאקט גופא פון איבערגיין כמעט אינגאנצן צו יידיש איז זייער כאראקטעריסטיש

פאַר די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין קאַצענעלסאָנס באַציונג צו דער אַרומיקער ווירקלעכקייט. לאָמיר אָבער אונטערשטרייכן, אַז קיין עיקרדיקע ענדערונג אין קאַצענעלסאָנס וועלט־באַנעם איז נישט געקומען. צו שטאַרק איז געווען דער איינפלוס פון דער פריערדיקער סביבה און די לאַסט פון דעם דיכטערס אידעאָלאָגישער דערציונג, אין וועלכער דער נאַציאָנאַליזם האָט פאַרנומען אַ גאַנץ אָנזעעוודיק אָרט. די דאָזיקע לאַסט וועט אין לעצטן פעריאָד פון קאַצענעלסאָנס שאַפונג גורם זיין דעם ברעגלאָז, לחלוטין אויסוועגלאָזן פעסימיזם, אין וועלכן דער דיכטער איז אַריינגעפאַלן, אָן אַ ברעקל פערספּעקטיוו פאַרן ווידערגעבורט פון פאָלק. די דאָזיקע לאַסט האָט גורם געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקן עלעמענט פון מיסטיק אין אַ סך פון זיינע געטאָ־ווערק.

קאַצענעלסאָן, וועלכער איז במשך פון אַ גאַנץ לאַנגער צייט פאַר דער מלחמה געווען וויניק שעפעריש, האָט אין וואַרשעווער געטאָ, ווהין ער איז אַנטלאָפן פון לאָדזש, דערפילט אַ געוואַלדיקן דראַנג צו שרייבן. איינער פון די עדות, וואָס האָט זיך אָפט מיט אים געטראָפן אין געטאָ, צביה לובעטקין, דריקט זיך אויס, אַז קאַצענעלסאָן „האָט געשריבן טאָג און נאַכט". זיינע שאַפונגען זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דורך דריי וועגן: 1) דורך דעם אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ, אין דעם צווייטן טייל, וואָס איז געפונען געוואָרן דעם ערשטן דעצעמבער 1950 (זיי זענען פאַראַן אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע); 2) צוזאַמען מיט דעם פעקל כתבים, וואָס עס האָט באַגראָבן דעם 22־טן יולי 1942, דעם ערשטן טאָג פון דער מאַסן־ליקווידאַציע, אויף דזשעלנע 34 דער אַקטיוויסט פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף (זיי געפינען זיך אינעם מוזיי א. נ. פון קאַצענעלסאָן אין קיבוץ לוחמי הגיטאות אין ישראל);[6] 3) אַדאַנק דער פראַנצויזישער ווערעשערין מאַרסעל פישאָן, וועלכע האָט אויסבאַהאַלטן ביי זיך אין קעלער דריי פלעשלעך מיט קאַצענעלסאָנס מאַנוסקריפּטן אינעם לאַגער וויטעל (געפינען זיך אויך אינעם קאַצענעלסאָן־מוזיי).

לויט ווי עס גיט איבער צביה לובעטקין, האָט קאַצענעלסאָן אָנגעשריבן אין געטאָ די פאָלגנדיקע ווערק: די דראַמע „איוב"; דאָס ליד „אַרויס איז אַ ייִד אויף דער גאַס"; אַ ליד צום טויט פון הערשעלע (דאַניעלעוויטש); אַ ליד „ווען דער טייוול איז גערעכט"; אַ גרויסע פּאָעמע „יזכור" און צוויי טיילן, וועלכע איז געשריבן געוואָרן מיט אַן איבעררייס; אַ פּאָעמע „שלמה זשעליכאָווסקי פון זדונסקע וואָליע"; לידער: „קינדער פון גאַס", „די קללה", אַ ליד וועגן אומקום פון זיין פרוי און קינדער (אין העברעיש), וועגן די יאַנואַר־קאַמפן אין געטאָ, וואָס דער דיכטער איז געווען זייער עדות; אָפּהאַנדלונגען וועגן מענדעלען און פּרצן;

---

[6] נ. ב.: „כתבי יד של יצחק קצנלסון הנמצאים בגנזי בית־קצנלסון" („דפים" — אפריל 1951).

א דראַמע פון קינדער־לעבן אין געטאָ „מיר ציט אין גאס"; א ביבלישע דראַמע „על נהרות בבל" (אין יידיש); איבערזעצונגען פון תנ"ך, פון די נביאים ישעיהו, ירמיהו, הושע און אנדערע איבערזעצונגען.

פון נאָך איין קוואַל דערוויסן מיר זיך מכוח אן אָפּהאנדלונג וועגן חיים־נחמן ביאַליק און מכוח ביאַליק־איבערזעצונגען אויף יידיש.[7]

פון נאָך אנדערע עדות הערן מיר, אז צו דער רשימה, וועלכע עס ברענגט צביה ליבעטקין, דאַרף מען צוגעבן: דאָס ליד „ווי דיר"; דאָס ליד „דער ייד האָט געלאַכט", „לידער פון קעלט" און „לידער פון הונגער"; א ליד „שפוך חמתך" (אין יידיש), א פורים־ליד פאַר קינדער „שלח מנות" (אויך אין יידיש).

די אלע זאַכן האָט קאַצענעלסאָן געשאַפן אין געטאָ.

עס פעלן אין די דאָזיקע רשימות אזעלכע וואָגיקע פּאָעטישע ווערק פון יצחק קאַצענעלסאָן ווי „דער באַל", ווי די פּאָעמע א. ג. „דאָס ליד וועגן ראַדזינער" און די עלעגיע „דער טאָג פון מיין גרויסן אומגליק" — וועגן דעם אומקום פון דער פרוי און צוויי זין פונעם דיכטער. לובעטקין רעדט וועגן אן ענלעך ליד אין העברעיש. מיינען מיר, אז ז' איז זיך טועה. דאָס איז מסתמא די עלעגישע פּאָעמע „דער טאָג פון מיין גרויסן אומגליק", געשריבן אין יידיש.

עס פעלט אויך אין דער אויבן־געבראַכטער רשימה דאָס העברעישע ליד „ונתתי נקמתי באדום" (און איך וועל נעמען נקמה אין אדום),[8] וועלכע איז אָנגעשריבן געוואָרן אין תשרי תש"ג, דאָס הייסט — ארום סעפּטעמבער 1942 און געהערט ווארשיינלעך צו יצחק קאַצענעלסאָנען.

אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין וויטעל האָט קאַצענעלסאָן אָנגעשריבן:

אין יידיש — „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק"; אין העברעיש — די דראַמעס „חביבעל" און „במצבאה הראשית", און אויך דער טאָגבוך „פנקס וויטל".

דער ווייט־גרעסטער טייל געטאָ־ און לאַגער־שאַפונגען פון יצחק קאַצענעלסאָן האָט זיך אָפּגעפונען.

אינעם אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט זענען פאַראַן די פאָלגנדי־קע ווערק פון דעם דיכטער:

א. אין א דירעקטער פאָרם, ווי מאַשין־שריפטן אָדער כתב־ידן:

1) די פּאָעמע „דער טאָג פון מיין גרויסן אומגליק", אָנגעשריבן דורכן דיכטער דעם 14־טן אויגוסט 1942, מיט זיין פולער אונטערשריפט. די דאָזיקע פּאָעמע איז געפונען געוואָרן אינעם צווייטן טייל פון אונטערערדישן געטאָ־אר־

[7] דער ארויספיר־ארטיקל פון מ. ד. צו קאַצענעלסאָנס „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק", וואָס איז דערשינען אין „איקוף"־פארלאג, ניו־יאָרק.

[8] די עדומייער — אין דעם פאַל: דער סינאָנים פון די היטלעריסטן.

ביז אין פיר מאשין־קאָפּיעס, איינע א פולשטענדיק ריינע און דריי מיט געוויסע וואריאנטן און מיט אייגנהענטיקע אויסבעסערונגען פון דעם דיכטער.

2) די פּאָעמע „וויי דיר", אין מאשין־שריפט, אָן א דאטע און אָן אן אונטערשריפט. עס קאָן זיין, אז „וויי דיר" איז די פּאָעמע „די קללה", וועגן וועלכער קאצענעלסאָן שרייבט אין זיין „פּנקס וויטל" און וועלכע ער האָט פארגעלייענט פאר שרייבער.

3) די פּאָעמע „דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָוווסקי" — אויך אָן א דאטע און אָן אן אונטערשריפט. דערביי ליגט א צושריפט אויף צוויי זייטלעך אונטערן טיטל „קידוש השם" — אן אויפקלערונג (גישט פון מחבר) וועגן דער געשעעניש, בעת וועלכער עס איז אומגעקומען שלמה זשעליכאָוווסקי. ביים סוף פון דער צושריפט איז אָנגעגעבן, אז די פּאָעמע האָט פארפאסט דער דיכטער י. קאצענעלסאָן פון לאָדזש.

4) די פּאָעמע „דאָס ליד וועגן ראדזינער" — אין האנטשריפט, אונטערגעשריבן מיטן פולן נאָמען יצחק קאצענעלסאָן. די פּאָעמע איז: „געווידמעט מיין חנה'ן", דעם דיכטערס פרוי. די פּאָעמע איז געוואָרן אָנגעשריבן מיט אן איבעררייס: דער אָנהייב דעם 15־טן נאָוועמבער 1942, דער סוף — דעם 7־טן יאנואר 1943. אזוי ווערט אָנגעגעבן אויפן מאנוסקריפט. די פרוי פון דעם דיכטער האָט שוין נישט געלעבט; זי איז „אויסגעזידלט" געוואָרן צוזאמען מיט צוויי זין אין אויגוסט 1942.

5) דאָס ליד „דער באַל" — אין מאשין־שריפט און אָן אן אונטערשריפט. דאָס ליד איז דאטירט דעם ערשטן מאי 1941.

6) די דראמע „איוב", וועלכע איז ארויס אין אומלעגאלן „דרור"־פארלאג אין א העקטאָגראפישער פאָרם מיטן פולן אונטערשריפט פון מחבר און מיט א הילע, געצייכנט דורך שלמה נוסבוים.

7) די העברעישע פּאָעמע „ונתתי נקמתי בארום", אין א מאשין־שריפט, אָן א חתימה פון מחבר, מיט דער דאטע: „ווארשא תשרי תש"ג"

ב. ווערק אָפּגעדרוקטע אין דער אונטערערדישער צייטשריפט „דרור":

8) „פּאָלקס־מאָטיוו פון יאָר 1940" (די ערשטע שורה: „ארויס איז געגאנגען דער ייד אויף דער גאס"), מיט נאָטן און מיט א באמערקונג: „באארבעטונגס־רעכט פאָרבאהאלטן". דער נאָמען פון מחבר ווערט, באטירלעך, נישט אָנגעגעבן, קיין פּסעוודאָנים אויך נישט.

9) „ווען דער טייוול איז געערבט", אונטערגעשריבן: „א. ל.".

10. „די כראָניק פון הערשלעס טויט", אונטערגעשריבן: „ה. גאָלדבערג".

11) אן ארטיקל „יא מאם לידלעך" (צו הערשלעס טויט), אונטערגעשריבן: „י. דאווירזאָן".

עס זענען אויך פאראן אין די „דרור"־נומערן די דערמאָנטע אָפּהאַנדלונ־גען וועגן מענדעלען, פּרצן, ביאַליקן.

די פּאָעמע „יזכור", וועלכע האָט געמאַכט אזא שטאַרקן רושם אין געטאָ און וועגן וועלכער עס רופן זיך אָפּ מיט באַגייסטערונג רינגעלבלום, ווינטער און לובעטקין, איז פאַרלוירן געגאַנגען.

דער ווילן אויסצודריקן דעם סינטעז פון דעם געטאָ־גרויל קומט טיילווייז שפּעטער צום אויסדרוק אין דעם „ליד וועגן ראַדזינער" און צום סוף אין דעם „ליד וועגן אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" — אָבער די פּאָעמע „יזכור" האָט, ווייזט אויס, געהאַט א שייכות צום ערשטן פּעריאָד פון געטאָ אין וואַרשע, בעת „דאָס ליד וועגן ראַדזינער" מאָלט דעם אומקום פון לובלין און פון די לובלינער שטעטלעך און די גרויסע פּאָעמע „דאָס ליד וועגן אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" נעמט אַרום דעם צווייטן עטאַפּ פון דער דירעקטער, פיזישער און טאָטאַלער אויסראָטונג פון די יידן.

די דיכטונג, וואָס קאַצענעלסאָן האָט געשאַפן אין געטאָ און אין לאַגער, לאָזט זיך איינטיילן טעמאַטיש אין פיר טיילן:

1. די גרופּע פּאָעמעס און לידער, וועלכע זענען א רעאַקציע פונעם דיכטער אויף דעם שונאס אָנגריפן, גזישות און טעראָר, אויף די אַטאַקעס פון הונגער און קעלט, וואָס די פעלקער־מערדער האָבן אָנגעווענדט אינעם ערשטן פּעריאָד פון דער גרויסער ליקווידאַציע. די דאָזיקע פּאָעמעס און לידער גיבן א בילד פון דער לאַגע אין געטאָ, זיי ווייזן דעם פּראָצעס פון אויסשטאַרבן און אומקום — ביזן מיטן פון יאָר 1942.

צו דער דאָזיקער גרופּע געהערט דאָס ליד „פאָלקס־מאָטיוו פון יאָר 1940", וו עס קומט אויף אין קורצע סטראָפן דער גרויל פון די צוואַנגס־אַרבעטן אויפן פלי־פּלאַץ אָקענטשע, אויף דיגאַסי, די ערשטע באַפעריייען, דאָס מאָראַלישע און פיזישע איזדיעקעווען זיך פון די היטלעריסטישע יונגען איבער די שוצלאָזע יידן. דאָס איז די ערשטע צייט, ווען די דייטש־פאַשיסטישע אַרמיי איז אריין אין דער באַזיגטער, אויסגעבלוטיקטער הויפּט־שטאָט, וועלכע איז געפאַלן נאָך א העלדישן ווידערשטאַנד.

צו דער זעלביקער גרופּע דאַרף מען פאַררעכענען „דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי" — א פּאַטעטישע פּאָעמע וועגן דער העלדישקייט פון א פּשוטן ייד פון זדונסקע־וואָליע, א זון פון די ענגע און שמאָלע שטעטלשע געסלעך, וועלכער איז מוטיק און ווירדיק אומגעקומען צוזאַמען מיט נאָך ניין העלדישע יידישע מענטשן אויף דער תליה, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דעם שונא אין מיטן שטאָט. לויט א נאָטיץ אין רינגעלבלום־אַרכיוו איז דער מאַר־טירערישער אומקום פון די צען יידן אין זדונסקע־וואָליע פאָרגעקומען אין חודש מערץ 1942. די דאָזיקע געשעעניש איז אריין אין דער געשיכטע פון שטעטל

אונטערן נאָמען „דער בלוטיקער פורים“. דאָס איז געווען די צייט, ווען א טעראָר=כוואַליע האָט זיך צעגאָסן איבערן לאַנד אלס ענטפער אויף דעם אויפשטייג פון דער פוילישער פאטריאָטיש=אנטיפאשיסטישער באוועגונג. אויך אין די געטאָס האָט זיך שוין געהאט א רודער געטאָן — אין ווארשע איז אויפגעשטאנען דער אנטיפאשיסטישער בלאָק. די היטלעריסטישע בלוטיקע רעפרעסיעס האָבן דערפירט צום טויט פון טויזנטער פוילישע און יידישע אקטיוויסטן פון אונטערערד און אויך פון א סך פשוטע פאָלקס=מענטשן, פאָטענציעלע אָנטיילנעמער פון דער ווידערשטאנד=באוועגונג. מאסן=עקזעקוציעס פון פוילישע און יידישע מענטשן זענען געווען א טאָג=טעגלעכע דערשיינונג, בפרט אין א. ג. ווארטע=לאנד, צו וועלכן עס האָט אויך געהערט דאָס שטעטל זדונסקע=וואָליע.

די צען יידן פון זדונסקע=וואָליע מיט שלמה זשעליכאָווסקין זענען באשולדיקט געוואָרן דורך דער אָקופאנטישער מאכט אין אומגעהאָרכזאמקייט און סאבאָטאזש. די עקזעקוציע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס „פאראד“, ביי דער אָנוועזנקייט פון אלע נאציישע גדולים. די פאראורטיילטע האָבן פארן טויט געמאכט פארשידענע אויסרופן. איינער פון זיי, שוין מיט דער פעטליע אויפן האלדז, האָט אויסגערופן: „אברהם, אויב דו וועסט לעבן, זאָלסטו נעמען נקמה!“

אין א צייט ארום, צום יום=טוב שבועות פון זעלביקן יאָר, האָבן די היטלעריסטן ווידער געהאָנגען אין זדונסקע=וואָליע צען יידן פאר סאבאָטאזש און פאסיוון ווידערשטאנד. אויך די דאָזיקע יידן האָבן זיך פארהאלטן זייער מוטיק.

לויט אַ נאָטיץ אינעם רינגעלבלום=ארכיוו,[9] האָט דער יודענראט פון זדונסקע=וואָליע ארויסגעגעבן סיי די ערשטע, סיי די צווייטע צען יידן אין די הענט פון די הענקער. די עקזעקוציע איז דורכגעפירט געוואָרן — זאָגט זיך אין דער נאָטיץ — ביי דעם אָנטייל פון דער יידישער פאָליציי.

ווען מיר באקענען זיך מיט קאצענעלסאָנס פאָעמע, ווייזט זיך ארויס, אז דער דיכטער האָט נישט גענומען אין אכט די אלע מאָמענטן. ער ווייזט נישט די סיבות, פאר וועלכע די יידן זענען אומגעקומען — זייער אָנטייל איז דעם אנטיפאשיסטישן סאבאָטאזש, זייער חלק אין דעם קאמף קעגן דעם שונא. קאצענעלסאָן ווייזט אויך נישט אָן אין דער פאָעמע אויף דער ראָל פון דעם יודענראט און פון דער פאָליציי. די גאנצע געשעעניש איז ביי אים איינגעהילט אין א רעליגיעזער שטימונג. דער דיכטער פאלט אריין אין מיסטיק.

דאָס פאָזיטיווע אין דער פאָעמע, וועלכע טראָגט דעם כאראקטער פון א ראפסאָד, באשטייט אין דעם, וואָס דער מחבר אקצענטירט דעם מאָראלישן כוח פון שלמה זשעליכאָווסקי.

[9] ארכ. ייה"א, רינג. 1, נ' 1366.

אזוי ארום זעען מיר נאָך נישט אין דער פּאָעמע „שלמה זשעליבאָווסקי“ די אויבן אָנגעמערקטע ענדערונג אין קאצענעלסאָנס גאנג. די ענדערונג וועט קומען שפּעטער. דערווייל ווייזט קאצענעלסאָן נאָך דעם יסורים־וועג פון די ייִדן.

צו דער זעלביקער קאטעגאָריע לידער, וועלכע ברענגען ארויס דעם יסורים־וועג פון די ייִדן און געטאָ בעת דעם ערשטן פּעריאָד פון דער אָקופּאציע, דארף מען אויך צורעכענען „די לידער פון הונגער“ און „די לידער פון קעלט“.

איידער מיר וועלן איבערגיין צו קאצענעלסאָנס ווייטערדיקע ווערק אויף דער געטאָ־טעמאטיק, לאָמיר זיך א רגע פּארהאלטן ביי זיין דראמע „איוב“. הגם דאָס איז א ביבלישע דראמע, האָט זי אייגנטלעך א שייכות צו דער געטאָ־ווירקלעכקייט. אָט וואָס עס דערציילט וועגן דער פאָרלייענונג פון דער דראמע „איוב“ אן עד־ראיה: קאראָל פּאָפּאָווער. קאצענעלסאָן האָט געלייענט אָנהייב זומער 1942 די דראמע פאר אן עולם ליטעראטן און פריינד. פּאָפּאָווער דערציילט: „יצחק קאצענעלסאָן האָט פאָרגעלייענט די דראמע „איוב“, וואָס ער האָט נאָך וואָס געהאט אָנגעשריבן. ער האָט געלייענט זייער גוט און מיט געפיל. הגם דאָס איז געווען א ביבלישע טעמע, איז אָבער דער צוזאמענהאנג פון דעם אינהאלט מיט דער קעגנווארט געווען קלאָר פאר יעדן איינעם. די לעזונג פונעם איוב־פּראָבלעם איז ביי קאצענעלסאָנען געווען אן אָפּטימיסטישע. די פאָרלייענונג האָט געדויערט עטלעכע שעה. היות עס האָט זיך דערנענטערט די פּאָליציייאישע שעה, האָט ער דעם לעצטן אקט נישט איבערגעלייענט אינגאנצן, נאָר איבערגעגעבן בקיצור זיין אינהאלט. די גאנצקייט האָט געמאכט א שטארקן איינדרוק און אלע אָנוועזנדיקע זענען געווען גערירט און אויפגעטרייסלט“.

דער שלום־אקאָרד פון קאצענעלסאָנס „איוב“ קלינגט טאקע לעבן־באיאָענדיק. קאצענעלסאָנס „איוב“ רופט צו אויסדויער, עקשנות, גלויבן, ווידערגעבורט און צו קינפטיקן ווידעראויפבוי.

נאָך לאָמיר זיך אומקערן צו קאצענעלסאָנס געטאָ־טעמאטיק.

2. די צווייטע גרופּע קאצענעלסאָנס געטאָ־פּאָעזיע נעמט ארום די מאָטיוון, אין וועלכע דאָס געפיל פון פּראָטעסט באקומט ביים דיכטער די אויבערהאנט איבער דעם בלויזן שילדערן, איבערן בלויזן באוויינען און באזינגען.

אינעם סארקאסטישן ליד „ווען דער טייוול איז גערעכט“ דעקט אויף דער דיכטער די אמתע כוונות פון די היטלער־לייט, פון די פאשיסטישע האסיסטן. דער ייִד איז ביים טייוול היטלער נאָר דער מיטל, דער ציל איז: פארשקלאפן די וועלט. ייִדן־האס ווי א דיווערסיע־מיטל אין די הענט פון דער קאפּיטאליסטישער רעאקציע לטובת אירע אייגענע עגאָיסטישע קלאסן־אינטערעסן — אָט דאָס דרינגט ארויס פון קאצענעלסאָנס ליד, וואָס זאָגט עס טאקע נישט ארויס אזוי

דירעקט, ווי מיר פאָרמולירן עס, אָבער די דאָזיקע טענדענץ לאָזט זיך דערפון ארויספילן.

צו דער זעלביקער גרופע געהערן קאצענעלסאָנס שארפע לידער קעגן דער יודענראטישער אונטערדריקונג און בירגערלעך־פילאנטראָפּישער צביעות — קודם כל „דער באל“. די זעלביקע טענער הערן מיר אין קאצענעלסאָנס ליד געווידמעט דעם הונגער־טויט פונעם דיכטער הערשעלע. ווי עס דרינגט ארויס פון רינגעלבלומס אינפאָרמאציע, זענען די אנטי־יודענראטישע טענער מיט א באזונדערער שארפקייט ארויסגעטרעטן אין דער פארלוירנגעגאנגענער פּאָעמע „יזכור“.

„דער באל“ איז איינע פון די שטארקסטע און רירנדיקסטע לידער פון דער געטאָ־ליטעראטור אויף דער טעמע פון די קלאסן־קעגנזאצן אין געטאָ גופא. אין א געוויסן זין דערמאָנט עס מאריא קאָנאָפּניצקאס „אין קעלער־שטוב“. קאצענעלסאָן ווייזט נישט בלויז די אומגליקלעכע איינוווינער פון דעם פייכטן, פינצטערן קעלער, וועלכע גייען אלע אוים פון הונגער. ער ווייזט אויך — לשם קאָנטראַסט — די רייכע קאָמיטעטשיקעס, די צביעותדיקע פילאנטראָפּן, וועלכע הוליען און שפילן אין קאָרטן כלומרשט לטובת די הונגעריקע אין קעלער. דער פּראָצעס פון אויסשטארבן פון דער געטאָ־אָרעמקייט ווערט אין דעם ליד „דער באל“ ארויסגעבראכט אזוי בולט, אז עס בלייבט נישט קיין ברעקל צווייפל אין דעם גרויליקן אמת: בעת די יידישע אָרעמקייט איז אויסגעשטאָרבן מאסנווייז, משפחותווייז פון הונגער, האָבן די אויבערשטע צען טויזנט „גלויבנס־ברידער“, די שאָפּ־דירעקטאָרן, שפּעקולאנטן, געסטאפּאָ־אגענטן געלעבט א גוטן טאָג און פארזונקען טיף אין שכרות, זנות, דעמאָראליזאציע.

און דער דיכטער קאָנסטאטירט אינעם שלום־אקאָרד דעם טראגישן סך־הכל:

מען פרייט זיך נישט אין קעלער,
קיין פרייד נישט, נישט קיין נויט;
מען ארט[10] נישט און מען ווארט נישט —
אין קעלער הערשט דער טויט.

אָט אזוי קומט אויף דער אויפברויז פונעם עמפּינדלעכן דיכטער קעגן די פארברעכערישע קלאסן־עגאָיסטישע עלעמענטן. דער דאָזיקער צאָרן קומט צום

---

[10] „ארן“ באטייט אָפּט אין ווייסרוסיש־ליטווישן דיאלעקט דעם באגריף „ווארטן“. בכלל איז קאצענעלסאָן אין זיינע יודישע שאפונגען א טיפּישער פאָרשטייער פון טיפן ווייסרוסישן דיאלעקט. אזוי באנוצט ער, למשל, די פאָרם „ניטאָ אים“ אָנשטאָט „ער איז נישטאָ“. דאָס איבערחזרן „מען ארט נישט און מען ווארט נישט“ איז כאָך איין באווייז פון דער איבעריקער שפע פון רייד אין קאצענעלסאָנס יודיש־סטיל.

אויסדרוק אויך אינעם, אין פלוג, לייכטן ליד „די כראָניק פון הערשעלעס טויט“. פונקט ווי אין ליד „דער באַל“ שטעלט דער דיכטער אנטקעגן די הארציקייט פון ־י קעלער=איינוווינער דער הארצלאָזיקייט פון די פאלשע כלל=פארזאָרגער, אזוי עמט ער ארום אינעם הערשעלע=ליד מיט זיינע ליבשאפט=געפילן דעם אייביק= הונגעריקן דיכטער הערשעלע און רוקט ארויס א סארקאסטישע באמערקונג אוי= פן אדרעס פון די בירגערלעכע פילאנטראָפן, די „דזשאָינט“=ביוראָקראטן, וועלכע האָבן מביש געווען די הונגעריקע יידישע דיכטער און געלאָזט די הערשעלעס אויסגיין.

די לידער פון דער דאָזיקער גרופע, די לידער, אין וועלכע עס קלינגען שוין אָפּ די ערשטע אָפּאָזיציאָנעלע און פראָטעסט=טענער ביי קאצענעלסאָנען, זענען עשאפן געוואָרן ס'רוב אין יאָר 1941.

3. די דריטע גרופע קאצענעלסאָנס פּאָעטישע ווערק פון דער געטאָ=צייט זענען די שאפונגען, וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט דעם דיכטערס טיפן ווייטיק נאָכן פארלירן די נאָענטסטע און טייערסטע, די פרוי חנה מיט די צוויי זין, בן=ציון און בינימינקע, בעת דער ערשטער ליקווידאציע פון ווארשעווער געטאָ. אויף א הארמאָנישן אופן האָבן זיך אין די דאָזיקע לידער צונויפגעשמאָלצן דער פערזענלעכער ווייטיק מיטן נאציאָנאלן אומגליק, הגם דאָס פערזענלעכע פרעוואַ= לירט אין זייער א גרויסער מאָס.

צו אָט דער גרופע געהערן אויך די צוויי יידישע פּאָעמעס: „דער טאָג פון מיין גרויסן אומגליק“ און „ווי דיר“ און די העברעישע פּאָעמע „ונתתי נקמתי באדום“. אין א געוויסן זין פאסט זיך אריין אין דער דאָזיקער גרופע אויך „דאָס ליד וועגן ראדזינער“.

ווען איר וועט אין דער פּאָעמע „דער טאָג פון מיין גרויסן אומגליק“ באַ= טראכטן די קאָנקרעטע נעמען חנה, בן=ציון און בינימינקע, ווי אלגעמיינע נעמען פון א יידישער פרוי און קינדער, וועט זיך באקומען א פּאָעמע, וואָס גיט אן אויפטרייסלענדיק און טריי בילד פון דעם גירוש קיין טרעבלינקע אין טראגישן חודש אויגוסט 1942.

צוערשט אנטלויפט און באהאלט זיך די גאנצע משפחה; זי וויל נישט ניין מיטן גוטן ווילן צום אומשלאַג=פלאַץ:

„געדענקסט? אויפן בוידעם, מיר זענען ארויף.
מיר און די קינדער, מיר פינף... אויפן הויף
האָט שוין געשווישטשעט אין לופט א בייטש,
דאָס קולעכל עקלדיק און שארף פון א דייטש:

אלע ארונטער! מיר האָבן געהערט
און בלאָס מיט א שמייכל געמאכט עס פארקערט;
ער רופט אין דער נידער — הויבט העכער זיך אויף!
חנהלע, זין מיינע, גיך, גיך ארויף!
צום בוידעם, צום דאך, צום קוימען, הויך, הויך!
מיר פליען ווי פייגל, פארשווינדן ווי רויך...“

אָט אזוי זיצן מענטשן אין באהעלטענישן, שטעלן זיך אקעגן די באפעל
ון די היטלער־לייט און פונעם יודענראט. די מענטשן בענקען דערמיט נאָך דער
:אכט, וואָרעם —

„די נאַכט — זי פאַרדעקט אונדז, באַלעקט אונדז, באשמעקט,
און ס'פאלט צו די פיס אונדז דער טאָג און אנטפלעקט...
א שטיק טאָג ווי א שפּיאָן...“

און די שילדערונג פונעם שוידער גייט ווייטער: כאפּערייען, בלאָקאדעס
עלעקציעס. דאָס אלץ האָט דער דיכטער אליין געזען מיט די אייגענע אויגן
איבערגעלעבט אויף דער אייגענער הויט, ביז — עס איז געקומען דער טאָג
ון גרויסן בראָך. ער מיט איין זון זענען אוועק אין שאָפּ — און דערווייל האָבן
י רוצחים געכאפּט און ארויסגעפירט די פרוי מיט די צוויי אנדערע זין. אזוי
האָט עס פּאסירט מיטן דיכטער, אזוי איז אויך געשען מיט טויזנטער און טויזנ
טער משפחות.

איצט ארבעט שוין בלויז דעם דיכטערס פאנטאזיע. ער באגלייט מיט זיין
כוח הדמיון זיינע נאָענטסטע אויף זייער לעצטן וועג. ער דערזעט אין זיין וויזיע
אלע עטאפּן פון דעם וועג צום טויט. און ער דערבליקט דאָס לעצטע בילד:

„חנהלע! זין מיינע, איידעלע זין!
מען האָט דאָך צעשיידט אונדז אין מיטן דערין,
אין מיטן געשפּרעך און אין מיטן געדאנק —
ווער וואנקט עס? דו, חנה?... צי איך גאָר, איך וואנק?
בנציקל — האלט מיך! דו יאָמעקל — האלט!
האלט זי, די מאמען, זי פאלט, אך זי פאלט!“

אין דער פּאָעמע „דער טאָג פון גרויסן בראָך“ שטעלט נישט דער דיכטער
י עיקרדיקע פראגע, וואָס האָט געקבערט די מוחות פון אלע באוווסטזיניקע
עלעמענטן אין געטאָ: פארוואָס איז נישט געווען קיין מאסן־ווידערשטאנד? דאָס
אין די פראגע, וועלכע עס האָט אין דער זעלביקער צייט געשטעלט אומדירעקט
אן אנדערער דיכטער פון געטאָ, יוסף קירמאן, וועגן וועלכן מיר וועלן רעדן
שפּעטער.

אויף דעם אָרט זענען מיר נאָר אויסן צו באמערקן, אַז דער פּערזענלעכער אומגליק האָט ביי קאצענעלסאָנען אין פלוג פאַרשטעלט א סך זאַכן. דאָס איינ־ציקע פּראָבלעם, וואָס ער רוקט ארויס אין דער פּאָעמע, איז די פראַגע: פאַר־וואָס קומט עס אונדז? א געוויסן ענטפער האָט ער שוין אויף דער פראגע אליין געגעבן אין דעם ליד „ווען דער טייוול איז גערעכט". איצט פאַרגעסט ער דעם דאָזיקן ריכטיקן ענטפער, וועלכן ער האָט אליין געגעבן אין יאָר 1941. אין אוי־גוסט 1942 איז דעם דיכטערס געמיט געווען אזוי צעבראָכן, אַז עס איז אים נישט לייכט געווען קומען צו זיך. ער לעבט זיך אויס אין דער וויזיע פון דעם לעצטן וועג פון די צום טויט געטריבענע נאָענטסטע און טייערסטע מענטשן. קאצענעלסאָנען האָט געפעלט די פעסטע וועלט־אַנשויונג, און דאָס קלערט אויף די צופלוסן און אָפּפלוסן אין זיין שאפונג אינעם געטאָ־פּעריאָד.

ווען עס איז אריבער דער ערשטער ווייטיק, די פאַרטויבונג נאָך דעם אומ־געריכטן קלאַפּ, ברעכט אויס דער דיכטער מיט א ליידנשאַפטלעכן, צאָרנדיקן, האַספּולן קללה־ליד קעגן די פעלקער־מערדער — אין דער פּאָעמע „ווײ דיר". אין דעם דאָזיקן אויפשוידערנדיקן ליד רעדט אויך נישט קיין געזעלשאַפטלעך־באַוווּסטזיניקער דיכטער. אויך דאָ פילן מיר נישט, אַז קאַצענעלסאָן זאָל פאַר־שטיין און אָנטאַפּן די היסטאָרישע און סאָציאַלע ספּרוזשינעס פון ראַסיזם און פעלקער־מאָרד. אָבער מיר הערן דאָ אויך נישט, פון דער צווייטער זייט, קיין שאָן פון פאַרצווייפלונג. דער דיכטער עפנט א צוקונפט־וויזיע פון באַפרייטע פעלקער, וואָס וועלן לעבן אין ליבע; אין אָט דער נייער, אויסגעלייזטער פעלקער־געמיינשאַפט, אין וועלכער ס׳וועט אויסזינגען אין אלגעמיינעם כאָר זיין פריי ליד אויך דער ייד, וועט פאַר די היטלעריסטישע רוצחים, די מערדער פון אלטע לייט און קינדער, קיין אָרט נישט זיין:

„הערט, הערט! עס האָט צעקלונגען זיך אין ליבע און אין גלויבן
אויף גאָר דער וועלט א הערלעכע א ליד —
הערט, הערט, א שטימע מעכטיק, אי פריי און אי דערהויבן,
דאָס זינגט אין פעלקער־כאָר דער אייביקער דער ייד!
הערט, און זאָל א שטורעם ווילד אייך באַלד אויף שטויב צערייבן.
... עס זאָל קיין געדעכעניש פון אייך פאַרבלייבן,
א חלום בייז, ווער אָפּגעמעקט, פאַרוויי אין ווינט!"

אָט די דאָזיקע נקמה־דיקע קללה זינגט אויס מיט בלוט פון זיין האַרץ דער צעווייטיקטער דיכטער. אָבער אין פלאַקער פון די אָנגעזאַמלטע שנאה־פולע גע־פילן פאַלט ער אָפּט אריין אין לעסטערונג אויף דער וועלט סתם, אָן דעשיפרי־רונג, וועלכע כוחות זענען שולדיק אין דעם מאָרד איבערן יידישן פאָלק. אינעם געמיט פון דיכטער ראַנגלען זיך צוויי געפילן: ביטערע טענה קעגן אַלץ און אלעם

— פון איין זייט, און גלויבן אין באפרייונג, אין א האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן פון די פעלקער — פון דער צווייטער. אָט דער דואַליזם וועט באַגלייטן קאַצעַנעלסאָנס דיכטערישן וועג ביזן סוף. אַנטשפּרעכיק צו די קאָנקרעטע סיטואַציעס און צום געמיט פונעם דיכטער וועט זיך איין עלעמענט שטאַרקן און אויפהייבן איבערן צווייטן — און פאַרקערט. אָבער אייגנצייטיק וואַקסט ביים דיכטער דער דורשט נאָך נקמה.

דער זעלביקער דואַליזם קומט צום אויסדרוק אפילו אין דעם ליד „ונתתי נקמתי באדום“, וווּ דער דיכטער צאָרנט קעגן דער געטאָ־פּאָליציי, די פאַרעטעַרישע „אינטעליגענטן“, „וואָס האָבן זיך אליין פאַרקויפט צום טייוול“. אייגנצייטיק צווייפלט דער דיכטער אין דעם, צי עמעצער וועט זאָגן דעם בלוטיקנדיקן יידישן פאָלק „בדמיך חיי“.* ער הייבט אָן צווייפלען און ווידערגעבורט און ממילא אין דעם באַדינג פון ווידערגעבורט — אין באַפרייונג. אין זיין געמיט קומט פאָר א געראַנגל צווישן ענדלאָזן פעסימיזם און דעם גלויבן, אז די נקמה וועט פאָרט קומען. אינעם שלום־אַקאָרד קלינגט פונדעסטוועגן איין טרייסט: היטלער־דייטשלאַנד, די „ממשלת הזדון“, וועט פאַלן, און עס וועט געשאַפן ווערן א באַנייטער מענטש, דאָס שלעכטס וועט ווערן אָפּגעווישט פון דער ערד.

לאָמיר נישט פאַרגעסן, אז די דאָזיקע פּאָעמע, אין וועלכער דער פעסימיזם ווערט באַזיגט, איז געשאַפן געוואָרן לפי ערך אין דער צייט, ווען עס איז אין שווערע געבורט־ווייען אַנטשטאַנען די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. דער דאָזיקער פאַקט האָט געהאַט א שטאַרקע ווירקונג אויף א סך וואַקלדיקע עלעמענטן אין געטאָ.

דער אומקום פון יידישן שטעטל — אָט איז די טעמע פון דער פּאָעמע „דאָס ליד וועגן ראַדזינער“, וועלכע האָרט אויך געהערן צו דער זעלביקער גרופּע פון קאַצענעלסאָנס שאַפן. אין דער פּאָעמע קומען צום אויסדרוק די ערשטע מאַסן־שחיטות פון די יידן אין לובלין און לובלינער געגנט. ווידער טרעט דאָ ארויס גאַנץ בולט דער אינערלעכער דואַליזם אין קאַצענעלסאָנס אַרט אויפפאַסן די דערמאָנטיקע ווירקלעכקייט. פון איין זייט: די ראָמאַנטישע וויזיע פון דעם אידעאַליזירטן, נישט דאָיקן ראַדזינער רבין, דער סימבאָל פון „אייביקן ייד“ דעם מאַרטירער; און פון דער צווייטער: די רעאַליסטישע שילדערונגען פון אויסגעהרגעטע שטעט און שטעטלעך, די שילדערונגען, וועלכע פאַרכאַפּן מיט זייער עכטער טראַגישער עפּיק. אָט איין קורצער פּאַסוס פון דעם חרובן וולאָדאַווע:

„פוילן צעבראָכן, פאַרניכט און פאַרוויסט,
דער פיינט א רוצח, ער רויבט און ער שיסט!
די קויל האָט געטראָפן אין וולאָדאַווע שווער.

* „לעב אויף אין דיין בלוט“.

ער פייניקט פּאָליאַקן און יידן נאָך מער.
זער אומשולדיק מער איז — געוויסער זיין טויט,
און גרויס, גרוים דער עלנט און שרעקלעך די נויט...
אין שטוב איז א פּחד, א מורא צו גיין —
מען דרייגט מיך אין קאמערס, אין אלקער אריין
ביישאָג און ביינאכט, פון פרימאָרגן ביז שפּעט,
מען רייסט פונעם שלאָף, מען שליידערט פון בעט..."

מיט אמתער עפּישער קראפט וויקלט פאנאנדער קאצענעלסאָן דעם חורבן לובלין:

„איך האָב א לוויה — לובלין איז פאַרלענדט,
חרוב די שולן, די תורות געשענדט,
די יידישע הייזער און היימען פאַרוויסט,
די זון שיינט אריין אין די פענצטער אומזיסט.
אומזיסט רייסט דער טאָג זיך אין פענצטער אריין —
נישטאָ דאַרט נישט קיינער וואָס זאָל נהנה זיין
פון דעם ליכט, פון דעם ווארעמען גלאַנץ אויף דער שויב...

נישטאָ דאָרט נישט קיינער וואָס זאָל נהנה זיין
אחוץ די געשאָסענע דאָ אין דער שטוב,
זיי ליגן אין בעט נאָך און ווי אין א גרוב,
אין אייגענעם בעט און אין אייגענעם בלוט,
זיי ליגן שוין, ליגן פארשטומט און בארוט.
אומזיסט דיינע קושן, אומזיסט יעדער גלעט,
דיין ליכט, גרויסער גאָט, פאַלט אומזיסט ווי מיין טרער.
זיי עפענען זייערע אויגן נישט מער!"

און ווי אין די הייזער — אזוי אויך אין גאס. „אָ, גאסן לובלינער, ווי רויב און ווי נאס!" און ווי אין לובלין — אזוי אין ראַדזין, אזוי אין וולאָדאַווע, אזוי אין אלע שטעטלעך, פון וועלכע עס איז געבליבן נאָך דעם אָרגאַניזירטן היטלעריסטישן מאסן-מאָרד — א בית-הקברות-שטילקייט, ווי נאָך אן אליך-פארניכטנדיקן שטורעם פון א פייער-שפּריצנדיקן ווולקאַן.

די פּאָעמע „דאָס ליד וועגן ראַדזינער" איז איין גרויסע עלעגיע, דורכגעדרונגען מיט פערזענלעכן און נאציאָנאַלן צער און וויי. דער טאָן פון פּראָטעסט, וואָס האָט זיך באוויזן אין די פריערדיקע שאפונגען פונעם דיכטער, פון יאָר 1941, און אין „ווי דיר" און „ונתתי נקמתי באדום", איז דאָ ווייניקער פארשטערקט. דער מקונן איז אין אָט דער פּאָעמע גובר דעם נקמה-אויסשרייער. דאָס עלעגישע געזאנג נאָך די פארלענדטע לובלינער שטעטלעך איז פארענדיקט גע-

וואָרן דעם 7־טן יאַנואַר 1943. אין עלף טעג שפּעטער לעבט קאַצענעלסאָן איבער דעם ערשטן קאַמף־נסיון פון דער יידישער יוגנט אויף דער וואַרשעווער געטאָ. א נייער גייסט גיסט זיך אריין אין דעם דיכטערס געמיט. עס קומען אויך ווייטע אין דער הייסער מינוט אָנגעשריבענע שורות — א געזאַנג פאַרן אויפגעוואַקסטן יידישן ווידערשטאַנד, פאַר די העלדישע יידישע בחורים און מיידלעך פון „השאָב".

ווי קאַצענעלסאָן גייט איבער אין אַנדערהאַלבן יאָר שפּעטער אין זיין „פּנקס וויטל", האָט ער אליין געזען, ווי אַניעלעוויטש האָט באַוויזן צוויי היטלעריסטן. דער דראַמאַטישער איינדרוק האָט זיך טיף איינגעקריצט אין דעם דיכטערס געמיט. אונטער אָט דער דראַמאַטישער אָנרעגונג האָט ער אָנגעשריבן דאָס געזאַנג וועגן דעם יידישן ווידערשטאַנד. דאָס דראַמאַטישע ליד וועט שפּעטער אריינגיין ווי א טייל פון דער גרויסער פּאָעמע „דאָס ליד וועגן אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק".

4. די גרויסע פּאָעמע „דאָס ליד וועגן אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" איז בכלל די גאַנצע דערפאַרונג פון דעם דיכטער אין געטאָ; זי איז אָנגעשריבן געוואָרן אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין וויטעל, פראַנקרייך. אין דער פּאָעמע, וועלכע איז איינגעטיילט אין פּופצן קאַפּיטלעך, קומען צום אויסדרוק אַלע גײַסטיקע קאָנסעקווענטקייטן פון קאַצענעלסאָנס וועלט־באַנעם און אַלע שטאַרקייטן און שוואַכקייטן פון זיין נוסח און סטיל, קודם כל — א געוואַלדיקע פּלאַסטישקייט פּאַראַלעל מיט אַן איבערפלוס פון ווערבאַלישקייט. עס שטייט דאָ ווידער אויף פאַר אונדז דער שוין באַקאַנטער דואַליזם אין קאַצענעלסאָנס וועלט־באַנעם און אין זיין געמיט — רעאַליסטישער געמעל און אײַנציטיק דאָס נישט פאַרשטיין די אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. די דראַמאַטישע סתירות אין דעם אידעישן באַנעם פון דער פּאָעמע און אין איר קינסטלעריש־פאָרמעלן לבוש מאַכן אַביסל ממשותדיק דעם גרונט־ציל, וואָס דער מחבר האָט זיך געשטעלט: אויסזינגען אַן עפּיטאַפיע נאָכן פאַרשניטענעם יידישן ישוב, א ליד פאַר דער מאַרטיראָלאָגיע און העראָיק פון די וואַרשעווער יידן אונטער דער פאַרטיליקנדיקער ממשלה פון די היטלעריסטישע רוצחים. נישט געקוקט אויף די אַלע חסרונות שטעלט „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" מיט זיך פאַר א וויכטיק ווערק אין דער יידישער ליטעראַטור בעת דעם טראַגישסטן פּעריאָד אין אונדזער געשיכטע.

די איינצלנע טרייב־קראַפט אָנצושרייבן די פּאָעמע אין די לעבן־געבליבענע באַדינגונגען פון דעם וויטעל־לאַגער איז געווען די גרויסע בענקשאַפט צום בלוטיק־פאַרשווונדענעם פאָלק און די טיפע פאַרערונג פאַר די, וואָס האָבן געראַטעוועט זיין כבוד, פאַר די קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ.

מיטן דיכטערישן כוח הדמיון רופט ארויס דער מחבר די מיליאָנען אומגעקומענע יידן אין כעלמנאָ, בעלזשעץ, טרעבלינקע, מאַידאַנעק, סאָביבאָר, אָש־

וויענטשים און פּאַנאַר און אונטער די חורבות פון די פאַרברענטע, אויפגעריסענע און וויסט־געוואָרענע געטאָ־גאַסן.

„קומט, געטריקנטע, צעמאָלענע, צעריבענע, קומט, שטעלט זיך אויך
אין א קאַראַהאָד, א ראָד א גרויסן ארום מיר, איין גרויסע רייף —
זיידעס, באָבעס, מאַמעס מיט די קינדערלעך אין שוים —
קומט בײַנער יידישע פון פּראָשקעס, פון שטיקלעך זייף!"

„כ'האָב אויסגעטראכט א יידיש פאָלק!" — זאָגט דער דיכטער.

און באלד קומט אויף ביים מחבר דער געוואַלדיקער צאָרן אויף די, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן דעם שונא צו פארנארן און פארטיליקן די יידן — די יודענ־ראַטישע פּאָליציי און דער יודענראַט אליין:

„משומדים און ערב משומדים מיט די שטיוול גלאנציק אויף די פּיס,
און אין היטלען מיטן מגן־דוד ווי א האקנקרייץ זיי אויף די קעפּ,
און מיט א שפּראַך א פרעמדע און פארגרייזט אין מויל און גראָב און מיאוס,
האָבן זיי פון וואַגאָנען געשלעפּט אונדז, געשליידערט פון די טרעפּ".

אמת, קאצענעלסאָן דערזעט נישט דעם סאָציאַלן און פּאָליטישן אָפּשטאַם פון דער קאָלאבאָראַציע, פון דעם פאַראַט, פון דער געטאָ־פּאָליציי. ער זעט אין זיי — משומדים און ערב משומדים. ער שטרייכט אָבער אונטער זייער רענעגאַ־טישקייט. ווי העכער שטייט דער דאָזיקער דיכטער, מיט אלע זײַנע שוואכקייטן, פון די אלע פון יענער זייט אטלאנטיק, וועלכע זוכן איצט א זכות און ווילן אויסוויישן די אויסוואורפן פון דער יידישער געזעלשאַפט, די הינטיש־טרײַע באַ־העלפער פון די היטלעריסטישע פעלקער־מערדער!

קאַצענעלסאָן וויל אויך נישט מוחל זיין די אפּוטרופּסים פון דער געטאָ־פּאָליציי, דעם פאַרעטערישן יודענראַט.

ווער איז שולדיק אין דער שענדלעכער האנדלונג פון די יידישע רוצחים? קאַצענעלסאָן שטעלט דעם פינגל אונטערן יוד: דער יודענראַט, אָט די קראַאַטו־רישע אגענטור פון די היטלער־באנדיטן. דאָס, וואָס אדאם טשערניאקאָוו האָט זיך גענומען לאחר מעשה דאָס לעבן, קאָן נישט אָפּווישן זײַנע זינד. דער דיכ־טער ווענדט זיך צאָרנדיק צום פרעזעס פונעם יודענראַט:

„ביי דיר איז 6000 יאָ געווען כשורה און 10 טויזנט נישט?
אדאמיע, ביסט א קנאַפּער ייד, ביסט עפּעס בייז,
אויף וועמען, זאָג? אהא, אויף זיך אליין, קלאַפּסט זיך על חטא.
וואָס קומט ארויס?"

אויב איר ווילט, איז „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" א פּאָעטי־ישע כראָניק פון געטאָ, פון אָנהייב ביזן סוף. הונגער, פאַראַט, ליקווידאַציע.

די סעלעקציע אויף מילע, דער פּערזענלעכער בראַד. אָבער אין קעגנזאַץ צו די פּארצווייפלונגס־ווייען פון „דעם טאָג פון גרויסן בראַד" דערזעט שוין איצט דער דיכטער דעם אָנהאַלט — דאָס איז דער שענסטער געוויקס, וואָס איז אויפגעקוי־מען אין געטאָ: די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

עס קומט דער חודש יאַנואַר פון יאָר 1943. עס רייסט זיך אַרויס פון דעם דיכטערס ברוסט אַ יובל־געשריי:

„שאַט, שאַט! מען איז שוין דאָ ביי אונדז! איך זע דאָס פּנים נישט
פון דייטש, זיין פּלייצע נאָר,
ס'האָט קיינער אים, דעם דייטש, אין פּלייצע אים געשאָסן, ער האָט
אַ קויל באַקומען אין דער ברוסט.
ער פאַלט, דער צווייטער אויך. „די יודען שיסן!" האָט באַוויזן ווער פון
זיי דערשטוינט אַ רוף צו טאָן, טאַקע וואָר!"

פרייד און אומעט, גליק און צער מישן זיך אויס צוזאַמען. די פרייד פון באַקומען געווער, דער צער — נאָך די געפאַלענע.

אין עלעגישע טענער זינגט אויס דער דיכטער זיין וויי נאָך די אומגעקומענע יונגע העלדן (קאַפּיטל „נאָך אַלעמען"). מיט אַ געוואַלדיקער ליבשאַפט נעמט ער אַרום דאָס גאַנצע פאָלק און זינגט אויס אַ טרויעריק געזאַנג נאָך די טביהס און מנחם־מענדלס, נאָך „מיינע קאָמוניסטן", נאָך די אַרבעטער פון „בונד", נאָך דער יוגנט פון די חלוצים, נאָך אַלע, וואָס זענען אומגעקומען.

עס קומט דער סוף. דער דיכטער, וואָס האָט געפונען אַזוי פיל באַגייסטע־רונג אינעם קאַמף פון דער יידישער אַנטיפאַשיסטישער יוגנט, דערבליקט אָבער נישט דעם זין און די פּערספּעקטיוו פון דעם דאָזיקן מסירות־נפשדיקן שלאַכט־אָנשטרענג. ער זעט נאָר און בלויז דעם אומקום, ער שטעלט רק פעסט איין טרויעריקן פאַקט: „געווען אַ פאָלק און אויס!"

די זעלביקע שפּירונג, אַז אַלץ איז געענדיקט, דער מאַנגל אין גלויבן, אַז עס קאָן און וועט קומען אַ ווידערגעבורט, פאַרפלייצט ממש דעם גאַנצן געמיט פו־נעם דיכטער, וועלכער זיצט אַ פאַרשפּאַרטער אין דעם ווימעל־לאַגער אַרומגע־רינגלט מיט אַ געדיכטער שמירה פון באַוואָפנטע עס־עס־לייט. ער פאַלט אַריין אין ענדלאָזער פאַרצווייפלונג, וועלכע דערגייט ביז משוגעת, ביז פאַרלייקענונג פון יעטווידער ליכטיקער אידעע. ער ווערט צעפּרעסן פון בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס איז אַזוי אכזריותדיק אַרויסגעריסן געוואָרן אויף אייביק. כאַראַקטעריסטיש פאַר די דאָזיקע שטימונגען פונעם דיכטער איז זיין טאָגבוך, וואָס ער האָט גע־פירט אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער, אונטערן נאָמען: „פּנקס וויטל". מיר קענען נישט דעם דאָזיקן טאָגבוך לויט זיין אָריגינעלן טעקסט. דער „פּנקס וויטל" איז

פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין א בוך־פאָרם,[11] און לויט דעם דאָזיקן טעקסט זענען מיר אימשטאנד צו אורטיילן וועגן דעם דיכטערס געמיט און לעצטן פעריאָד פון זיין שאפן און לעבן.

אינעם „פנקס וויטל", וואָס איז געפירט געוואָרן פון דעם 22־טן מאי ביזן 16־טן סעפטעמבער 1943, דערשיינט פאר אונדז קאצענעלסאָן באגיים ווי א דע־מאסקירער און באקעמפער פון דער פארעטערישער געטאָ־פאָליציי. ער מישט ווידער אויף די טראגישע בלעטער פון יולי־אויגוסט 1942 אין ווארשעווער גע־טאָ. ער קאָן זיך נאָך אַלץ נישט באַרואיקן נאָך דעם שענדלעכן פאַראַט פון יודענ־ראט און זיין פאָליציי. „הטוב שבשוטרים הרוג!" (דעם בעסטן פון די פאָלי־ציאנטן דערהרגע!) — רופט ער אויס מיט פארביטערונג. דער יידישער פאָלי־ציאנט און דער דייטשישער עס־עס־מאן שטייען ביי אים אויף איין „מדרגה": „מצא מין את מינו", (עס האָט געפונען איין טיפ זיין צווייטן), זאָגט קאַצע־נעלסאָן וועגן אָט די ביידע פארברעכער. מיט א באזונדערן עקל שילדערט קא־צענעלסאָן די יודענראט־גדולים, וועלכע האָבן זיך אָפגעזאָגט צו ראטעווען די יידישע שרייבער, קינסטלער און לערער פון אומשלאג־פלאַץ.

זוכנדיק די גענעאלאָגיע פון פארברעכערישן ראסיזם, לאָזט קאצענעלסאָן אויך נישט אדורך די פוילישע רעאקציע. ער רעדט מיט צאָרן וועגן די פרים־טאָראָוועס, אָט די קיים־היינט פון דער סאנאציע, וועלכע האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאר היטלערן אין פוילן.

דער טאָג־בוך פארמאָגט א סך פרטים וועגן אומקום פון די יידישע שרייבער: שלמה גילבערט, ישראל שטערן, הלל צייטלין, יחיאל לערער, וועגן דעם טויט פון דוד פרישמאנס טאָכטער. ער שטעלט פעסט, אז פארן אומקום פון די ער־שטע צוויי איז דירעקט שולדיק דער שעף פון דער געטאָ־פאָליציי שערינסקי.

מיט סארקאזם שרייבט קאצענעלסאָן וועגן דער היטלעריסטישער קאַמין־פראָוואָקאציע.

א סך ווערטפולן מאטעריאל פארמאָגט דער „פנקס וויטל". אָבער איינציי־טיק איז דער דאָזיקער טאָגבוך אן אויסדרוק פון פארשטארקטע נאציאָנאליסטי־שע שטימונגען ביים פאראייניזאמטן דיכטער. צוזאמען מיטן אויפשטייג פון אזעל־כע שטימונגען פארטיפט זיך קאצענעלסאָנס פעסימיזם. מיט ענדלאָזן יאוש ווייי־ען די שורות, וואָס דער דיכטער האָט ארייַנגעפלאָכטן אין דער נאָטיץ פון דעם 24־טן אויגוסט 1943 אין דעם טאָגבוך:

„א חלום האָט זיך מיר געחלומט, גאָר א שרעקלעכער: נישטאָ שוין מיין פאָלק, נישטאָ שוין מער! כ'האָב זיך אויפגעכאפט מיט א געשריי — וויי, וויי!

[11] יצחק קצנלסון: „כתבים אחרונים", עין חרוד, 1947.

וואָס עס האָט זיך מיר געחלומט, איז געשען אזוי... אזוי פארגיי איך אין מיין צער, טאָג און נאכט...“

די פארצווייפלונג פונעם דיכטער איז אזוי גרויס, אז ער פארגעסט וועגן דעם אויפשטאנד אין ווארשעווער געטאָ. וועגן דעם דאָזיקן גרויסן גבורה־אקט איז אין „פנקס וויטל“ נישטאָ קיין איין שורה.

אין דעם לעצטן פעריאָד פון זיין שאפן און לעבן האָט, ווי מיר זעען, באַקומען ביי קאצענעלסאָנען די איבערהאנט דער עלעמענט פון אבסאָלוטן יאוש. אָפגעריסן פון אלץ און אלעם, אָפגעשניטן פון דער וועלט, איינזאם מיט זיין געבראָכענעם געמיט, נישט באוואָפנט מיט א געזונטן וועג־ווייזערישן וועלט־באנעם — איז קאצענעלסאָן אריינגעפאלן אין א תהומדיקן פעסימיזם. ער האָט נישט פארשטאנען דעם מעכאניזם פון דער געזעלשאפט און ממילא נישט געפילט דעם אָנקומענדיקן זיג. ער האָט נישט פארשטאנען דעם היסטאָרישן באטייט פון די סאָוויעטישע נצחונות, פון סטאלינגראד און אויך נישט דערבליקט די מעגלעכקייטן פארן ווידערגעבורט פון די יידישע מאסן, פון דער יידישער קולטור.

אין אפריל 1944 ווערט דער דיכטער אינאיינעם מיט זיין איינציק געבליבענעם זון אוועקגעפירט דורך דעם פראנצויזישן פיין־לאגער דראנסי קיין אָשוויענשים. אין אָט דעם מאסן־קבר פון מיליאָנען יידן און פאָרשטייער פון אנדערע פעלקער איז איבערגעשניטן געוואָרן דאָס לעבן פון יצחק קאצענעלסאָן.[12]

* * *

קאצענעלסאָן, סקאלאָוו און פעלד געהערן צו די סאמע פרוכטבארסטע שרייבער (געמענדיק אין אכט די שאפונגען, וואָס זענען צו אונדז דערגאנגען) אין ווארשעווער געטאָ.

ווי מיר האָבן געזען, איז אָבער פאראן א בולטער אונטערשייד צווישן פעלד און סקאלאָוו פון איין זייט, און קאצענעלסאָן — פון דער צווייטער. אין אונטערשייד צו פעלדן און סקאלאָוון ווייזט ארויס קאצענעלסאָנס שאפונג אן אינערלעכע סתירותדיקייט, א נישטקאָנסעקווענטקייט, און א ריי ווערק — אן איינפלוס פון מיסטיק און נאציאָנאליזם.

פעלד, סקאלאָוו און קאצענעלסאָן זענען אָבער נישט די איינציקע שרייבער, וואָס די געטאָ־ווירקלעכקייט און די שטרעבונג צו פארפיקסירן די דאָזיקע ווירק־

[12] אינעם וויטעל-לאגער האָט ער אָנגעשריבן אויך די העברעישע דראמע „חניבאל“ (וועגן דעם קארטאַגינישן מיליטער־פירער האַניבאַל) און „במצבאה הראשית“ (וועגן דעם היטלעריסטישן אויסראָטונג-שטאַב).

לעבקייט אין דער ליטעראַטור האָט זיי געשטויסן צו אַ פאַרשטאַרקטער שעפע־רישער ענערגיע.

לאָמיר זיך באַקענען מיט דער שאַפונג פון די ווייטערדיקע שרייבער און מיט די פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיי געפייניקט און פאַר וועלכע זיי האָבן געזוכט אַן ענטפער.

VI

# די וויטערדיקע פּראָבלעמען און מאָטיוון פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין וואַרשעווער געטאָ

די אָפּגעראַטעוועטע ליטעראַרישע כתב־ידן און מאַשין־דרוקן אין אונטערערדישן ארכיוו פֿון וואַרשעווער געטאָ געהערן — חוץ צו די מחברים סקאַלאָוו, פֿעלד און קאַצענעלסאָן — אויך צו די דיכטער: קלמן ליס, יוסף קירמאַן, יחיאל לערער, שמואל מאַרוויל און עטלעכע אַנאָנימע פּאָעטן און צו די פּראָזאַיקער: פּרץ אָפּאָטשינסקי, יהושע פּערלע, לייב גאָלדין, יצחק בערנשטיין, ישראל וויניס און, וואַרשיינלעך, ישראל ליכטענשטיין;[1] אויך דאָ האָבן מיר א ריי רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען פֿון ניט פֿעסטגעשטעלטע מחברים.

די גרונט־פּראָבלעמען, וועלכע שטייען אין צענטער פֿון די פֿאַרבליבענע ווערק פֿון די אָקאָרשט אויסגערעכנטע שרייבער, זענען: הונגער, נויט און מאַסן־אומקום, היטלעריסטישע אכזריות און די פֿאַרעטערישע ראָל פֿונעם יודענראַט, פֿון זיין פּאָליציי און פֿון דער גאַנצער כנופיא פֿאָלקס־פֿיינטלעכע עלעמענטן, וואָס האָבן אויסגענוצט אויף א פֿאַרברעכערישן אופֿן די אומגליקן פֿון דער יידישער מאַסע; ווייטער — דער געראַנגל צווישן פּעסימיזם און אָפּטימיזם, אין היסטאָרישן זין, אין הינזיכט פֿון היסטאָרישער פּערספּעקטיוו; דער געראַנגל צווישן דער שטרעבונג צו ווידערשטאַנד און — דער מיסטישער אידעע פֿון קידוש השם, וועלכע רייסט זיך דורך דאָ און דאָרטן אין איינצלנע שאַפֿונגען. אין דעם טראַגישן „אויסזידלונג“־פּעריאָד האָט מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט אויפֿגעטויכט די פֿראַגע: פֿאַרוואָס איז ניט געווען קיין מאַסן־ווידערשטאַנד? פֿאַרוואָס איז מען געגאַנגען, בדרך כלל, צום טויט־גירוש אָן געראַנגל?

אויף דער פּאָן פֿון די אַלע מאָטיוון באַמיט זיך דער שרייבער אַרויסצוברענגען די באַציונגען פֿון מענטש צו מענטש. די דאָזיקע ליטעראַרישע ווערק, פּונקט ווי די פֿריער־אַרומגערעדטע שאַפֿונגען פֿון סקאַלאָוו, פֿעלד, קאַצענעל־

---

[1] עס איז דאָ א רייד נאָר וועגן די אומגעקומענע שרייבער.

סאָן, אינטערעסירן זיך מיט דעם פּראָבלעם: ווי האָבן זיך געשטאַלטיקט מענטש=
לעכע געפילן אויפן באָדן פון די אלע צרות, אויף דער פאָן פון הונגער, תפיסה,
פּערמאנענטן אונטערגאנג; ווי האָט זיך געפורעמט די פּסיכיק פון די געטאָ=אסו=
רים אין אָנגעזיכט און אונטערן דרוק פון די אויסראָטונגס=דערשיינונגען אין דעם
פיזיקן איזאָלירטן מענטשן=רעזערוואט.

די שאפונגען פון די שרייבער אין געטאָ זענען נישט געבליבן שטיין אויף
דער מדרגה פון שילדערן די אומגליקן, דעם פּאוואָליעדיקן און שפּעטער גע=
וואלטזאַמען אונטערגאנג פון פאָלק. זיי אינטערעסירט חוץ דעם קודם=כל די פּסי=
כישע רעאגירונגען פון די טאָפּלט אונטערדריקטע, נאציאָנאל און סאָציאל גע=
יודפּטע, פּארמוטשעטע מענטשן.

מיר האָבן שוין אין סאמע אָנהייב פון אָט דער ארבעט בקיצור אָנגעוויזן
אויף די פארשידענע אויפפאסונגען פון דעם הונגער=מאָטיוו. לאָמיר עס בא=
טראכטן אביסל גענויער.

אין דער אויפפאסונג פונעם הונגער=מאָטיוו לאָזן זיך באמערקן צוויי בא=
זונדערע מעטאָדן ביי די שרייבער אין ווארשעווער געטאָ.

פון איין זייט טרעט ארויס די שילדערונג פון ריין=פיזיאָלאָגישן הונגער=
פּראָצעס, א נאטוראליסטישער בפרטיותדיקער געמעל פון דעם הונגער, ענלעך
צו די מעכאניסטישע שילדערונגען פון די מענטשלעכע פּסיכישע רעאגירונגען
ביי די קלאסיקער פונעם עקסטרעמען נאטוראליזם אין דער פראנצויזישער לי=
טעראטור — די ברידער גאָנקור.

פון דער צווייטער זייט ברענגט ארויס די ליטעראטור פון געטאָ א טיף
מענטשלעכע, אן עכט הומאניסטישע שילדערונג פון די איבערלעבונגען און פּסי=
כישע רעאגירונגען פון די הונגערנדיקע יידן. דער דאָזיקער הומאניסטישער גע=
מעל פונעם הונגער ווערט דורך די דאָזיקע שרייבער ארויסגעבראכט נישט אינ=
דיווידואליסטיש, נישט ווי אָפּגעזונדערטע ליידן פון יחידים, נאָר ווי א סאָציאלע
דערשיינונג און בעיקר — אויף דער פאָן פון די קעגנזייטיקע באציונגען צווישן
מענטש און מענטש, צווישן איין געטאָ=ארעסטאנט און דעם צווייטן, צווישן איין
הונגער=קרבן און דעם אנדערן.

די ערשטע אויפפאסונג, דער נאטוראליסטיש=פיזיאָלאָגישער געמעל פון דעם
הונגער=פּראָצעס קומט צום בולטסטן צום אויסדרוק אין דער שילדערונג פון
לייב גאָלדין א. נ. „כראָניק פון איין מעת לעת“, וואָס טראָגט די דאטע: אוי=
גוסט 1941.

דער הונגעריקער מענטש זיצט אין שטוב און ציילט די מינוטן און שעהן,
וועלכע טיילן אים אָפּ פון דעם מאָמענט, ווען ער וועט קאָנען לויפן אין דער גע=
זעלשאפטלעכער קיך צו באקומען דאָס ביסל וואסער=זופּ. דער הונגער וואקסט
אָן אין אים אלץ טיפער און מעכטיקער. ווי א פילהענטיקע הידרע באהערשט

ער הונגער דעם גאנצן מענטש. דער מענטש איז שוין נישט קיין בן=אָדם. גע=
יוסע קראנקהייטן איידעלען אוים דעם ליידנדיקן מענטש, — זאָגט דער מחבר.
— אָבער דער הונגער פארוואנדלט אים אין א חיה; ניינציק פראָצענט ווערט ער
מאָגן און א קליין שטיקעלע — ער אליין. אָט אזוי פארלירט דער הונגערנדיקער
מיט יעדער רגע אלץ מער זיין צלם מענטש, זיין איך, זיין אינדיווידואליטעט.

אינעם צעפיבערטן פון הונגער מוח קומען אויף האלוצינאציעס: ברויט.
ברויט, ברויט.

„ברויט, ברויט — ראזווקע, שיטקווקע, שיטקע, וואלצווקע, לוקסוס, בעקן=
ברויט".

„עסן, עסן — נישט פון מאָגן גייט עס איצט — פון גומען, פון די שלייפן.
כאָטש א פערטל ברויט, כאָטש א שטיקל קאָרע, כאָטש א פארברענטס, א
שווארצע מיט קוילן".

עם קומט אויף דער געדאנק פון זעלבסטמאָרד, אָבער דער ווילן איז שוין
אָפגעטעמפט, אטראָפירט.

מענטשן הונגערן, באקומען הונגער=געשווילעכטס, פאלן אין די גאסן, א
מאמע אויף קראָכמאלנע האָט אויפגעגעסן א שטיק קערפער פון איר געשטאָרבן
קינד.[2]

הונגער מאכט דעם מענטש פאר א חיה, עס קומט ווידער אויף די צייט פון
קאניבאליזם.

גאָלדינגס קרבן פון הונגער איז איינער אליין, א רעזאָנירנדיקער אינטעלי=
ענט, א קרבן, וואָס האָט זיך איזאָלירט פון ארום, א ליידנדיקער, וואָס איז
באהערשט מיט איין חיהשן באגער: שטילן דעם הונגער, וועלכן מען קאָן אָבער
נישט צוימען, נישט באהערשן און — נישט שטילן.

אין געטאָ האָט א גרופע דאָקטוירים אָנגעשריבן א פאָרשונגס=ארבעט וועגן
ער הונגער=קראנקהייט, דעם הונגער=געשווילעכטס, וועגן דעם הונגער=טויט.

גאָלדינגס „כראָניק פון איין מעת לעת" וואָלט געווען א ווערטפולער צו=
שטייער, ווי א באזע פאר דער פאָרשונג פון דאָקטוירים. ס'איז א סטודיע אין א
ליטעראַרישן לבוש, ווי אזוי די הונגער=הידרע נעמט ארום דעם גאנצן מענטש.
אלע זיינע חושים, און הרגעט אים אוועק, טויט אָפּ דעם ווילן.

אָבער גאָלדין זעט נישט דאָס סאָציאלע, ער שטעלט נישט אוועק דעם הונ=
גערנדיקן מענטש פנים אל פנים מיט די זאטע און איבערגעזעטיקטע אויבערשטע
צען טויזנט, ער פארטראכט זיך נישט איבער די סיבות, ער רעגט נישט אָן צו
פראָטעסט און בונט.

---

[2] אַן אויטענטישער פאַל, פאַרפיקסירט אין א דאָקומענט פון אונטערערדישן אַר-
כיוו פון ווארשעווער געטאָ.

ער געפינט זיך פונקט ווי זיין הונגערנדיקער העלד — און מסתמא איז ער אליין געווען דער העלד פונעם הונגער — אין געפאנגענשאפט ביים שרעקלעכן, בייזן גייסט פון חיהשן הונגער.

אויב גאָלדינס הונגער־כראָניק איז א מאטעריאל פאר א שטודיע פון פיזיאָ־לאָגישן שטאנדפונקט, איז יצחק בערנשטיינס עסיי א. ג. „הונגער אין ווארשע" (דער מחבר רופט אָן זיין זאך „פּאָעמע"), אָנגעשריבן אין זומער 1941, אן אימפּרעסיאָניסטיש בילד פון א דערשיינונג, וואָס איז פארן אויטאָר כמעט אומ־פארשטענדלעך, כמעט מיסטיש, „א וואקכאנאליע־טאנץ, אן אומזיניקער, ווי פאר עשתרות, ארום זאטע טישן פון גענוס".

בערנשטיין זעט דעם הונגער ווי אן אפּאָקאליפּטישע חיה, וועלכע בושע־וועט איבער די גאסן פון ווארשע. ער דערזעט אָבער נישט דעם מענטש, ער פארלירט אינעם ריזיקן, אומהיימלעכן, געשפּענסטיקן ווירוואר דעם קרבן. אמת, זיין אויער כאפּט אויף א ריכטיקן טאָן: „געוויסנס פארפאנצערן זיך פאר הונ־גער־פיילן", אָבער דער מחבר דעשיפרירט נישט: וועלכע געוויסנס, וועמענס גע־וויסנס. בערנשטיין, וועלכער איז ארומגעכאפּט מיט אן אבסטראקט־מיסטישער אידעע פון קידוש השם אין געטאָ, מיט דעם מיסטישן קולט פאר פאסיוון אומ־קום, פאסט אויף די הונגער־דערשיינונג אבסטראקט און כמעט מיסטיש.

און דאָך ווירקט די ארומיקע ווירקלעכקייט אזוי שטארק, אז פון אונטער בערנשטיינס פען רייסן זיך ארויס טענער און געשרייען, וועלכע סיגנאליזירן דעם גרויל, דעם אומגעצוימטן מארש פון טויט איבער די גאסן פון דער שטאָט. פונקט ווי קאצענעלסאָן ווערט אויך בערנשטיין אינגערלעך צעריסן פון א דוא־ליזם אינעם וועלט־באנעם; אָט נעמט די אויבערהאנט א רעאליסטיש בילד און באלד איז גובר די מיסטיק, וועלכע לאסטעט אויפן שרייבער, אויף זיין דערציונג זינט יאָרן:

„ווארשע! עס פירט הונגער ארום דיר אן אומגעזעענע באלאגערונג, עס האָבן הערצער און געוויסנס זיך פארפאנצערט פאר הונגער־פיילן און פארן גע־שריי פון הונגעריקע. ווארשע, דו ביסט א בית־הקברות, עס וואָיעט הונגער אין דיינע גאסן דורך פארכריפּעטע העלדזער — ווי סטאדעס וועלף. נאָר די וועלף, זיי פארצוקן נישט, נאָר זיי שטארבן. זיי ציען דורך גאסן פון שטאָט מיט גע־וויין, געבעט און יאָמער, מיט געשריי און פארלענדונג; דער געשריי פאלט צוריק, שפּרינגט אָפּ פון דיינע מויערן, פארפאנצערטער ראיאָן. ווארשע, דו ברענסט און בלענדסט ווי מיט איידל־שטיינער מיט שקאָרבוט און שחין, וואָס בליט אויף מענטשלעכע פּנימער און אויף לייבער פארפייניקטע. ווארשע, דו ביסט א מזבח פאר הילפלאָזע און א לעבעדיקער דענקמאָל פאר דעם שטן. ווארשע, דו ביסט גרויס און זינדיק, ביסט פיין און אומקום!"

אין בערנשטיינס אינערלעכן געראַנגל פון די צוויי עלעמענטן, דעם רעאַליסטישן און דעם מיסטישן, איז אַמאָל גובר דער ערשטער און איינעם מיט אים — דער אַקטיווער ווילן צום לעבן: „און עדה אַ שטאַרבנדיקע האָט זיך איינגעשפּאַרט: מיר ווילן לעבן! איינגעפאַלענע פּנימער, ווילדע אויפגעריסענע אויגן, פאַרדאַרטע איינגעווייידן שרייען אויס זייער פּראָטעסט, זייער ווילן צום לעבן“. און עס קומט אַ ריי בילדער פון גאַס, וועלכע באַשטעטיקן די דאָזיקע ריכטיקע טעזע פון מחבר, אָבער דער ווילן צום לעבן דריקט זיך אויס נאָר אינעם היהשן געראַנגל פאַרן טראָפּן עקזיסטענץ, פאַר אַ פּענעצל ברויט, און עס איז נישטאָ אין דער עסיי „הונגער אין וואַרשע“ קיין דערהייבונג אין זין פון באַוווסטזיניקן געראַנגל פאַר לעבן אין ברייטערן זין.

אָבער סיי גאָלדינגס, סיי בערנשטיינס בילדער פון הונגער זענען, טראָץ אַלע חסרונות, אויפטרייסלענדיקע דאָקומענטן פון זייער צייט, זיי זענען אָביעקטיוו אַ וויי=געשריי פון אַ מאַסע, וואָס איז דורך די ראַסיסטישע אַגרעסאָרן פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַ הונגער=טויט.

פּעלד, סקאַלאָוו, קאַצענעלסאָן און אָפּאָטשינסקי גיבן אַן אַנדערע אויפפאַסונג פונעם הונגער=מאָטיוו. ביי די דאָזיקע שרייבער טרעט אַרויס אין דעם פאָדערגרונט קודם=כל דער מענטש. די דאָזיקע שרייבער, ובפרט פּעלד, גראָבן טיפער. זיי ווילן דערגרונטעווען די פראַגע: ווי אַזוי רעאַגירט פּסיכיש דער מענטש לגבי זיינע מיטמענטשן אין דער אַרומיקער פאַרלענדונג פון דעם הונגער=געשפּענסט.

סקאַלאָוס העלדן ליידן אַליין הונגער, אָבער דער שרייבער שלעפּט אַרויס ווי אמתע פּערל ביי זיינע הונגערנדיקע העלדן די יסורים, וואָס זיי שטייען אויס צוליב דעם הונגער פון אַ נ ד ע ר ע, נאָענטע און ווייטע מענטשן.

אַזוי אַרום ווערט באַהערשט און באַזיגט דאָס היהשע, וואָס ווערט אַרויסגערופן דורך דעם שרעקלעכן הונגער. אַזוי אַרום ווערט דער דאָזיקער מאָטיוו אַרויסגעריסן פון אינדיווידואַליסטישן תחום און באַקומט ביי די שרייבער אַ לגמרי אַנדערן, אַ געזעלשאַפטלעכן אויסקלאַנג. וואָס איז די עיקרדיקע מאָראַלישע סיבה פון די ליידן פון דער מאַמען אין פּעלדס דערציילונגען „אַ חלום פון אַ מאַמע“? די מאַמע ליידט נישט בלויז, וואָס עס דראָט אירע אייגענע קינדער הונגער, נאָר אויך און קודם=כל מחמת דעם, וואָס עס הונגערן אַ סך קינדער, אַזוי פיל שכנישע און פרעמדע קינדער פון וואַרשע. די מאַמע ליידט מאָראַליש, וואָס זי איז נישט אימשטאַנד צו שטילן דעם הונגער פון טויזנטער קינדער, קרבנות פון דער שרעקלעכער צרה. די געשטאַלטן פון פּעלדס אַ צווייטער דערציילונג אויף אַן ענלעכער טעמע — אונטערן נאָמען „הונגער“ — ליידן כסדר פון נישט דערעסן, פון דעם הינגער, וואָס וואַקסט אַלץ מער און מער, אַלץ שטאַרקער און גרויזאַמער; אָבער זיי זענען נישט קיין וועלף, זיי בלייבן

מענטשן. צום שטאַרקסטן און רירנדיקסטן איז פעלד אין דער שילדערונג ווי אַזוי קינדער רעאַגירן אויפן הונגער און אויפן נסיון פון דעם ברויט, וואָס ליגט פאַר זיי אויפן טיש. די קינדער זענען שרעקלעך הונגעריק, אָבער זיי פילן אַ שטאַרקע אינערלעכע דיסציפּלין, און זיי ווילן דעם ברויט, וואָס איז באַשטימט פאַר דער גאַנצער משפּחה, נישט צונעמען. רירנדיק איז די קליינע פּעפּי, וועלכע שפּילט זיך, אַ שטאַרק הונגעריקע, מיטן ברויט, כאַפּט אַ ברעקעלע אין מיילעכל, אָבער זי וועט דעם לאַבן נישט אָנרירן און די אַנדערע בני בית נישט באַעוולען. דאָס צווייטע קינד מאָריץ קוקט אויפן ברויט מיט ליבשאַפט, אָבער אויך ער געדענקט וועגן אַלע אַנדערע, וואָס הונגערן און דאַרפן עסן. פעלד זעט אויך די געוואַלדיקע קראַפט פון הונגער, דעם מיטאַמאָל אויפגעבונדענעם אינסטינקט, וואָס איז דורך דער מאַמען געווען אַזוי לאַנג געצוימט און געשטיקט, ביז ער ברעכט אויס מיט אַ ממש פאַרטיליקנדיקן כוח. און די נאָענטע קוקן און פילן מיט, זיי ווייזן אַרויס פאַרשטענדעניש.

דעם דאָזיקן אויסברוך פון דעם לאַנג נישט־געשטילטן הונגער־כוח גיט סקאַלאָוו אין זיין ראָמאַן, ווען ער שילדערט סענדערס צוריקקומען פון דעם לאַגער. דאָס איז אַ זייער רעליעפע און סוגעסטיווע שילדערונג. אָבער טראָץ אַלעמען ווערט נישט סענדער קיין חיה. ער איז סימפּאַטיש אַפילו אין דעם געוואַלדיקן אויסברוך פון זיין אויסגעפייניקטן און נישט געשטילטן וועלפישן אַפּעטיט.

די דאָזיקע שרייבער מאָלן דעם הונגער אויף דער פאָן פון די געשעענישן אין געטאָ, ווי אַ סאָציאַלע — און נישט בלויז פיזיאָלאָגישע — דערשיינונג, וואָס קומט אין רעזולטאַט פון דעם שונאס פּאָליטיק. סקאַלאָוו שטעלט אַקעגן די רייכע, מאַגאַזינירטע שפּייז־אוצרות פון די וואָלפס — דעם הונגער אין סראָל־קעס קעלער־שטוב. דער וואָלפּאָוועס אָנגעהויפנטע פּראָדוקטן ווערן אַזש קאַליע — און די אָרעמע משפּחות פּלאַצן פון הונגער. דער קלאַסן־מאָמענט טויכט אויף ביי סקאַלאָוון אויף אַ בולטן און סוגעסטיוו געשילדערטן אופן. די אומ־גערעכטיקייט, וועלכע נעמט זיך נישט בלויז פון דעם אָקופּאַנטס פּאָליטיק, נאָר שטעקט אין דער קלאַסן־סטרוקטור פון געטאָ גופא, שרייט ממש אַרויס פון די זייטלעך פון סקאַלאָווס ראָמאַן. דאָס איז דער זעלביקער פאַרטיליקנדיקער הונ־גער, וואָס אין אַנדערע געטאָס, וואָס אין קאָלאָניאַלע לענדער, וואָס אין אינדיע, וואָס איז אַ באַגלייט־דערשיינונג פון מלחמות, פון סאָציאַלער אונטערדריקונג, פון קאַפּיטאַליסטישן און קאָלאָניאַלן סיסטעם, מיט איר סאַמע אוממענטשלעכער פאָרם אין דעם צום טויט פאַרמשפּטן געטאָ.

אויך קאַצענעלסאָן האָט זיך אין זיין הונגער־מאָטיוו דערהויבן צו דער מדרגה פון אויסשרייען אַ פּראָטעסט קעגן די סאָציאַלע אונטערשיידן, וואָס האָבן געהערשט אין געטאָ. פּנים אל פּנים מיטן צעבושעוועטן הונגער איז ביי

קאַציענעלסאָנען גובר געווען די רעאַליסטישע טענדענץ. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף זיין ליד „דער באַל“. הגם עס פעלט אין דעם ליד דער פּראָטעסט פון דער גוססדיקער אָרעמקייט, ווירקט דאָך דאָס ליד מיט זיין שטאַרקן בילד פון דעם הונגער-טויט אין דער קעלער-שטוב און מיט זיין שאַרפן דעמאַסקאַטאָרישן טאָן לגבי די צביעותדיקע, עגאָיסטישע, אָנגעפרעסענע און דעמאָראַליזירטע בורזשואזע און לומפּן-בורזשואזע בעלי טובות.

אָט אזוי שטעלן זיך פאָר אין די ווערק פון די דאָזיקע שרייבער די צווישנבאַציונגען פון מענטש און מענטש אין געטאָ אויף דער פאָן פון דעם צעווילדעווען אָנגריף פון הונגער-טויט.

אין אָנגעזעען אָרט פאַרנעמט דער מאָטיוו פון הונגער, נויט און שטופנווייזן פיזישן אונטערגאַנג פון די געטאָ-איינוווינער — אין דער צאָלמעסיק רייכער שאַפונג פון פּרץ אָפּאָטשינסקי.

פּרץ אָפּאָטשינסקי — אַ ווייניק באַקאַנטער שרייבער אין דער ברייטער ליטעראַרישער עפנטלעכקייט פון פאַר דער מלחמה, אַ פען-מענטש, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געליטן נויט — געהערט צו די סאַמע פּרוכטבאַרסטע מחברים פון דער געטאָ-צייט. פּרץ אָפּאָטשינסקי (געשריבן אונטערן פולן נאָמען און אויך אונטער פסעוודאָנימען „פּרץ אָפּאָטשנער“ און „פּרץ חסידא“) האָט אָנגעהויבן שרייבן אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון דעם באַרימטן יידיש-סאָוויעטישן פּאָעט אשר שוואַרצמאַן. נישט געקוקט אויף די פאַרשידענע אידעאָלאָגישע גילגולים, וואָס אָפּאָטשינסקי האָט אַדורכגעמאַכט, האָט דאָך שוואַרצמאַנס זריעה טיף געשטעקט אין אָפּאָטשינסקיס שעפערישן באַוווסטזיין. אין דעם געטאָ-פּעריאָד האָט פּרץ אָפּאָטשינסקי געגעבן אַ ריי רעאַליסטישע בילדער פון דעם הונגער און פונעם אונטערגאַנג-פּראָצעס פון דער יידישער אָרעמקייט. אין אַ זאַפטיקער יידישער שפּראַך, אָפּערירנדיק מיט אַ נאַטירלעך-פליסנדיקן דיאַלאָג, מיט אַ שאַרפן אָבסערווירכּוח, האָט אָפּאָטשינסקי געשריבן זיינע בילדער, רעפּאָרטאַזשן, געשעעניש-באַשרייבונגען און כראָניק, וועלכע גיבן צוזאַמען אַ שטיק פון דער גרויליקער געטאָ-פּאַנאָראַמע.

אין ביידע טיילן פון דעם אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ געפינען זיך — אחוץ אַ פּאַק פאַרמלחמהדיקע שריפטן פון דעם שרייבער און אַ פראַגמענט פון אַ ראָמאַן, פאַרפאַסט דורך זיין שוועסטער חנה, — די פאָלגנדיקע ליטעראַרישע אַרבעטן פון פּרץ אָפּאָטשינסקי, געשאַפן אין דעם געטאָ-פּעריאָד:

1. „די טראַגעדיע פון אַ הויז-קאָמיטעט“.
2. „די געשיכטע פון אַ הויז-קאָמיטעט“.

וועגן די דאָזיקע אַרבעטן שרייבט אין זיינע נאָטיצן רינגעלבלום אָט וואָס: „...פּרץ א—י (אָפּאָטשינסקי — ב. מ.) האָט געמאַכט אַן אינטערעסאַנטן פּרוּוו,

וואָס איז אָבער צום באדויערן נישט דערפירט געוואָרן ביזן סוף. ער האָט געגעבן א **געשיכטע פון א וואַרשעווער הויף בשעת דער מלחמה**. דער אויסגאנגס־פונקט איז געווען די געשיכטע פון א הויז־קאָמיטעט אויפן פאָן פון דער אלגעמיינער לאגע פון הויף און זיינע איינוווינער. די אר־בעט, וואָס איז לכתחילה פארמאָסטן געוואָרן גאנץ שמאָל, איז אויסגעוואקסן צו א געשיכטע פון א הויף און פון זיינע איינוווינער, אָנגעהויבן ערב דער מלחמה, איבער דער באָמבארדירונג פון ווארשע, דעם אריינקומען פון די דייטשן, דער אויסוואנדערונג קיין רוסלאנד א. א. וו. דער דאָזיקער מיקראָקאָסמאָס קאָן זיין א שטיקל אריינפיר צו דער געשיכטע פון ווארשע דעם מאקראָקאָסמאָס".

די הויז־קאָמיטעטן אין ווארשעווער געטאָ זענען געווען א ספעציפישע פאָרם פון דער אָרגאניזירטער אליינהילף פון דער באפעלקערונג. עס זענען , פאר־שטייט זיך, געווען פארשידענע הויז־קאָמיטעטן. אזעלכע, וואָס זענען געשטאנען נאָענטער צום פאָלק און געוואָרן זיינע באשיצער; און אנדערע, וואָס זייער אָנפירונג איז אריינגעפאלן אין די הענט פון די „כייקלס, פייקלס און בייקלס", וועלכע עס באשרייבט יהודה פעלה, אין די הענט פון קלאסן־פרעמדע עלעמענטן. אָפּאָטשינסקי פארנעמט זיך אין זיין „טראגעדיע פון א הויז־קאָמיטעט" מיט דער ערשטער קאטעגאָריע טוער, מיט פאָלקס־טוער.[3] די דאָזיקע קאָמיטעטן איז אויסגעקומען אויסצושטיין א כסדרדיקן קאמף קעגן דעם יודענראט, דער פאָליציי און די גענגסטער פון די יודענראטישע פארוועקע־קאָלאָנעס. אָפּאָטשינסקי ווענט זיך נאָך צו די לעצטע אומקערן. דאָ איז נייטיק אונטערצושטרייכן דאָס בולטע בילד פון דעם טראגישן אונטערגאנג פון א דעמאָקראטישן הויז־קאָמיטעט, וואָס אָפּאָטשינסקי שילדערט מיט גרויס גענויקייט און געטרייקייט צום אמת. די סימפּאטיעס פון דעם מחבר זענען רעשטלאָז אויף דער זייט פון דער הויף־אָרעמקייט און פון די פאָלקסטרייע קאָמיטעט־טוער. אין די צוויי ארבעטן, בפרט אין „דער געשיכטע פון א הויז־קאָמיטעט" (אויף וואָלינסקע 21), פירט דער מחבר אַרויס אַ גאַלעריע געשטאַלטן מיט זייער אייגנטימלעכן אַרט־רעדן, מיט זייער לשון און געפילן. דאָס זענען גוטע ליטעראַרישע רעפּאָרטאַזשן, ווייט נישט קיין זשורנאליסטישע, ערטערווייז מיט אן עכטן אינדיווידואליזירנדיקן פסיכאָ־לאָגישן אנאליז.

א שטארקע דערגענצונג צו דער שילדערונג פון דער נויט, פון דעם הונגער און פון יודענראטישער אונטערדריקונג און הפקרות, וועלכע אָפּאָטשינסקי ברענגט ארויס אין די צוויי רעפּאָרטאזשן וועגן די הויז־קאָמיטעטן, איז —

3. „מגילת פּארוועקע" און —

---

[3] גענויער וועגן די הויז־קאָמיטעטן זע:
B. Mark: Powstanie w getcie warszawskim. Warszawa 1953, str. 40—42.

4. „ס'הויז (וואָלינסקע) נומער 21“, וואָס איז א המשך פון „מגילת פּאַרוואַקע“.

אין די דאָזיקע צוויי רעפּאָרטאַזשן טרעטן ארויס די מעלות פון פּרץ אָפּאָטשינסקיס רעאַליסטישן סטיל און טרעפלעכן געמעל נאָך שטארקער ווי אין די צוויי ערשטע שאַפּונגען. די בילדער פון דעם טראַגישן לעבן אין די הויפן פון דער געטאָ=אָרעמקייט, וועלכע אָפּאָטשינסקי וויקלט פאנאנדער אין „מגילת פּאַרוואַקע“ און אין „ס'הויז נומער 21“, קריצן זיך שטארק איין אינעם זכרון פון דעם לייענער. דאָס זענען בלוטיק=צאַפּלדיקע שטיקער פון גישט געפעלשטן געטאָ=לעבן, געשריבן מיט דער פעדער פון אן אמתן קינסטלער. ליבשאַפט צום ליידנדיקן פאָלק, סאַרקאַזם און האַס צו די אונטערדריקער, כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון א גאַלעריע פאָלקס=טיפּן — דאָס אַלץ דערהייבט אָפּאָטשינסקיס רעפּאָרטאַזשן און רוקט ארויס זייער מחבר ווי איינעם פון די בעסטע ליטעראַרישע אויסדריקער פון יענער גרויליקער צייט.

אָפּאָטשינסקי זעט און שטעלט פעסט דריי פייניקער פון דער געטאָ=אָרעמקייט: דעם דייטשישן אָרדנונגס=היטער, דעם פּוילישן אנטיסעמיטישן שותּף פון דער אונטערדריקונג און דעם יידישן געטאָ=פּאָליציאַנט. דער לעצטער — שטעלט פעסט אָפּאָטשינסקי — איז דער ערגסטער. „ווען מען זאָל וועלן — באַמערקט דער מחבר, — אויסרעכענען בפּרטיות אַלע נבלות, וואָס פּילן אויס די דאָזיקע „פּאַרוואַקע“=פּראָצעדור, וואָס די יידישע באַפעלקערונג פון ווארשע קאָן שוין פון די ערשטע וואָכן נאָך דער מלחמה ביז איצט, פאר גיי=יאָר 1942, דאן וועט מען מוזן ווידמען א באַזונדער גרעסער קאַפּיטל דער נעבעכדיקער, מגובלדיקער עקזיסטענץ פון דער יידישער פּאָליציי, וואָס האָט, מיט ווינציקע אויסנאַמען, צו זיך אוודאי קיין גלייכן נישט אין קיין שום פּאָליציי פון דער וועלט“.

אָפּאָטשינסקי זעט א ריי דערשיינונגען פון יענער צייט זייער רעאַל. ביי אים איז נישט פאראן — ווי אָפט ביי קאַצענעלסאָנען — אן „אייביק אכזריותדיקע“, איבערהיסטאָרישע דייטשישע נאַציע. אָפּאָטשינסקי זעט דייטשישע פאַשיסטן, מיליטאַריסטן און אימפּעריאַליסטן — פון איין זייט, און ערלעכע דייטשישע פאָלקס=מענטשן, ארבעטער און פּויערים — פון דער צווייטער. די היטלעריסטן ווילן פארשטעלן פאר די אָרנטלעכע עלעמענטן פון דייטשישן פאָלק זייערע אמתע רוצחישע צילן. דעריבער פירן זיי א פּראָפּאַגאַנדע וועגן „זויכן=געפאר“ אין געטאָ. אָפּאָטשינסקיס דאָזיקע פעסטשטעלונג ווערט באַקרעפטיקט דורך די היטלעריסטישע דאָקומענטן, וואָס געפינען זיך אין אונדזער באַזיץ. דורך דעם צביעותדיקן געשריי וועגן דער טיפוס=סכנה, וואָס דראָט מצד דעם געטאָ, זענען די היטלעריסטן אויסן — זאָגט ווייטער אָפּאָטשינסקי — אריינצופירן א ריס צווישן יידן און פּאָליאַקן, צו איזאָלירן איין פאָלק פון צווייטן. אויך אין דער הינזיכט

שטייט אָפּאָטשינסקי העכער פון קאַצענעלסאָנען. אָפּאָטשינסקי זעט פּוילישע אנטיסעמיטן, די גראנאטאָווע פּאָליציאנטן, די רענעגאטן פון דער פּוילישער געזעלשאפט. ער פירט אָבער אויך אריין אין יידישן הויף פּשוטע פּוילישע פּויערים, וועלכע רייסן אדורך די ביצוואנג=אויפגעשטעלטע מחיצות און ברענגען פּראָדוקטן, ווילן קאָנטינואירן דעם האנדל=אויסטויש מיט די פארהעצטע יידן.

די יידישע אָרעמקייט האָט אויסצושטיין א קאמף אויף א סך פראָנטן. אָבער דער ערגסטער פראָנט איז דער אינערלעכער, דער פראָנט קעגן די „פּארוווקע"=קאָלאָנעס, אין וועלכע עס האָבן זיך פאראייניקט קעגן די אויסגעמוטשעטע יידן דער היטלעריסטישער אָקופּאנט ביים טויער, דער פּויליש=אנטיסעמיטישער כולי=גאן אין באָד און דער יידישער פּארעטער, דער פּאָליציאנט און „פּארוווקע"=ברי=גאדיסט, וועלכער קריכט אריין אין דער אָרעמער, נישטגעהייצטער, הונגער=שרייענ=דיקער יידישער היים, מסרט, שלאָגט און פּאָדערט כאבאר. דאָס גאנצע ביסל האָב און גוטס ווערט קאליע, אָדער פארשווינדט. אָפּאָטשינסקי שטרייכט מער אונטער די מאָראלישע ליידן פון דער יידישער אָרעמקייט, איידער די פיזישע. דער בזיון איז ווייטאָגלעכער פון די קלעפּ. די רעפּאָרטאזשן וועגן די „פּארוווקע"=עינויים זענען א הארץ=רייסנדיקער ווײ=געשריי און א באשולדיקונגס=אקט קעגן פרעמדן יאָך און „היימישן" שענדלעכן פּאראט.

די מאָראליש שטארקסטע און קינסטלעריש רייפסטע שאפונג פון פּרץ אָפּאָטשינסקי אינעם געטאָ=פּעריאָד איז —

5. „דער יידישער בריוו=טרעגער", אָנגעשריבן אין אָקטאָבער 1941. אין דעם דאָזיקן קינסטלערישן רעפּאָרטאזש, וואָס וויקלט פונאנדער א ברייטע לייוונט פון דער נויט און ברענגט ארויס די טיפסטע באגערן פון דער געטאָ=אָרעמקייט, האָט זיך אָפּאָטשינסקי דערהויבן צו א הויכער מדרגה סיי אלס שרייבער, סיי אלס פריינד פון פאָלק.

דורך איבערצייגעוודיקע בילדער דעקט אויף דער מחבר דעם גאנצן שווינדל מיט דער „יידישער אויטאָנאָמיע", ווי די היטלעריסטן און זייערע יוצר משרתים האָבן אָנגערופן דאָס געטאָ און זיינע אָנגעוואָרפענע אדמיניסטראטיווע אָרגאנען. די „יידישע פּאָסט" האָט אויך געדארפט זיין איינער פון די סימנים פון דער „יידישער זעלבסטפארוואלטונג". אָבער דער יידישער בריוו=טרעגער איז א טראגישע פיגור. נישט בלויז וואָס ער ווערט שווידערלעך עקספּלאָאטירט דורך זיינע באלעבאטים, די נאָמינאטן פון יודענראט; נישט בלויז וואָס ער שטארבט אליין פון הונגער, ליידט ער נאָך מאָראליש פון די בילדער, וואָס ער זעט טאָג=איין טאָג=אויס אין די שטיבער און הויפן פון דער יידישער אָרעמקייט אויף די גאסן פון קראָכמאלנע, סמאָטשע, ניזקע און אנדערע. אָפּאָטשינסקי האָט אויף אן אינטערעסאנטן און אָריגינעלן אופן, דורך דער פּריזמע פון דעם בריוו=טרעגער, געעפנט א שווידערלעכע פּאנאָראמע פון דעם מאסן=אונטערגאנג פון

דער יידישער אָרעמקייט אין געטאָ. אין דעם דאָזיקן קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש, וווּ עס קלינגט אַזוי לעבעדיק די יידישע פאָלקס־שפּראַך, האָט דער מחבר געוויזן, ווי אַזוי עס שטאַרבט אָפּ פיזיש דאָס פאָלק — און אויפן באָדן פון דער פיזישער גסיסה צוליב דעם סאָטאַלן הונגער ווערט בולט דאָס אָפּשטאַרבן פון דעם ווילן. מיר באַקומען אַזוי אַרום אַן אויפקלערונג פון איינע פון די סיבות, פאַרוואָס האָט די ברייטע געטאָ־מאַסע נישט באַוויזן אין יולי—סעפּטעמבער 1942 אַרויסצוגיין אין אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן די ליקווידאַטאָרן.

די אַלע עגמת־נפשן, וואָס דער בריוו־טרעגער האָט געהאַט אויסצושטיין טאָג־איין טאָג־אויס — זאָגט דער מחבר — „זענען געווען אַ גאָרנישט אַקעגן די שרעקלעכע בילדער פון עלנט און נויט, וואָס דער בריוו־טרעגער האָט געמוזט צוזען גייענדיק און וואָגלענדיק פון שטוב צו שטוב אינעם יאָמער־טאָל פון קראָכמאַלנע, אָסטראָווסקע, סמאָטשע און ניזקע".

„אין די דאָזיקע גאַסן זענען די טירן פון די וווינונגען געווען פאַרשלאָסן ביז אין שפּעטן טאָג אַריין, מענטשן זענען געלעגן ביז צוויי־דריי בייטאָג אין די בעטן. אַנדערע זענען איבערהויפּט גאָרנישט אויפגעשטאַנען, נישט האָבנדיק צו וואָס. אין די ווינטער־טעג האָט מען אין די שטובן פון גרעסערע פאַמיליעס געקאָנט טרעפן צען־צוועלף מענטשן, אָפטמאָל יונגע מאַנסלייט אָדער פרויען ליגן אין די בעטן, ליגן מיט בלייכע פּנימער און פיבערדיקע אויגן און שלינגען די סלינע אין מויל. מאַמעס זענען געלעגן אין די בעטן צוזאַמען מיט צוויי דריי קינדער, זיי זענען געלעגן אין רויטן, נישט האָבנדיק די פּאָר גראָשן אויף אַ שטיקל זייף צו וואַשן דאָס איבערצוג. אין שטוב זענען די זאַכן געווען אָנגעוואָרפן אין אַ שרעקלעכער אומאָרדנונג, וואָס האָט באַשטעטיקט דעם אמת פון שפּריכוואָרט „אַזוי ווי ס'געמיט, אַזוי ס'געשלייער". מען האָט געזען, אַז די מענטשן ליגט קיין שום זאַך נישט אין קאָפּ אחוץ דער איינאיינציקער וואַנזיניקער געדאַנק: וווּ נעמט מען אַ שטיקל ברויט? די מאַמעס זענען קיין באַלעבאָסטעס נישט געווען, די טאַטעס — קיין באַלעבאַטים. די טירן זענען שלעכט צוגעמאַכט, די אייוועלעך זענען געווען צעבראָכן, די טישן און שטולן — נישט געשייערט, די פּאָדלאָגעס — נישט געוואַשן: צו וואָס? וועמען גייט עס אָן?

פּונעם כסדרדיקן ליגן אין די בעטן זענען די מענטשן נאָך שלאַפער געוואָרן, פיל האָבן שוין איבערהויפּט נישט געקאָנט שטעלן קיין טריט, אַנדערע זענען געשוואָלן ביז צו נאָפּל און נאָך העכער. ביי אַ טייל האָט מען קוים די אויגן אַרויסגעזען פון הינטער די געשוואָלענע קישעלעך אַרום די אויגן־לעכער, וואָס האָט זיי צוגעגעבן עפּעס אַן אויסזען פון פינצטערע מאָנגאָליער, פון הונגעריקע עסקימאָסן".

הונגער האָט געבוירן אַפּאַטיע, אויסזיכטלאָזיקייט האָט אַרויסגערופן אַן אָפּשטאַרבן פון ווילן. אַזוי זענען אָפּגעטויט געוואָרן פאַרלאַנגען — ווי עס דריקט

אוים די זעלביקע דערשיינונג, הגם אין אן אנדער שייכות, דער דיכטער קלמן ליס אין א ליד פון געטאָ־פעריאָד:

„און נישט פרעג מיך, און נישט פרעג מיך,
ווי עס שטאַרבן אָפּ פאַרלאַנגען,
און די נעכט ווי שוואַרצע קראָען
שפּרייטן איבער מיר די פליגלען,
און מיט ליפּן בלייכע, בלאָע
ווינקט דער טויט פון מאַטע שפּיגלען".
(„א בריוו מיט א ענטפער").

פּרץ אָפּאָטשינסקי ברענגט נישט ארויס אין זיינע אויפשוידערנדיקע רעפּאָרטאַזשן דעם געזעלשאַפטלעכן דינאַמישן כוח, וואָס האָט זיך באמיט אריינצובלאָזן אַן אָטעם פון לעבן, פּראָטעסט און געראַנגל אין די קרבנות פון הונגער, אין די טרויקעניע בייגער פון די ווילנאָזע געטאָ־אסורים, און דאָס איז אַן ערנסטער בלויז אין אָפּאָטשינסקיס בילדער פון געטאָ. אָפּאָטשינסקי האָט אָבער דערזען א געוויסע פּאָזיטיווע און זייער כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג. אין דעם רעפּאָרטאַזש „דער יידישער בריוו־טרעגער" האָט ער טרעפלעך אויפגעכאַפּט דעם סטיכישן האס פון דער געטאָ־מאַסע צום יודענראַט, צו דער פּאָליציי, צו די קאָרומפּירטע כלל־טוער. ער האָט דערזען און בולט ארויסגעבראַכט די געפילן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון די צעוויייטיקטע הערצער צום הומאַניסטישן האַנדפאַרבאַנד, די גרויסע בענקשאַפט פון פּשוטן ייד אין געטאָ צום לאַנד פון אָקטאָבער.

שוין אינעם „הויז נומער 21" שרייבט אָפּאָטשינסקי וועגן דעם, אַז די הויף־איינוווינער „חלומען גאַנצע טעג אויף דער וואָר וועגן אוועקגיין קיין ראָסיי, זיך ארייןקריגן אין די גרויסע שטעט, קיין מאָסקווע, לענינגראַד, כאַרקאָוו, ווו מען קאָן קריגן גרויסע, ווייסע לחמאס ברויט, פולע שיסלען מיט רייז, פיש און פלייש".

די שכנטע רבקהלע באַקומט א בריוו פון איר זון, וועלכער געפינט זיך אין אַ שטעטל ביי ביאַליסטאָק און שרייבט צו דער מאַמען אַזוי: „יאַך האָב צו עסן, און קאָן גיין ווו כ'וויל".

— „אָ, איר פאַרשטייט — זאָגט דער זשעלעכאָווער (א שכן פון הויף — ב. מ.) און שטעלט אוים זיין פינגער אין דער לופט, ווי ער וואָלט געעפנט א פאַרמאַכטן שלאָס; די שפּיץ צונג שטעקט ער ארוים, ציט איין דעם קורצן, טעמפּן שטערן און שטאַמלט צו: — יאָ, ער האָט צו עססן און קאָן גיין ווו ער וויל. דאַרף מען נאָך בעסער?"

אנדערע שכנים טרייסטן זיך: „דער רוס וועט דאָ סיי ווי קומען".

אין דעם „יידישן בריוו־טרעגער“ וואַקסט אויס די בענקשאַפט צום ראַטנ־פאַרבאַנד צו א געפיל, וואָס באַהערשט אַלעמען, זי ווערט ממש א נישט־פאַר־גייענדיקע וויזיע. די שפּייז־פּעקלעך, וואָס קומען אָן מאָסקווייז ביזן 22־טן יוני 1941, פון די סאָוויעטישע געביטן אין וואַרשעווער געטאָ אַריין, די גרוסן און בריוו פון יענער זייט, ווערן א סימבאָל פון דעם איינציקן גואל, וועלכער וועט ברענגען באַפרייונג. אין דער הינזיכט שטעלט מיט זיך פאָר אָפּאָטשינסקיס רעפּאָרטאַזש א וויכטיקן ליטעראַרישן און היסטאָרישן דאָקומענט, וועלכן עס וועט אַצינד נישט זיין בכוח אָפּצומעקן קיין שום גיפט־מישער פון יענער זייט אַטלאַנטיק.

אין דער סאַמע שווערסטער און ביטערסטער צייט פון אונדזער געשיכטע איז דער ראַטנפאַרבאַנד געווען דער איינציקער קוואַל פון האָפענונג פאַר אַלע גערודפטע, פאַרשקלאַפטע און באַדראָטע פעלקער און אויך פאַר די אסורים פון געטאָ.

צו די רירנדיקסטע שאַפונגען פון פּרץ אָפּאָטשינסקי פון דעם געטאָ־פּעריאָד געהערן די שילדערונגען:

6. „קינדער אויפן ברוק“. דער דאָזיקער כתב־יד (אָפּאָטשינסקיס אַנדערע זאַכן זענען פאַרבליבן טיילווייז אין מאַשין־שריפט) איז, ליידער, שטאַרק צעשעדיקט, אָבער דאָס, וואָס איז געבליבן גאַנץ, איז גענוג אויף פעסטצושטעלן, אַז מיר האָבן פאַר זיך א מחבר מיט א טיף־פילנדיקן האַרץ. „קינדער אויפן ברוק“ דרינגען אַריין אין סאַמע עצם פון דער קינדער־טראַגעדיע אין געטאָ.

און אָט זענען די ווייטערדיקע אַרבעטן און פאַרצייכענונגען פון פּרץ אָפּאָטשינסקי, וואָס האָבן אויסגעדויערט די פאַרניכטונג:

7. „א מאָרד אויף וואָלינסקע“ — א מאָרד אין א משפחה אויפן באָדן פון גויט און הונגער. געשריבן אין 1941.

8. „דער שמוגל אין וואַרשעווער געטאָ“ — וועגן די אויסטערלישע איינפאַלן פון די שמוגלער, בפרט אין דעם קאָזע־געסל ביי די ראַנדן פון געטאָ און אַלט־שטאָט. געשריבן אין אָקטאָבער 1941.

9. „גויים אין געטאָ“ — וועגן די האַנדלס־באַציונגען מיט דער „אַרישער“ זייט, בפרט וועגן האַנדל מיט מלבושים, וועגן דעם מאַסן־ אויספאַרקויף פון האָב־און־גוטס. געשריבן אין יאָר 1941.

10. „וואַרשעווער געטאָ־כראָניק“ — א כתב־יד אין צוויי העפטן, וואָס נעמט אַרום די צייט פון 1־טן מאַי 1942 ביזן אָנהייב 1943.

11. „די שאָפּן אין וואַרשעווער געטאָ“ — א כתב־יד אין צוויי העפטן. די באַשרייבונג איז נוגע די יאָרן 1941—1942. די זאַך איז נישט פאַרענדיקט.

און צוויי שאַפונגען אין העברעיש:

12. „דין תורה“ — אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים „פּרץ חסידא“ (אין

מאשין־שריפט) — א חסידישע מעשה, געווידמעט דעם מיטאַרבעטער פון אונ־טערערדישן געטאָ־אַרכיוו, מנחם קאָן, וועלכער האָט א סך געהאָלפן דעם הונגער־ליידנדיקן און קראַנקן שרייבער. די זאַך איז אָן א דאַטע.

13. „בליל אפל" (אין א פינצטערער נאכט) אויך אונטערגעשריבן: „פּרץ חסידא", מיט א צושריפט: „ממראות הגיטו" (פון די געטאָ־בילדער). אָנגע־שריבן אין טבת תש"ב, ד. ה. — אין ווינטער 1942.

די אַלע אָקאָרשט־אויסגערעכנטע שאַפונגען (אחוץ דער חסידישער מעשה „דין תורה") זענען זשורנאַליסטישע און כראָניקאַלע פאַרצייכענונגען, וואָס געהערן נישט צו דער קאַטעגאָריע ליטעראַרישע און קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן, ווי „מגילת פּאַרוועקע" א. א., אָבער זיי פאַרמאָגן א סך וויכטיקן אויטענטישן מאַ־טעריאַל און עס לאָזט זיך אין זיי פילן אָפּאָטשינסקיס געניט אָבסערווירן־אויג, זיין אַנטי־יודענראַטישע שטעלונג און טיפער געפיל פאַר די צוויי־פאַכיק אונטער־דריקטע און פאַרמוטשעטע געטאָ־איינוווינער.

ווען מיר באַטראַכטן דאָס פּראָבלעם, וואָס פאַר א תיקון עס האָבן אין דער ליטעראַטור פון געטאָ באַקומען אזעלכע מאָטיוון, ווי הונגער, באַציונג צווישן מענטש און מענטש, פעסימיזם און אָפּטימיזם אין זין פון פּערספּעקטיוו — קומט אויס זיך אָפּצושטעלן אביסל אויספירלעכער אויף די שאַפונגען פון די דיכטער: הערשעלע, יחיאל לערער, קלמן ליס און שמואל מאַרוויל. קיין ווערק פון אנדערע דיכטער פון וואַרשעווער געטאָ, פון דעם פּעריאָד ביזן 22־טן יולי 1942, זענען צו אונדז, ווי געזאָגט, נישט דערגאַנגען. אויך די אונדז באַקאַנטע שאַפונגען פון די אָקאָרשט־אויסגערעכנטע פּאָעטן זענען זייער ווייניק אין צאָל.

מיר האָבן אָפּגעפונען בסך הכל צוויי קורצע לידער פון הערשעלע (דאַניע־לעוויטש) אין אן אונטערערדישער צייטשריפט פון וואַרשעווער געטאָ.[4] עס איז אונדז געלונגען פעסטצושטעלן נישט מער ווי איין פּאָעמע פון יחיאל לערער — אין דער זעלבער אונטערערדישער צייטשריפט. פון קלמן ליסן זענען אינגאַנצן געבליבן אין אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ דריי לידער, און פון שמואל מאַרוויל — צוויי. אין די דאָזיקע קאַרגע מאַטעריאַלן שפּיגלט זיך אָפּ דער געמיט פון די דיכטער און זייער צוגאַנג צו די דערמאָנטע פּראָבלעמען. די אָפּגעפונענע און פעסטגעשטעלטע פּאָעטישע שאַפונגען זענען נוגע, ווי געזאָגט, דעם ערשטן פּעריאָד פון געטאָ — ביזן 22־טן יולי 1942. די צוויי לידער פון יוסף קירמאַן, וואָס זענען פאַראַן אין צווייטן טייל פון רינגעלבלום־אַרכיוו, זענען אָנ־געשריבן געוואָרן אין סאַמע פלאַקער פון דער ליקווידאַציע — און דעריבער וועלן מיר וועגן זיי רעדן באַזונדער, ווייל זיי זענען נוגע א לגמרי אַנדערע סי־טואַציע.

[4] „דרור", נ' 7—8 (13) פון 1941.

הערשעלעס צוויי קורצע לידער „ווייב און קינדער נעבעך הונגערן" און „ווער קאָן וויסן וואָס מיר פעלט" זענען א צושטייער צו דער הונגער־ליטעראַטור פון געטאָ. דער גורל פון דעם דיכטער, וועלכער גייט ארום:

„אָדם־נאַקעט און א באָרוועסער,
אָפּגעפליקט און אָפּגעריסן" —

און איז „פונעם בייזן יאָך דערשלאָגן" — איז דער גורל פון דער גאַנצער געטאָ־אָרעמקייט, וועלכע עס באשרייבט אזוי פּלאַסטיש אין „מגילת פארוואקע" פּרץ אָפּאָטשינסקי. הערשעלעס לידער זענען טיף־פּעסימיסטישע. אמת, ער ווייסט, אז „עמעץ ווייסט פון ליכט און פרייַדיקייט", אָבער ער, דער דיכטער, אליין און זיינע נאָענטסטע, פאר זיי „בלייבט די פוסטע ליידיקייט... דער קבר אָפן".
צום שטאַרקסטן טוט ווי דעם דיכטער, וואָס מען אינטערעסירט זיך נישט מיט זיין גורל, וואָס מען וויל נישט וויסן, אז ער „גוססט שוין נאָך שריט".

דער דיכטער פילט אפשר מער די הונגער־פּיין פון זיינע נאָענטסטע, איידער די אייגענע: „ווייב און קינדער נעבעך הונגערן". די צוגעבונדנקייט, די ליבשאַפט צו דער משפחה איז, טראָץ אלע אייגענע יסורים, נישט געוואָרן אָטראָפירט. אָט האָבן מיר נאָך איין ביישפּיל פאר דעם אויפפאסן די באַציונג צווישן איין הונגער־קרבן און א צווייטן — אין שפּיגל פון דער דיכטונג אין געטאָ. אויף א פיל טיפערן אופן האָט אויסגעזונגען דעם דאָזיקן מאָטיוו דער דיכטער יחיאל לערער.

אין זיין טאָגבוך „פנקס וויטל" ווידמעט יצחק קאַצענעלסאָן וואַרעמע ווערטער דעם דיכטער יחיאל לערער, דעם שעפער פון דער פארמלחמהדיקער פּאָעמע „מיין היים". אויך אַנדערע עדי ראיה דערציילן וועגן לערערס ביטערער מערכה אין געטאָ. טראָץ אלעמען האָט ער געשריבן. געשריבן האָט ער נישט אונטערן אייגענעם נאָמען. עס איז דעריבער שווער געווען לכתחילה פעסטצושטעלן, צי די פּאָעמע „אויסגעבענקטער פרילינג" געהערט טאַקע צו לערערן. אונטערגעשריבן איז זי מיט איניציאַלן: „מ. ח." עס קאָן זיין, אז לערער האָט זיך צוגעקליבן אזעלכע קאָנספּיראַטיווע ראשי תיבות, וואָס באטייטן אין העברעיש: „מורה חיל", דאָס הייסט: לערער יחיאל. א גענויער סטיליסטישער און שפּראַכלעכער אַנאַליז און אויך די סימנים, וואָס עס גיט אָן צביה לובעטקין, זאָגן עדות, אז דער מחבר פון דער פּאָעמע „אויסגעבענקטער פרילינג" איז יחיאל לערער.

די פּאָעמע צייכנט זיך אויס מיט דער באַקאַנטער ווייכקייט, באַהאַרצטקייט און חן פון לערערס שפּראַך, מיט זיין כאַראַקטעריסטישער ברייטער שורה, מיט זיין געניטער קענטעניש פון דער אינעווייניקסטער שטוב פון א יידישער פּאָלקס־משפחה, מיט זיין געפיל פאר טאַטע־מאַמע, מיט דער דראַמאַטישער אָנגעלאָדנקייט פון זיין געמיט, אין וועלכן עס איז אָבער אויך פאַראַן א געוויסע ראָמאַנטיק און אן עלעגישער אונטערטאָן.

די פּאָעמע געהערט צו די רירנדיקסטע „משפּחה" און היים-בענקשאַפט-מאָ-טיוון אין דער דיכטונג פון געטאָ. די דערשיינונג פון אוועקגיין פון דער אָרעמער היים איז תמיד געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן לעבן פון די יידישע מאַסן אין קאַפּיטאַליסטישן פּוילן. אין די גרויזאַמע אָקופּאַציע-צייטן האָט די דאָזיקע דער-שיינונג אָנגענומען אַ ספּעציפישן כאַראַקטער. נישט מען איז אוועק, נאָר מען איז צעריסן, אָפּגעריסן געוואָרן. נישט מען האָט פאַרלאָזט אַ היים, נאָר מען איז אונטערגעפאַלן דעם אכזריותדיקן פאַשיסטישן גזר פון גירוש. מיט אַ געוואַלדיק שטאַרקן געפיל זינגט אויס יחיאל לערער זיין צער, וואָס ער אליין און אנדערע קינדער זענען אוועקגעריסן געוואָרן פון דער אַלטער, אָרעמער מאַמען. דאָס איז נישט קיין איבדיווידועלער געפיל, נאָר איין קלאַנג אין דער גרויסער ווי-סימפאָ-ניע, וואָס עס זינגט אַ צעבראָכן און פאַרפּייניקט פאָלק. די אוועקגעריסענע קינ-דער זענען אפילו נישט געווען ביים לעצטן טראַגישן וועג פון זייער טאַטע-מאַמע:

„און גראָד דווקא לעצטנס האָט זיך פאַרשפּרייט אַזאַ וויסטער העסלע-
בער קלאַנג:
מיין אַלטע טאַטע-מאַמע האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון זייער ירושה-
נעסט דאָ נישט לאַנג
און זיי וואַלגערן זיך צווישן פרעמדע מענטשן, אויף פרעמדער גאַס...
צי קוקט זי נאָך אַלץ אויס, מיין מאַמע, גאָט זאָל אַרויסציען די זון
פון איר פוטער-פאַס
און באַלייכטן די גאַנצע וועלט מיט זיין העלסטן און הייליקסטן ליכט?
און פאַרטרייבן די שאָטנס, וואָס זענען אַזוי גרויס, אַזוי שוואַרץ, אַזוי
געדיכט
אין אונדזערע יידישע היימען? אָדער האָפט זי שוין גאָרנישט, גאָר-
נישט מער?
מיינע ליבע פריינט, מיין האַרץ איז מיר אַזוי איבערגעלאָדן, אַזוי
שווער,
ווען איך טראַכט פון מיין מאַמען, און איך וויל אייך פרעגן: אפשר
ווייסט איר,
אפשר האָט איר עפּעס געהערט וועגן איר און אויב יאָ, זאָגט מיר
באַלד און ברענגט אַ טרייסט מיר".

איבער טייכן, איבער שטעט פליט אַ גאָלדן טייבעלע און ברענגט אַ גרוס פון דער מאַמען. אין דרויסן הערשט פרילינג — און די ווירקלעכקייט איז אַזוי גרויזאַם. דער דיכטער מיטן צעווייטיקטן געמיט פילט אָבער אַרויס דעם טרויס פון דער פאַרטריבענער מאַמע, דעם טרויס און עקשנותדיקן גלויבן פון טויזנטער און טויזנטער פאַרפּייניקטע יידישע מאַמעס:

„מיין אלטע, גרויע מאמע זוכט און קוקט אויס א פרילינג אזא יונגן,
וואָס זאָל זיין אזוי ראָז, אזוי בלוי און אזוי צעזונגען,
און אזוי שטארק — ווי א טייך אין זיין פארפלייצונג: אלע שליוזן
זאָל ער ברעכן און אריינדרינגען
זאָל ער אומעטום, אומעטום: אין אלע לענדער, איבער אלע ימען,
אלע ווייטע זאָל ער דערגרייכן און אלע קינדער די צעזייטע — צו־
ריקברענגען זייער מאמען".

קיין שום היטלעריסטישע גזירה, קיין שום טויט־אָנגריף פון מגיפות און הונגער, קיין שום יודענראטישע בגידה איז נישט געווען אימשטאנד אוועקצוהר־גענען דעם טרוים פון פארטריבענע יידישע מאמעס, פון דערדריקטע יידישע פאָלקס־מענטשן, דעם טרוים וועגן באפרייונג און ווידעראויפבוי. יחיאל לערער האָט די דאָזיקע גארונג געבראכט צום אויסדרוק דורך זיינע ספּעציפישע ווייכע לירישע מיטלען. די ועלביקע געפילן ליגן אינעם יסוד פון די לידער פון קלמן ליס. זיי באקומען אָבער ביי ליסן אן אנדער אויסקלאנג, א שטארקערן, א מער ציִלבאוווסטן תיקון.

די דריי לידער פון קלמן ליס — „וואָס שווייגסטו וועלט", „בארג־מאָטיוו" און „א בריוו מיט אן ענטפער", וואָס זענען געפונען געוואָרן אין אונטערערדישן ארכיוו פון ווארשעווער געטאָ, — זענען נישט פארזען מיט קיין דאטעס. אזוי ארום איז נישט באוווסט, ווען זיי זענען אנטשטאנען, אָבער איין זאך איז קלאָר: זיי שטאמען פונעם פעריאָד פון פארן 22־טן יולי 1942, און ווארשיינלעך פון דער צייט פון פארן 22־טן יוני 1941, ווען עס איז נאָך קיין אָרגאניזירטע ווי־דערשטאנד־באוועגונג נישט אין לאנד־מאסשטאב, נישט אין געטאָ נישט געווען, און דער דופק פון ווידערשטאנד־לעבצונג האָט געקלאפּט אין די ערשטע פּיאָ־נערישע אונטערערדישע קרייזן. די לידער פון קלמן ליס, הגם דער שטעמפּל פון דער טראגישער צייט לאָזט זיך אין זיי בולט באמערקן, זענען אָבער נישט דער־דריקט פון מארטיראָלאָגישקייט, פון דער ליידן־ אידעע, ווי דאָס געשעט, למשל, נישט זעלטן ביי קאצענעלסאָנען און ביי יצחק בערגשטיין. אין אלע דריי לידער פון קלמן ליס איז גובר דאָס אָפּטימיסטישע אין זין פון היסטאָרישער פּערס־פּעקטיוו. די יידישע באפעלקערונג איז פארשפּארט געוואָרן אין א געטאָ דורך די הונען פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט, וועלכע האָבן פאראכטן די הומאניסטישע טראדיציעס פון געטע און בעטהאָווען. דער דיכטער פאלט אין א מאָמענט פון געדריקטער שטימונג אריין אין צווייפלונג, ער נעמט זיך קווענקלען „אין דער וועלט". אָבער טראָץ אלע יסורים קאָן קיין שום קלאפּ פון פאשיסטישן בייטש נישט דערשטיקן אין אים דעם גלויבן:

„נאָר איינס וואָס איך פארמאָג און איך גלויב,
דאָס איז מיין גלויבן אין דעם מאָרגן־רויט".

נאָר „וואָס איז גלויבן קעגן וואָר, וואָס פאַלט מיט האָגל־קלעפּ איצט אויף מיין לייב?״ — פרעגט ליס. דער אינערלעכער גערא‏נגל, וואָס שפּילט זיך אָפּ ביים דיכטער צווישן דער קאָנקרעטער, קעגנוואַרטיקער וואָר און דעם גלויבן, דער פּערספּעקטיוו, איז א שווערער. אינעם ליד „וואָס שווייגסטו וועלט״ איז נאָך די דאָזיקע פייניקנדיקע פראַגע נישט געלייזט. אָבער דער דיכטער האָט די דאָזיקע פראַגע אוועקגעשטעלט — אָפנהאַרציק און שאַרף. ער אַנטלויפט נישט פאַרן פּראָבלעם. ער פאַרלירט נישט דעם גלויבן. ער דערקלערט נאָר, אז עס איז שווער, זייער שווער אויסצוהאַלטן דעם נסיון אין די באַדינגונגען פון דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט. ליס בלייבט אָבער נישט שטיין אויף דער מדרגה פון אינערלעכן געראַנגל. אין צווייטן ליד „באַרג־מאָטיוו״ ווערט דער דאָזיקער אינערלעכער קאַמף אויסגעשפּילט ביזן סוף לטובת דעם היסטאָריש־אָפּטימיסטישן וועלט־באַנעם. עס זיגט דער גלויבן אין מאָרגן־רויט.

דאָס ליד „באַרג־מאָטיוו״ פאַרמאָגט א סימבאָלישן אינהאַלט. דער באַרג — די מענטשלעכע קולטור, די פרייע וועלט — איז אָקופּירט און צוגערויבט געוואָרן דורך די, וואָס שטאָלצירן מיט זייער „ארישן״ אָפּשטאַם, דורך די ווילדע ראַסיסטן; דער באַרג איז געוואָרן פאַרן ייד קלמן, פאַרן יידישן פאָעט און פאָלקס־מענטש, פאַרווערט, פאַרמאַכט.

אָבער —

„נאָר וויס, ס'איז דער באַרג נישט אזא שוין, מיין פריינט,
דער באַרג קוקט פון אויבן אַראָפּ אויף דעם היינט
און זעט, וואָס עס טוט זיך אין בלוטיקן טאָל
און קלערט זיך זיין קלערונג, אז קומען וואָמאָל
וועט פאַרט אזא צייט און דער מענטש וועט פאַרשטיין,
אז אייגנס אויף דער וועלט איז נאָך רייגער פון ריין,
נישט דאָס איז די ראַסע, נישט דאָס איז דער שטאַם,
נאָר באַפליגלטער שווונג, נאָר דער צוגטערער פלאַם,
וואָס ברענט אינעם בלוט מיט איין גרויסן פאַרלאַנג
צו גיין און צו קומען מיט באַרגיקן גאַנג
אהין, ווו דער רוים גיסט צונויף זיך מיט צייט —
אין דער בלויער, אומענדלעכער אייביקייט״.

אָט אזוי רעדט קלמן ליס אין אן אלעגאָרישער שפּראַך וועגן דער קינפטיקער צייט פון ראַסיזם־פאַרשווינדונג, פון פעלקער־פריינדשאַפט און סאָציאַליזם. די פאַרשטעלטע שפּראַך איז פאַרשטענדלעך, אויב מיר וועלן נעמען אין אכט די שיין דערמאָנטע געפערלעכע באַדינגונגען פון דעם אָקופּאַציע־רעזשים. די כוונה פונעם דיכטער איז אָבער קלאָר. דער היסטאָריש־אָפּטימיסטישער וועלט־

באַנעם איז גובר געווען די צווייפלונגען, וואָס קומען צום אויסדרוק אין פריער־דיקן ליד פון זעלביקן דיכטער.

אויב אין „וואָס שוויגסטו וועלט" האָט אין א באַשטימטער מאָס דאָמינירט צווייפלונג און אינערלעכער געראַנגל, אויב אין „בארג־מאָטיוו" זיגט דער גלויבן אין א צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער וועלט, דריקט אויס דאָס דריטע ליד פון קלמן ליס די שטרעבונג צו אַקטיוון קאַמף. דער נאָמען פון דריטן ליד איז „א בריוו מיט אַן עגמטפער"; אין אונטערטיטל באַמערקט דער מחבר: „פאָלקסטימלעכער מאָטיוו". עס איז קלאָר, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א פארקאָנספּירירטער פּאָעטישער פאָרם. דאָס איז כלומרשט א בריוו־אויסטויש צווישן א קליינשטעטלדיק מיידל מיט איר געליבטן בחור, וואָס איז אוועק. דער בריוו פון מיידל איז געשריבן טאַקע אין אן אינערלעך־מעלאָדישן פאָלקסטימ־לעכן טאָן. אָבער וואָס דריקן אויס אַזעלכע ווערטער, ווי:

„און אַצינדערט ציען טעג זיך,
ווי די צישענדיקע שלאַנגען,
און נישט פרעגט מיך, און נישט פרעג מיך,
ווי עס שטאַרבן אָפּ פאַרלאַנגען,
און די נעכט ווי שוואַרצע קראָען
שפּרייטן איבער מיר די פליגלען,
און מיט ליפּן בלייכע, בלאָע,
ווינקט דער טויט פון מאַטע שפּיגלען" —

וואָס־זשע דריקן זיי אויס, אויב נישט די לאַגע און די שטימונג אין געטאָ? שוין־זשע איז דאָס נישט, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט פריער, א פּאָעטישע אילוסטראַציע צו, לאָמיר זאָגן, אָפּאָטשינסקיס שילדערונג אין זיין „יידישן בריוו־טרעגער"?

דער עיקר, וואָס אונדז אינטערעסירט אין דעם געגעבענעם פאַל, ביים באַטראַכטן די אַנטוויקלונג פון דעם דיכטערס שטימונג, איז דער צווייטער טייל פון ליד, דער עגמטפער. דאָ דערשיינט פאַר אונדז קלמן ליס דער רעוואָלו־ציאָנערער דיכטער, וואָס האָט נישט פאַרלוירן זיין גלויבן און שטרעבט ווייטער צום געראַנגל. דער געליבטער איז אוועק פון זיין מיידל, כדי אָנטיילצונעמען אין קאַמף:

„נאָר געטרייסט זיי, צאַרטע כלה,
אין דיין וויטאָג, אין דיין טריבן,
דיין באַשערטער איז געפאַלן
פאַר א גרויסער, טיפער ליבע.
פאַר דעם גליק, וואָס ליגט פאַרבאָרגן
אין דעם טונקעלן הייננט פאַרגרויטן;

פאר א בלוי צעשטראלטן מאָרגן
מיט א זון־אויפגאנג א רויטן".

העכער פון פערזענלעכער ליבע שטייט די ליבע צום פאָלק; וויכטיקער פון דער גאָרונג צום געליבטן מיידל איז די טרייקייט צו דער רעוואָלוציאָנערער אידעע, צום קאמפס־אידעאל. עס גייט א קאמף נישט פאר סתם פערזענלעכן גליק, נאָר פארן גליק פון כלל, א קאמף פאר „א זון־אויפגאנג א רויטן". אָט וואָס עס דרינגט ארויס פון דעם ליד „א בריוו מיט אן ענטפער". אָט וואָס פאר א געזונטע שטימונגען עס האָבן גענורטעוועט אין דעם דיכטער טראָץ אלע וואקלונגען און ביטערע טענות סתם „צו דער וועלט".

די דריי לידער פון קלמן ליס — הגם מיר ווייסן נישט גענוי די דאטעס, ווען איטלעכע פון זיי איז געשאפן געוואָרן, — בילדן אָבער איין גאנצקייט. איין ליד, ארויסגעריסן פון דער דריי־גאנצקייט, וועט בשום אופן נישט אויפקלערן דעם פולן געמיט און די אנטוויקלונג פונעם געדאנקען־גאנג ביים דיכטער. פון צווייפ־לונג, פון איינערלעכן געראנגל, דורך גלויבן — צום באזינגען די אקטיווע קעמ־פער, וואָס פירן א שלאכט און פאלן פאר א פרייער, רויטער צוקונפט — אָט איז דער בארג־ארויף פון דעם דיכטערס געפילן־אויפשטייג, וואָס איז אן אויס־דרוק פון די געפילן פון טויזנטער שטאָלצע, מוטיקע מענטשן אין געטאָ, וועלכע האָבן הויך געהאלטן — אין אלע אומשטענדן — די פאָן פון באפרייונג.

נישט ביי אלע דיכטער פון ווארשעווער געטאָ האָט געקלונגען דער דאָזיקער מעטאלענער טאָן פון קאמף. אָבער אין א סך מאָטיוון פון די דיכטער הילכט אָפּ די אַנטוישונג אין דעם פארשאָלטענעם קאפּיטאליזם און עס דערהערן זיך אנטיאימפעריאליסטישע אקצענטן, וועלכע שווימען ארויס אויף דער כוואַליע פון האס צו דער אגרעסיווער מלחמה און צו אירע טרויעריקע באגלייט־דער־שיינונגען. אין דער הינזיכט שטעלט מיט זיך פאָר א געוויסן אינטערעס דער וועג, וועלכן עס האָט אדורכגעמאכט דער יונגער דיכטער פון ווארשעווער געטאָ שמואל מארוויל. דער דאָזיקער מחבר, וואָס האָט פאר דער מלחמה געשריבן גאנץ שוואכע לידער, איז אין געטאָ, אין אָנגעזיכט פון דער ווירקלעכקייט, אויסגעוואקסן הן קינסטלעריש, הן אידעיש. דאָס איז צו זען פון זיין פּאָעמע „די גאס", וועלכע איז געפונען געוואָרן אינעם צווייטן טייל פון רינגעלבלום־ארכיוו. שמואל מארוויל האָט געשטאמט פון די רעליגיעזע ספערן, ער איז גאנץ ווייט געווען פון רעאליזם. די מלחמה און די געטאָ־גרוילן, וועלכע האָבן ארויס־גערופן אן איבערקערעניש אין וועלט־באנעם פון נישט איין בירגערלעכן שרייבער, האָבן אויך געווירקט אויפן יונגן מארוויל. די נייע שאפונגען האָבן אָנגעלאָדן זיין שוואכן פּאָעטישן טאלאנט מיט א נייער קראפט, וועלכע דער דיכטער האָט ביז איצט נישט באזיצט. ווי עס דרינגט ארויס פון מארווילס א בריוו (אין זעלביקן טייל פון ארכיוו), האָט ער זייער א סך געשריבן. שפּורן פון דעם זענען

פאראַז, אָבער זיי זאָגן עדות, אַז נישט אַלץ, וואָס מאַרוויל האָט אָנגעשריבן אין געטאָ, איז ווערטפול. למשל זיין ליד „צו די הערן" פאַרמאָגט טאַקע געוויסע אַנטיאימפּעריאַליסטישע טענער, אַן ארויסרוף קעגן די הערן פון לאָנדאָן און וואַשינגטאָן, אָבער דאָס ליד גופא איז שוואַך און דעקלאַראַטיוו. אַקעגן־זשע „די גאַס" גיט אַן אויפרודערנדיק בילד פון געטאָ, אַ בילד אַ קאָנקרעטס, דורכגענומען מיט דער איבערלעבונג פון מחבר, און מאַכט אַן איינדרוק. דער דיכטער וויקלט פאַנאַנדער בילד נאָך בילד דאָס, וואָס ער זעט אין גאַס: די אָקאָרשט געשטאָרבענע מאַמעס, וואָס זענען געפאַלן פון הונגער; די יתומים, וואָס פאַלן ווי די פליגן; די טראַגעדיע פון פאַרלאָשענע זקנים; פון מענטשלעכע מיילער רייסן זיך ארויס קללות, אָבער די ביטערע ווערטער בלייבן פאַרפרוירן אין דער אַרומיקער קעלט; די קרבנות פון הונגער ראַיען אינעם אָפּפאַל; אָט אַזוי גייט די בילדער־קייט פון הונגער, וואָס שניידט זיין אומהיימלעכן שניט אָן אויפהער. מיט יעדן פאַל פון הונגער־טויט וואַקסן די מאָראַלישע יסורים פון דעם דיכטער, וועלכער האָט אַליין — ווי מיר דערוויסן זיך פון זיינעם אַ בריוו (געפינט זיך אין צווייטן טייל פון רינגעלבלום־אַרכיוו) — געליטן גויט, הונגער און פון אַ שווערער קראַנקהייט:

„אַזוי גייען אויף די בילדער, די בילדער פאַר די אויגן,
גרויליק און ברודיק, אין הפקר און וויי,
און מיר דרייען זיך מיט, מיט די גרוילן
און ווערן צעריבן, צעשטויסן פון זיי".

די לעצטע זייטלעך פון דער הונגער־פּאָעמע זענען שטאַרק צעשטריקט, אַזוי אַז עס איז שווער צו רעדן וועגן די אויספירן, צו וועלכע דער דיכטער קומט.

אָבער דער אַנטיאימפּעריאַליסטישער אַקצענט אין דעם ליד „צו די הערן" איז, ווי געזאָגט, כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם וועג, אויף וועלכן אפילו אַזאַ שמואל מאַרוויל איז ארויף — אין אָנגעזיכט פון דער גרויליקער געטאָ־ווירקלעכקייט, וועלכע דער דיכטער פאַסט אויף ווי אַ פועל יוצא פון דער אַגרעסיווער, אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וואָס דער היטלער־פאַשיזם און זיינע „באַגייסטערער" פון וואַשינגטאָן און לאָנדאָן האָבן אָנגעוואָרפן דער מענטשהייט.

צו דעם זעלביקן פּעריאָד, בעת וועלכן עס זענען אָנגעשריבן געוואָרן די פריער־אַרומגערעדטע פּאָעטישע ווערק פון יחיאל לערער, קלמן ליס, הערשעלע, שמואל מאַרוויל, געהערן אויך די אַרבעטן פון אַ ריי יונגע פּראָזאיקער, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט אַלס שרייבער ערשט אין געטאָ. די דאָזיקע יונגע מחברים זענען אונדז ס׳רוב אומבאַקאַנט. באַוווּסט איז בלויז איין נאָמען — ישראל וויניק, דער מחבר פון דער דערציילונג „לייב דעמבקאָווסקיס אוועקגיין", וואָס איז געפונען געוואָרן אין ערשטן טייל פון רינגעלבלום־אַרכיוו. אין דער דאָזיקער

דערציילונג באַקומט דאָס פּראָבלעם באַציונג צווישן מענטש און מענטש א באַ-
זונדערס הארציקן אויסקלאנג. דער מאָטיוו פון פאַרלאָזן די היים, די אַלטע
מאַמע, וואָס איז געוואָרן אַזוי ליריש אויסגעזונגען דורך יחיאל לערער, ווערט
אוועקגעשטעלט אין זייער א טראַגישן אַספּעקט אין וויניקס דערציילונג. די טראַ-
גיק פון דער משפּחה-צעריסנקייט ווערט דורך וויניקן אוועקגעשטעלט נישט אוי-
סער צייט און רוים, ווי אַן „אייביקער" מאָטיוו, נאָר אין באַשטימטע באַדינגונ-
גען. וויניק סוגערירט דייטלעך, ווער עס איז דער שולדיקער; דאָס איז דער
אַגרעסיווער אימפּעריאַליזם, וואָס האָט נישט בלויז אויפגעריסן און געלאָזט מיטן
פייער גאַסן, ראַיאָנען און שטעט, נאָר צעבראָכן היימען און משפּחות. פּונקט
ווי לערערס מאַמע, אַזוי קוקט אויך וויניקס מאַמע אויס די אויגן: אויף וועלכע
וועגן וואָגלט איצט איר זון לייב? אָבער בעת ביי לערערן רייסט זיך דאָך אַדורך
א שטראַל פון האָפענונג, א פונק פון טרויסט און גלויבן, קלינגט דער שלום-
אַקאָרד פון וויניקס דערציילונג שטאַרק פּעסימיסטיש.

נישט געקוקט אויף דעם פאַרמאָגט די דערציילונג „לייב דעמבקאָווסקיס
אוועקגיין" א באַשטימטן רעאַליסטישן עלעמענט: דאָס איז א שטיק לעבן פון
געטאָ, דער גורל פון די היימלאָזע האָרעפּאַשניקעס און אַרבעטער, וועלכע ראַנג-
לען זיך מיט אַלע כוחות פאַר איינהאַלטן דעם עצם-עקזיסטענץ.

מיר פאַרמאָגן נאָך א ריי אינטערעסאַנטע פּראָזע-אַרבעטן פון געטאָ, צע-
וואָרפענע איבער דער אונטערערדישער פּרעסע, און אויך אַזעלכע, וואָס זענען
געבליבן ווי זעלבשטענדיקע באַשרייבונגען אינעם רינגעלבלום-אַרכיוו. דאָס זענען
הן קליינע דערציילונגען, הן פאַרצייכענונגען, הן עסייאיסטישע בילדער פון דער
געטאָ-ווירקלעכקייט. עס פילט זיך אין די דאָזיקע שאַפונגען, אַז זייערע מחברים
זענען יונגע שרייבער, אָדער אָנפאַנגער. די אַרבעטן גיבן בילדער פון געטאָ-
לעבן, אָפטמאָל ברויזט אין זיי א פּראָטעסט קעגן דער גרויזאַמער ווירקלעכקייט,
אָפטמאָל שלאָגט אין זיי א לירישער אָטעם. ווי געזאָגט, זענען דאָס אַנאָנימע
מחברים. בלויז וועגן איינעם איז פאַראַן א מיינונג, אַז דאָס איז דער לערער
און מיטאַרבעטער פון אונטערערדישן געטאָ-אַרכיוו ישראל ליכטענשטיין. אויף
איינצעלנע פון די דאָזיקע שאַפונגען פיגורירן פּסעוודאָנימס, ס'רוב זענען דאָס
אָבער אַנאָנימע ווערק. אחוץ די פּראָזע-אַרבעטן זענען פאַראַן — אויך צעוואָרפן
איבער דער אונטערערדישער געטאָ-פּרעסע און אין ביידע טיילן פון דעם רינ-
געלבלום-אַרכיוו — פאַרשידענע לידער, סאַטירעס, רעפּאָרטאַזשן אין פערזן,
סטיליזירטע פאָלקס-געזאַנגען, צוגעפּאַסט צו דער שטימונג פון די געטאָ-אסורים.

פון דער גרעסערער צאָל דערציילונגען, רעפּאָרטאַזשן, עסייאיסטישע פאַר-
צייכענונגען פאַרדינען אויפמערקזאַמקייט: דער רעפּאָרטאַזש-מאָנאָלאָג
אונטערן נאָמען „א דערציילונג פון א טאָג", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן וואַר-
שיינלעך דורך דעם לערער ישראל ליכטענשטיין — א שילדערונג פון דער געטאָ-

נאָס אין משך פון איין טאָג; דער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש „אין ארבעטס=לאגער“, אונטערגעשריבן מיט א פסעוודאָנים א. ווילטש — זייער א סוגעסטיווע שילדערונג אין א טיף=אקערנדיקער שפּראך מיט פיין=געשניצטע מענטשן=סילועטן און אן איינדרוקספולן נאטור=געמעל; א בינטל קורץ=בליציקע געטאָ=בילדער אונטערן בשותּפותדיקן טיטל „אויף די גאַסן“, געחתמעט מיט א פסעוודאָנים „שין“.*

דאָס כאראקטעריסטישע אין אָט די קורץ=אָטעמדיקע דערציילונגען און פארצייכענונגען איז דער פאקט, וואָס דורך אלע צרות און פּלאָגן רייסט זיך אדורך ביי דער געטאָ=מאסע — א שמייכל; דער שמייכל האָט א בפירושן פּאָליטישן זין. אָט באשרייבט דער אומבאקאנטער אויטאָר אינמיטן דעם רוישיקן טומל אין גאס די רעקלאמע פון די ביכער=פארקויפער:

„א בוך=הענדלער, אן אינטעליגענטער יונגערמאן, מיט א בלייך פּנים, האלב=פארלאָשענע אויגן, פּאסט צו די ביכער פאר די פארשידענע קונים:

„— האַללאָ, רב ייד, — ווענדעט ער זיך צו איינעם, — איר דאַרפט קויפן אומבאדינגט דאָס בוך „הונגער“, נאָר פאר 50 גראָשן“.

„— און איר, היימלאָזער, — ווענדעט ער זיך צו א צווייטן — איר זענט דאָך פון לובלין אָדער סלאָוואטיטש, טא קויפט=זשע „די שחיטה=שטאָט!“.

„— קויפט, יידן, מציאות, גאנץ מענדעלע פאר גראָשנס! וואָס טויג אייך פּטרן א זלאָטע צו קומען אויף גזשיבאָווסקע אָדער סלאָמאצקע?[5] פאר דעם זעלבן געלט האָט איר „דאָס קליינע מענטשעלע“ און „די טאקסע“ ביי זיך אין דער היים! קויפט, יידן! די בעסטע ביכער: „קייטן“, „רויבער“, „הינטער די גראטן“, „זיין קראמף“, „ביים גוסס צו קאָפּנס“ ——

דער עולם פארשטייט און שמייכלט...“

אן אינטערעסאנטן רעפּאָרטאַזש אונטערן נאָמען „געטאָ“ אָן אן אונטער=שריפט פון מחבר האָט אָפּגעדרוקט די אינטערערדישע „יוגנט=שטימע“ נומער 3(6) פון מערץ 1941. דאָס איז א בילד, אָנגעשריבן רואיק, אָן היסטעריע, אָבער מיט גאל און סארקאזם אויפן אדרעס פון די באצווינגער. מיט פיינעם עספּרי וויקלט דער אומבאקאנטער מחבר פאנאנדער דעם פּראָצעס פון שטופנווייזן ארייננכאפּן די יידן אין דער געטאָ=נעץ. טריט נאָך טריט פילן מיר, ווי איזאָלירטע מענטשן פארלירן די פרייהייט, ווערן געפּענטעט אין דער ריזיקער געטאָ=שטייג.

אין דער זעלבער אומלעגאלער צייטשריפט לייענען מיר א נאָוועלע „זי האָט אים אָפּגענארט“, אויך אָן דער חתימה פון מחבר. דאָס איז א לעבן=באשרייבונג פון א יידישער ארבעטער=פרוי, וועלכע האָט זיך געמאטערט פאר דער

---

* אפשר איז עס שיינקינדער.

[5] אויף גזשיבאָווסקע האָט זיך געפונען אין ערשטן פעריאָד דער יודענראַט, אויף סלאָמאַצקע — די יידישע אליינהילף.

מלחמה און איצט, אין די געטאָ=באַדינגונגען, ווערט זי אַראָפּגעשטויסן צו דער מדרגה פון א בעטלערין.

א טיף רירנדיק בילד פון דעם גורל פון די אָרעמע קינדער אין געטאָ גיט דער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש „דער חסד פון א שטילן טויט", אויך פון אן אומבאַקאַנטן אויטאָר. די שרעקלעכע לאַגע פון די הונגערנדיקע קינדער רופט צו נקמה:

„פאַרן טויער פון שפּיטאָל האָט זיך אויסגעשטאָן נאַקעט א קינד, אפשר צוועלף יאָר אַלט. ער האָט געשריגן ביז הייזעריקייט, געבעטן מען זאָל אים אַריינעמען, מען זאָל אים עפענען די טיר, הינטער וועלכער עס איז ריין און וואַרעם".

און ווען מען לאָזט דאָס קינד סוף כל סוף אַריין, לאָזט ער אַרויס א געשריי. נישט קיין טריומף=געשריי איז עס, נאָר א וואָיען פון א חיה, וואָס איז פאַרוואונדעט צום טויט. אָבער אינמיטן דעם קאָשמאַר, וואָס טויכט אויף פון די קינדער=בעטלעך, אינמיטן די אייטערנדיקע וווּנדן, די אויסגעדאַרטע הענטלעך, שטייט א מאַמע און באַגיסט איר קינד מיט הייסע טרערן — עס טויכט אויף א וואַרעם מענטשלעך געפיל, וואָס איז גובר דעם קאָשמאַר, דאָס היהשע.

די פאַשיסטישע אכזריות ווערט אין פּלאַסטישע בילדער אַרויסגעבראַכט אין דעם קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש „טויבן אויף דראָטן"; און דער זעלבסטגעפיל פון די געטאָ=אסורים, עלעהיי חיות אין א שטייג, קומט צום אויסדרוק אין א צווייטן רעפּאָרטאַזש „בריקן וואָס צעשיידן" — די מחברים פוןביידע איינגעדרוקטע פּראָזע=אַרבעטן זיינען, ליידער, אומבאַקאַנט. א ריי סימנים סוגערירן, אַז דער מחבר פון די רעפּאָרטאַזשן זאָל זיין יוסף קירמאַן.

א בילד פון געטאָ=לעבן גיט אויך די דערציילונג „ביים קאָמוניקאַט", וואָס איר מחבר איז וואַרשעווער נחמיה טיטעלמאַן. דער אויטאָר עפנט דאָ פאַרן לייענער אן אַנדער אָפּשניט פון געטאָ=לעבן — נישט די גאַס, נאָר די שטוב פון אַרבעטנדיקע מענטשן אין אָוונט, ווען מען קומט זיך צונויף און מען שמועסט וועגן פּאָליטיק. די זאַך איז אָנגעשריבן אָן טאַלאַנט, דער דיאַלאָג איז אַן אומבאַהאָלפענער. זי שטעלט נאָר מיט זיך פאָר אן אינטערעס פון שטאַנדפּונקט פון דערקענען די פּאָליטישע שטימונגען, די דיסקוסיעס צווישן אַרבעטער אין געטאָ.

מיר רעדן דאָ אַלץ וועגן דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן פון אַנאָנימע מחברים, וואָס האָבן געשריבן אין יידיש. עס זיינען אויך פאַראַן אין פּויליש געשריבענע פּראָזע=אַרבעטן, פון אומבאַקאַנטע מחברים. צו די פּוילישע שאַפונגען וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

א פאַרשטענדלעכן אינטערעס רופן אַרויס צו זיך די סאַטירעס געשריבענע אין פערזן. מיט שפּאָט און סאַרקאַזם לגבי די יודענראַט=לייט און די גבירישע

ענאָניסטישע כלל־טוער זענען דורכגענומען די סאטירעס (למשל „רב אבע") פון דעם יונגן זשורנאַליסט ש. שײַנקינדער, װעלכער פּאַרמאָגט אײַנציײַטיק א װאַרעם געפיל פאַר דער געטאָ־אַרעמקייט („איטקע", „קולים"). א כאַראַקטעריסטישע סאטירע אויף די בירגערלעכע כלל־טוער האָט אָנגעשריבן קאָלעקטיװ א גרופּע לערער און „טאָז"־אָנגעשטעלטע אין אפּריל 1941 („אין א רויטן ציגל־הויז"). מיר פילן דאָ צװו. א. די האַנט פון יהודה בעלד. א ריי סאטירעס אויפן יודענ־ראַט, אויף דער פּאָליציי, אויף דער געטאָ־תּפיסה איז געשריבן אין פּויליש. פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט שטעלן גישט אַלע סאַטירעס מיט זיך פאָר א װערט־פולע דערשיינונג.

עס זענען אויך פאַראַן לידער פון אומבאַקאַנטע מחברים, לידער, װאָס רירן מיט זייער האַרציקייט און אָטעמען מיט נייע, אין געטאָ־אויפגעקומענע פאָלקס־מאָטיװן, װי א שטייגער: דאָס ליד „סלופּקעס" — װעגן די ערשטע קרבנות פון דעם קאָמיסאַר אַװערסװאַלדס טעראָר, די יידן, װאָס זענען געװאָרן דערשאָסן פאַר עובר זיין אויף דער גזירה פון נישט־אַרויסגיין פון געטאָ. צו דער זעלבי־קער קאַטעגאָריע דאַרף מען פאַררעכענען דאָס װיג־ליד „עס ברענט" (נישט צונויפמישן מיט געבירטיגס באַרימט ליד), דאָס ליד „דער גורל", דאָס ליד װעגן די שאָפּן. עס פלעגט זיך אין די דאָזיקע לידער צוזאַמען פאָלקס־מאָטיװן מיט געװיסע אינדיװידועלע שטריכן פון די אומבאַקאַנטע מחברים.

אויף א העכערער קינסטלערישער מדרגה שטייען די פאָלגנדיקע אַנאָנימע לידער, װאָס צװוי פון זיי פאַרמאָגן נישט קיין טיטל: „מיט מוט און האָפענונג", „רויטע װאַר", „און מעג זיך דער זינדער" (די ערשטע שורה פונעם ליד) און „אָט זענען מיר אויפן שפּיץ באַרג" (די ערשטע שורה פונעם ליד). די אַלע פיר לידער שיידן זיך ראַדיקאַל אונטער פון כמעט אַלע אַנדערע פּאָעטישע מאָטיװן, װעלכע מיר האָבן אַנאַליזירט. מיט זייער שטימונג זענען זיי ענלעך צום ליד פון קלמן ליס „דער בריװ און דער ענטפער". דאָס זענען קאַמפס־לידער, אין װעלכע עס פילט זיך די אינדיװידועלע פען פון פּאָעטיש־באַגאַבטע מחברים. דער חסרון פון די דאָזיקע קאַמפס־לידער באַשטייט אין זייער אַבסטראַקטקייט. עס רעדט זיך אין זיי װעגן קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, װעגן דעם, אַז „קיינער פון אונדז האָט נישט פאַרלאָזן די צעשטורעמטע מויער", װעגן דער גייער ליב־טיקער װעלט, װעלכע מען װעט אויסקעמפן, שפּאַנענדיק איבער די פרישע קברים מיטן קאָפּ אַרויף צום קאַמף קעגן שונא, װעגן דעם זוניקן ים, װאָס װעט סוף כל סוף אָפּװאַשן די פאַשיסטישע גרויל־מעשׂים. װען מען פאַרגלייכט די דאָזיקע שטימונג מיט דער קידוש השם־אידעע, װעלכע עס פּרעדיקט אין א טייל פון זיינע עסייען יצחק בערנשטיין, דערפילט מען תּיכף דעם אונטערשייד צװוישן די פיר אַנאָנימע מחברים און דעם מחבר פון „קידוש השם", „דער קעלעמער מגיד" און „אויף די חורבות". די יונגע אַנאָנימע מחברים האָבן זיך געװיס רעקרו־

טירט פון די אונטערערדישע ווידערשטאנד=קרייזן, אָדער זיי האָבן זיך געפונען אונטער דעם בפירושן איינפלוס פון די דאָזיקע קרייזן, בעת בערנשטיין האָט זיך אויסגעלעבט אין זיין אלטער געפילן= און געדאנקען=וועלט, הגם מען דארף אונטערשטרייכן, אז אויך ביי בערנשטיינען קומט צום אויסדרוק דאָס טראַגיש=גייע, וואָס עס האָט פאר אים אוועקגעשטעלט די מלחמה, דאָס געטאָ, דער אונ=טערגאנג פון פאָלק און די צביעות און פאראט פון די יודענראטישע עלעמענטן. ער איז אָבער טראָץ אלעמען געבליבן אונטער דער גייסטיקער ווירקונג פון אלטע היסטאָריאָזאָפישע טעאָריעס.

די קידוש=השם=אידעע, דער מאָטיוו פון ליידן אלס דערהייבונג, אלס א מאָראלישע מדרגה, אָט די מיסטישע אידעען זענען פרעמד נישט בלויז די פיר אָקאָרשט דערמאָנטע אומבאקאנטע יונגע דיכטער, נאָר אויך דער גאנצער אנאָ=נימער — און ס'רוב אויך אויטאָריש באקאנטער — ליטעראטור פון װארשע=ווער געטאָ. עס האָט אויך אויף דעם רוב אנאָנימע שאפונגען נישט קיין שליטה דער וואָרעם פון פארצווייפלונג, פון אנטוישונג אין דער וועלט, אין מענטש ווי אזעלכן. ארויסברענגענדיק אין א ברייטער מאָס די פיזישע און מאָראלישע עינויים פון די געטאָ=אסורים, פאלן די אנאָנימע מחברים ביי זיך נישט אראָפּ, נאָר פארקערט, לאָזן ארויס — ווער אָפענער און דרייסטער, ווער געדעמפטער און אומדירעקט — דאָס געשריי פון צאָרן און פראָטעסט קעגן דער גרויזאמער ווירקלעכקייט און אירע סיבות און באשעפער.

אזוי האָט אויסגעזען די ליטערארישע שאפונג איןביידע ערשטע פעריאָדן: ערב געטאָ און אין דער ערשטער תקופה פון דער עקזיסטענץ פונעם אויפגע=צוווּנגענעם „יידן=באצירק“.

די לידער פון יוסף קירמאן, די צוויי פארבליבענע ווערק פון שיע פערלע, די צוויי אנאָנימע העברעישע לידער „בימים אדומים“ און „היכן את בתי“, און אויך א ריי שאפונגען פון יצחק קאצענעלסאָן, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין גערעדט, — געהערן צו א צווייטן פעריאָד, צום פעריאָד פון גירוש אין די טויט=לאגערן, פון מאסן=ליקווידאציע און פון דער צייט פארן אויפשטאנד.

מיט א געוואלדיקער קראפט זינגט ארויס יוסף קירמאן זיין בלוט=טריפנדיק ליד „נאָך דער בלאָקאדע“, וועלכע ער רופט אין אונטערקעפּל פשוט אָן „א בראָניק“. אין ברייטע שורות גיט ער א בילד פון די אויסגעשטאָרבענע צימערן נאָך די בלאָקאדעס און די שטימונג פון צאפל צווישן לעבן און טויט אויפן טרויעריק=באריכטן אומשלאג=פלאץ. מיט ביטערער קראפט שרייט אוים דער דיכטער זיין טיפן ווייטאָג צוליב דער ווילנלאָזיקייט פון די 'מענטשן, וואָס גייען צום טויט. אָבער צום שווערסטן פייניקט אים דער גרויליקער און שענדלעכער אמת, וואָס

„און זיי, די ווערקשוץ=לייט, די יידישע, און די אָרדענונגס=פּאָליציי, זיי האלטן וואך און זענען גרייט,

ווי זענען גרייט, זיי זענען גרייט אָפּגעבן די נאָענטסטע פון זיך, ווי
עס ווערט פארלאנגט פון זיי שוין איצט,
די עלטערן, די קינדער און אפילו די ווייבער אויך, אבי נישט זיך“.

אָט דער טיפער מאָראלישער פאלן פון די אויסווורפן און רענעגאטן פון דער יידישער געזעלשאפט, וועלכע זענען גרייט צו פארקויפן דעם שונא און אויסצוליפערן קיין טרעבלינקע, אויף אומקום, נישט בלויז דאָס גאנצע פאָלק, נאָר אפילו די אייגענע מאמעס, פרויען און קינדער, דער דאָזיקער גרויליקער אמת איז פארפיקסירט געוואָרן כמעט ביי אלע געטאָ=כראָניקער, ביי רינגעלבלומען, לעווינען, ווינטערן, ליכטענשטיינען, אָבער דעם שטארקסטן אויסקלאנג האָט די דאָזיקע שענדלעכע דערשיינונג געפונען אין דער דיכטונג — ביי יוסף קירמאנען. און פונקט אזוי ווערט דעם דיכטערס הארץ צעריסן פון ווייִ, ווען ער זעט, וואָס עס איז געוואָרן פון א באדייטנדיקן טייל פון דער יידישער מאסע: שוין אויפן סאמע אומשלאג=פלאץ, אויג אויף אויג מיט דער לעצטער נסיעה, פארן אָפּטראנספּאָרטירן צום טויט „האָט מען געגעסן רויע קארטאָפל און געהאנדלט מיט ברויט“ (דאָס ליד „די אויגן בלייבן אָפן“).

יוסף קירמאן איז אליין געווען א קרבן פון דער גאסן=כאפּעריי, פון דעם פּאָליציייאישן פאראט, און האָט זיך שוין געפונען אויפן אומשלאג=פלאץ. ער איז, ווייזט אויס, ארויסגעריסן געוואָרן פון דאנען דורך גוטע פריינד. אין צווייטן טייל פון אונטערערדישן ארכיוו פון ווארשעווער געטאָ האָבן מיר אָפּגעפונען אן אייגנהענטיק געשריבן אליארם=בריוועלע פון יוסף קירמאן צום קולטור=טוער יצחק גיטערמאן: „ליבער, ליבער, גיטערמאן! איך בעט אייך זייער, ראטעוועט מיך, עס איז נאָך מעגלעך. איך בין גענומען געוואָרן פון גאס און אוועקגעפירט געוואָרן אויפן אומשלאג=פלאץ. איך וויל זען נאָך מיין פרוי מיט מיינע צוויי קליינע קינדער, וועלכע איך האָב געלאָזט אין א פּראָווינץ. ראטעוועט מיך וואָס גיכער, אייער י. קירמאן“.

מיר ווייסן נישט, וואָס פאר א רעזולטאטן עס האָט געבראכט די דאָזיקע ווײ=געשריי=ווענדונג. אז דאָס בריוול איז אָנגעקומען צום אדרעסאט, זאָגט עדות דער פאקט, וואָס עס געפינט זיך אין רינגעלבלום=ארכיוו. אין רינגעלבלומס נאָטיצן ווערט קירמאנס נאָמען נישט דערמאָנט. ניישטאט גיט אָן אין זיין זאמלונג „חורבן און אויפשטאנד פון די יידן אין ווארשע“, אז קירמאן איז אומגעבראכט געוואָרן דורך די נאצים אין פּאָניאטאָווער לאגער אין הארבסט 1943. פון דעם איז צו דרינגען, אז דער דיכטער איז בעת דער ערשטער ליקווידאציע אין זומער 1942 ארויסגעראטעוועט געוואָרן פון אומשלאג=פלאץ און האָט זיך געפונען אין געטאָ ערב דעם אויפשטאנד, אָדער ביזן מיטן פון דעם גרויסן קאמף. אויף קיין שפּורן פון קירמאנס ליטערארישן שאפן פון אָט דער שפּעטערדיקער צייט האָבן מיר נישט אָנגעטראָפן. די צוויי לידער „נאָך דער בלאָקאדע“ און „די אויגן בלייבן

אָפּן", זענען די איינציקע שאַפונגען, וואָס זענען געבליבן נאָך קירמאַנען פון דעם געטאָ⸗פעריאָד. עס קאָן זיין, אז צווישן די אַנאָנימע פּראָזע⸗שאַפונגען, וואָס זענען צעוואָרפן איבער דער אונטערערדישער פרעסע, בפרט צווישן די מאָטיוון וועגן דער קינדער⸗טראַגעדיע, זענען אויך פאַראַן יוסף קירמאַנס זאַכן, וואָרעם ווי עס דרינגט ארויס פון דער איינלאַדונג אויף דער קאָלעקטיווער ליטעראַרישער אונטערנעמונג, און פעברואַר 1941 אין דעם לאָקאַל פון „טאָז", האָט קירמאַן געדאַרפט פאָרלייענען פּראָזע. פון עדי⸗ראיה דערוויסן מיר זיך, אז ער האָט געשריבן לידער און רעפּאָרטאַזשן וועגן קינדער⸗לעבן אין געטאָ. פון דעם אַלעמען מעג מען דרינגען, אז מסתמא איז איינער פון די אַנאָנימע פּראָזע⸗מחברים יוסף קירמאַן.

אזוי האָט מען, למשל, א געוויסע צייט געהאַלטן פאַר אַנאָנימע ווערק די איצט ברייט באַקאַנטע כראָניק פון דער בלוטיקער „אויסזידלונג" פון יולי⸗סעפּטעמבער 1942 „חורבן וואַרשע" און דעם אַצינד באַרימטן רעפּאָרטאַזש פון דעם שקלאַפן⸗לעבן אין די שאָפּן „4580". מיר האָבן די דאָזיקע צוויי כתב⸗ידן געפונען אין צווייטן טייל פונעם אונטערערדישן ארכיוו פון וואַרשעווער געטאָ. נאָך א לענגערן אַנאַליז הן פון טעקסט, הן פון דעם כתב איז אונדז געלונגען פעסטצושטעלן, אז דאָס זענען די שריפטן פון דעם באַקאַנטן שרייבער שיע (יהושע) פּערלע. אין די דאָזיקע כתבים איז פאַראַן א געוויסער אויטאָביאָגראַפישער עלעמענט פון דעם שרייבער. די קינסטלעריש, מיט בלוט פון הארצן אָנגעשריבענע כראָניק „חורבן וואַרשע", איז די סאַמע אויספּירלעכע און סוגעסטיווע באַשרייבונג פון דער מאַסן⸗ליקווידאַציע אין זומער 1942 אין וואַרשעווער געטאָ. דער טיטל פון דער כראָניק האָט צוערשט געדאַרפט זיין „גירוש וואַרשע", נאָר דער מחבר האָט אויסגעמעקט דאָס וואָרט „גירוש" און פאַרביטן אים מיט „חורבן", פאַרשטאַרקנדיק אזוי ארום שוין אינעם נאָמען דעם פאַרנעם פון דעם אומגליק.

„היינט, דעם 31⸗טן אויגוסט 1942 — הייבט אָן זיין באַשרייבונג שיע פּערלע — ווען איך הייב אָן שרייבן די דאָזיקע אין בלוט און אין טרערן געטונקענע שורות, האָט זיך געשטעלט דער פערציקסטער טאָג, זינט די מערדערישע היטלעריסטישע הינט צוזאַמען מיט די נידערטרעכטיקע אויסוואָרפן, וואָס רופט זיך „יידישע פּאָליציי", פאַרטיליקן און ברענגען אום אויף אַן אכזריותדיקן אופן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון וואַרשעווער געטאָ".

פּערלע האָט אָנגעהויבן שרייבן זיין כראָניק בעת דעם בלוטיקן שניט און זי פאַרענדיקט דעם צווייטן אָקטאָבער 1942. דער דאָזיקער אונטערערדישער דאָקומענט, געשריבן דורך א טאַלאַנטפולן יידישן קינסטלער און א טיף⸗פילנדיקן יידישן פּאַטריאָט, האָט איצט ארויסגערופן אן אומדערהערטע אויפרעגונג ביים ראש פון די נאַציאָנאַליסטיש⸗מיסטישע יידישע שרייבער אין אמעריקע ה. לייוויק,

וועלכער האָט געפּרווווט לייקענען אין דער אמתדיקייט פון פּערלעס טעקסטן. די צערייצטקייט פון די דאָזיקע רעאַקציאָנערע עלעמענטן ווערט פאַרשטענדלעך, ווען מען באַקענט זיך מיטן אינהאַלט פון „חורבן וואַרשע". פּערלעס מיט בלוט און טרערן געשריבענע כראָניק איז נישט בלויז אַ געוואַלדיקער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די דייטשישע פאַשיסטישע פעלקער־מערדער און דעם ערב־רב פון זייערע אַלערליי יוצר־משרתימדיקע פאַרניכטונגס־קאָמאַנדאָס, נאָר אויך אַ שטאַרקע דעמאַסקירונג און אַנטשלאָסענע פאַראורטיילונג פון דעם יידישן פאַראַט: פון דעם יודענראַט און דער געטאָ־פּאָליציי. די דאָזיקע קאָלאַבאָראַנטישע אינסטיטוציעס האָבן שוין זייער מאָראַלישע שטראָף באַקומען אין דער גאַנצער געטאָ־ליטעראַטור פון דעם פריערדיקן פעריאָד. פּערלע שטעלט אויף שוידערלעכע בילדער פון דעם נידעריקסטן פאַל פון די יידישע פאַרעטער — אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע. פּונקט ווי קאַצענעלסאָן אין זיין „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" און אין „פנקס וויטל", אַזוי רייסט אויף פּערלע די וווּנד, וואָס הייסט יודענראַט און געטאָ־פּאָליציי, מיט די שטאַרקע מיטלען פון זיין שרייבערישן טאַלאַנט. פּערלע גראָבט אָבער טיפער ווי קאַצענעלסאָן. עס עקבערט אים כסדר און ווידער די עיקר־פראַגע: פאַרוואָס האָט די מאַסע נישט רעאַגירט? פאַרוואָס איז מען געגאַנגען ווילנלאָז צום גירוש? פּונקט ווי ווינטער, ליכטענשטיין, רינגעלבלום האַלט אויך פּערלע, אַז מען האָט זיך געדאַרפט אַקעגנשטעלן, אַז מען האָט געהאַרפט נעמען העק, האַקמעסערס, שטעקנס און זיך וואַרפן אויף דער פּאָליציי, אַרויסרייסן זיך דורך די געטאָ־מויערן, פאַרפלייצן די „אַרישע" גאַסן. לאָמיר דערמאָנען, אַז דאָס איז טאַקע געווען דער לאָזונג פון יוסף לעוואַרטאָווסקי אין די טראַגישע טעג פון דער „גרויסער אויסזידלונג".[6]

צו די שטאַרקסטע זאַכן פון דער ליטעראַטור פון געטאָ געהערט פּערלעס טראַגיש־סאַרקאַסטישער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש, וואָס טראָגט דעם נאָמען „4580". דאָס ווערק איז אָנגעשריבן געוואָרן וואַרשיינלעך אין דער צווישנצייט אָקטאָבער־דעצעמבער 1942, ווען די לעצט־פאַרבליבענע יידן פון וואַרשעווער געטאָ זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אין זייער מערהייט אין שקלאַפּישע שאָפּן, וואָס האָבן געהערט צו דייטשישע פאַבריקאַנטן און זייערע פּוילישע און יידישע שטילע שותּפים און דירעקטאָרן. די שאָפּ־שקלאַפן זענען באַרויבט געוואָרן פון זייער מענטשלעכקייט, פון זייער אינדיווידועלן איך. זיי האָבן נישט געטאָרט וווינען אינאיינעם מיט די משפּחות, פאַרמאָגן קיין פּערזענלעכער אייגנטום, זיך באַוועגן פריי, זיי האָבן אפילו נישט געטאָרט קרענקען. פון מענטשן זענען זיי פאַר־

---

[6] דעם לייענער, וואָס וויל זיך געניויער באַקענען מיטן ענין, שיקן מיר אָפּ צו אונדזער אָפּהאַנדלונג „יודענראַטישע „אהבת ישראל"" (אַן ענטפער אויפן בילבול פון ה. לייוויק) אין „בלעטער פאַר געשיכטע", ב' 5, ה' 3.

וואנדלט געוואָרן אין גומערן. און יהושע פערלע באשרייבט דעם פּראָצעס פון פארשקלאפונג, פון פארלירן דעם אינדיווידועלן פּרצוף, פון פארוואנדלט ווערן אין א גומער. ער איז נישט מער דער מענטש מיט אן אינדיווידועלן, באשטימטן נאָמען יהושע פערלע —— ער איז א גומער, א טויטער ציפערדיקער סימן, א גאָמענלאָז שרייפל אין א מאשין. אויב וויקטאָר הוגאָ שילדערט אין זיין „גיבור אין קייטן“, ווי אזוי דער קאטאָרזשניק זשאן וואלזשאן איז געוואָרן א גומער, ברענגט ארויס יהושע פערלע דעם דאָזיקן אָפּטויטנדיקן פּראָצעס אין אָן אן ערך טראגישערע באדינגונגען. „דער גומער — זאָגט פערלע — דאָס איז דער געוועזענער איך, דער גומער דאָס איז מיין געוועזענער נאָמען“.

און — מיר איז גוט, איך בין א גומער. מיר איז גוט, וואָרעם נישט יעדער איינער איז זוכה געווען זיך איינצוקויפן א גומער און עקזיסטירן מיט א לעגאל לעבן אין אויסגעבלוטיקטן געטאָ. די אלע, וואָס זענען צו דעם נישט „זוכה געווען“, זענען געפאלן פון שונאס מעסער, אָדער מוזן זיך וואלגערן אין באהעלטעניש אָדער ווילדע מקומות אין געטאָ ווי אן איבעריקער, אומגעוואונטשענער, אומלעגאלער עלעמענט, אויף וועלכן עס לויערט דער פארלענדער, ווי אויף א געפלאָגטער חיה, וואָס מוז אומקומען. איז דעריבער גוט און ווויל דעם גומער, ווייל ער איז דערווייל פארמשפּט צום לעבן.

אין „חורבן ווארשע“ איז פערלעס שפּראך אָנגעלאָדן מיט דראמאטיזם, זי דערמאָנט אין די אלטע פּנקסים וועגן די קרייץ־צוגן אין מיטלאלטער, אָבער עס קלינגט אין איר איינצייטיק א מעטאלענער טאָן פון האס און פון בונט. אין „4580“ איז פערלעס שפּראך ערטערווייז ווייך, ווי אין די אמאָליקע ווערק פון דעם שרייבער, זי איז רייך אין פאָלקסטימלעכן עלעמענט, זי פארמאָגט אָבער א סך ביטערן הומאָר און סארקאזם: „כ׳וויים גאָרנישט וואָס פאר אן עצה מען גיט זיך איבער הונדערט און צוואנציק יאָר, ווען איך וועל קומען צו קבר־ישראל... דער מלאך דומה וועט געבן א קום אראָפּ און אָנקלאפּן צו מיר: — הער־לעבן, מה שמך?... וואָס ענטפערט מען אים דעמלט? אז איך הייס פיר טויזנט פינף הונדערט אכציק? ער וועט דאָך מיך אָנקוקן ווי משוגע!“

„חורבן ווארשע“ איז געשריבן געוואָרן אונטערן פרישן איינדרוק פון די טויזנטער קרבנות — „4580“ איז געשאפן געוואָרן אין דער „רואיקער אטמאָספער“ פון שאָפּ, ביי דער בית־הקברות־שטילקייט נאָכן בלוטיקן געוויטער. דער שרייבער האָט זיך איצט שוין אביסל געשפּילט מיט דער שפּראך, זי געשליפן, געשריבן געלאסענער. מיר זעען דאָ פאר זיך דעם אלטן פערלע מיט זיין זאפטיקן סטיל. און אויב פריער, אין „חורבן ווארשע“, ווענדט ער אָן לגבי די פאָלקס־פארעטער דונערנדיקע קולות און שלאָגט זיי מיט שטארקע נביאישע רייד, רייסט ער זיי איצט מיט שטילע, אָבער טיף־גרייכנדיקע, איראָנישע שטער.

אָבער דער מחבר האלט נישט אויס דעם דאָזיקן טאָן. דער ווייטיק פּרעסט צו שטארק דאָס הארץ, אז מען זאָל קאָנען איבערגעבן דעם גרויל פון דער נייער סיטואציע אין שטילע סארקאסטישע פאָרמען, אז מען זאָל קאָנען אויסהאלטן דעם דרוק פון א פארשניטענער עדה. און עס רייסט זיך ארויס ביים מחבר א צאָרנדיקער שטורעם:

„נישט מער, כדי צו ווערן א נומער, האָט מען פריער געמוזט אויסראָטן אין בלוט מיינע דריי און פופציק יאָר. אויסראָטן, אויסלאכן און שענדן. כדי איך זאָל ווערן א נומער, האָט מען מיין הויז געמוזט פריער חרוב מאכן. חרוב מאכן, אויסרייסן ביזן וואָרצל. אונטער מיין נומער ליגן דריי מאָל הונדערט טויזנט יידישע קדושים. דריי מאָל הונדערט טויזנט יידישע לעבנס, וואָס עמלק האָט אויסגעשאָכטן מיטן הסכם פון ראש הקהל און פון זיינע משרתים. פון אונטער מיין גליקלעכן נומער רייסט זיך ארויס דאָס ביטערע געשריי פון צענדליקער טויזנטער אויסגעסמטע, דערוואָרגענע יידישע קינדער. אין פינצטערע נעכט פארנעם איך דאָס גרויסע געוויין פון דער מאמע פון אלע מאמעס, פון אונדזער מאמע רחל. זי שפּרייזט איבער די ווייסטע פעלדער און וויקלט אין ליילעכער אירע אומגעקומענע קינדער. מיט די שיינע, איידעלע הענט וואשט זי אָפּ דאָס בלוט פון אירע זין און טעכטער. נאָר קאָן זי דען אלע אין ליילעכער וויקלען? קאָן זי דען אלע אָפּוואשן? אז דאָס בלוט שרייט און די ערד, ווי גרויס און ברייט זי איז, פארגייט אין יאָמער.

ליגן זיי, די געקוילעטע נפשות, נאקעטע און פארשעמטע, צעזייטע און צעשפּרייטע, אָן טהרה, אָן קדיש, אָן מצבה, געשענדעטע דורך די רוצחישע עמלקישע הענט מיטן הסכם פון דער קהלה קדושה ווארשע (פונעם יודענראט — ב. מ.).

און מיר איז גוט, איך בין אַ נומער".[7]

נישט מער ווי עטלעכע דרייסיק טויזנט אזעלכע „גליקלעכע" נומערן, אזעלכע לעבעדיקע מתים, אזעלכע שאָפּ־שקלאַפן זענען פארבליבן אין ווארשעווער געטאָ נאָכן גרויסן בלוטיקן שניט. נאָכאמאָל אזויפיל האָט געשמעקט צווישן די חורבות און אונטערערד ווי אומלעגאלע, צום טויט פארמשפּטע מענטשן. און אָט די „נומערן", די „בר־מיננס אויף אורלאָפּ", ווי זיי האָבן זיך אליין אָנגערופן, האָבן טראָץ אלעמען ארויסגעגעבן א געוויסע ליטעראַרישע שאַפונג. א דענקמאָל פון אָט דער שאפונג פון „אורלאָפּירטע פונעם טויט" איז פערלעס „4580". אזא דענקמאָל איז אויך קאַצענעלסאָנס „דער טאָג פון גרויסן בראָך".

[7] פערלע האָט אויך געשריבן אין געטאָ אַ ראָמאַן אונטערן נאָמען: „שטיוול"; דאָס האָט געזאָלט זיין אַ סאַטירע אויף דער געטאָ־פּאָליציי. דער ראָמאַן איז, ליידער, פאַרלאָרן געגאַנגען.

פון אונטער דער פען פון אזא „גומער“ איז ארוים די העברעישע עלעגיע „היכן את בתי“ (ווו ביסטו, טאָכטער מיינע), א קלאָג=ליד נאָך א היים=געליבטער טאָכטער רחל, וואָס איז אוועק מיטן פארלענדונגס=שטראָם. דער מחבר פון דער דאָזיקער עלעגיע איז אומבאקאנט. צו דער ליטעראטור פון די שאָפּ=שקלאפן געהערן צום טייל אויך די לידער פון וולאדיסלאוו שלענגעל, וועלכער האָט געשריבן אין פויליש (מיר וועלן וועגן אים רעדן באזונדער).

אָבער אין די הערצער פון די יידישע שאָפּ=שקלאפן האָט שוין אויפגעפלאמט דאָס פייער פון בונט. אין די שאָפּן זענען געווען פארקאָנספּירירט און טעטיק גרופּן פון דער יידישער קאמפס=אָרגאניזאציע. פון איינעם פון אזעלכע „גומערן“ שטאמט דאָס קאמפס=ליד פון אן אנאָנימען מחבר „בימים אדומים“ (אין די רויטע טעג), וואָס פארענדיקט זיך מיטן פילזאָגעוודיקן שלום=אקאָרד: „פון די רייען וועט אונדז ארויסרייסן נאָר דער טויט“.

אויף דעם רייסט זיך איבער די יידישע ליטערארישע שאפונג אין ווארשעווער געטאָ. בלויז קאצענעלסאָן וועט נאָך אינעם וויטעל=לאגער אויסזינגען מיט וויי און בלוט זיין „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק“. מער האָט שוין דאָס ליד פון ווארשעווער געטאָ נישט געקלונגען. דאָס ליד האָט זיך איבערגעריסן צוזאמען מיט זיינע באשעפער, איניינעם מיטן פאָלק. אָבער פונקט ווי דאָס פאָלק אזוי איז אויך דאָס ליד נישט אומגעקומען. עס האָט אויסגעדויערט און איז דערגאנגען צו אונדז. דאָס ליד איז געבליבן.

VII

# פּויליש־שרייבנדיקע מחברים אין וואַרשעווער געטאָ

אין וואַרשעווער געטאָ האָט זיך אויך געפונען אַ צאָל פּוילישע שרייבער. זיי האָבן נישט געשאַפן קיין אייגנהייטלעכן עלעמענט. געווען צווישן זיי משומדים, וועלכע די נאַציס האָבן אַריינגעוואָרפן אין דעם איזאָלירטן ראַיאָן אינאיינעם מיט די ייִדן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו די אָפּיציעלע בורזשואַזע ליטעראַרישע קרייזן. אָבער צווישן די פּוילישע שרייבער האָט זיך אויך געפונען אַ טייל, וואָס האָט געהאַט פּראָגרעסיווע אָנשויונגען. פאַר זיי איז דער געטאָ־געביט געווען אַ המשך פון זייער פעז־ און ביקס־קאַמף. אַ טייל באַוווסטזיניקע יוגנט אין געטאָ האָט געלייענט און געשריבן אין פּויליש. עס זענען אַרויס אין דער געטאָ־אונטערערד צייטשריפטן אויך אין דער פּוילישער שפּראַך, און אין אָט די אומלעגאַלע אָרגאַנען האָבן אויפן ליטעראַרישן געביט מיטגעאַרבעט יונגע באַגאַבטע דיכטער, פּראָזאַיקער און עסייאיסטן. אין געטאָ איז אפילו געווען אַ געוויסער ליטעראַרישער צוווקס, וואָס האָט זיך דערצויגן אויף דער פּראָגרעסיווער פּוילישער ליטעראַטור און האָט געשריבן אויף דער געטאָ־ און ווידערשטאַנד־טעמאַטיק אין דער פּוילישער שפּראַך. אָט די פּויליש־שרייבנדיקע מחברים זענען געשטאַנען נאָענט צום אַנטיפאַשיסטישן בלאָק און דערנאָך צו דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

ווי מיר זעען, קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן אַ געוויסער אייגנהייטלעכקייט ביי די פּויליש־שרייבנדיקע קינסטלער פון וואַרשעווער געטאָ. די שייד־ליניע גייט בכלל נישט לויט דער קריטעריע פון שפּראַך, נאָר לויט דער אידעיִשער מאָס.

ביי געציילטע פּוילישע שרייבער, וואָס האָבן זיך צוליב זייער אָפּשטאַם געפונען אין וואַרשעווער געטאָ, איז די לאַגע געווען בעסער ווי ביים רוב ייִדישע שרייבער. אָבער, חוץ זעלטענע אויסנאַמען, איז דער מצב פון די פּוילישע שריי־

בער נישט געווען קיין פּויגלדיקער. אדאם טשערניאַקאָוו, דער פּרעזעס פון יודענראַט, האָט טאַקע פאַוואָריזירט משומדים. ווי עס גיט איבער א גוט־אינפאָרמירטער עד־ראיה, האָט טשערניאַקאָוו אין אן אויפגעלייגטער מינוט מגלה סוד געווען זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער, אז ער אליין וואָלט זיך אויך געווען געשמדט, נישט מער, עס האָט אים פאַרפעלט „מוט". דעריבער האָט ער שטאַרק דרך־ארץ געהאַט פאַר די, וואָס האָבן געהאַט „מוט" — און זיך... געשמדט. דער יודענראַט האָט משומדים „מיט נעמען" שטאַרק געשטיצט. אָבער דאָס איז נישט חל געווען אויף ליטעראַטן. א משומד א גרויסער אינדוסטריעלער, א משומד א געוועזענער קנאַקער ביי דער סאַנאַציע, א משומד א באַרימטער פּראָפעסאָר — פאַר אזא איז טשערניאַקאָוו געפאַלן כורעים. אָבער א ליטעראַט, האָט ער אפילו געמעגט זיין א געטויפטער, איז ער קיין גרויסער יחוס ביים יודענראַט נישט געווען, הגם טשערניאַקאָוו האָט אליין — ווי ער האָט זיך גערימט — אמאָל געהאַט „געפלירטעוועט" מיט ליטעראַטור און אפילו אָפּגעדרוקט אין זיינע סטודענטישע יאָרן א לייכטן ראָמאַן אין א דייטשישער צייטונג. מיט קליינע אויסנאַמען, וועגן וועלכע עס וועט נאָך זיין א רייד, האָבן אפילו די פּויליש־שרייבנדיקע ליטעראַטן קיין אָנזען אינעם יודענראַט נישט געהאַט.

די פּוילישע שרייבער פון אלטן שניט, וואָס זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָ, האָבן זיך דאָ געפילט פרעמד. זיי האָבן נישט געהאַט קיין מאָראַלישן און געזעלשאַפטלעכן אָנהאַלט. זיי האָט גאָרנישט געקאָנט בינדן מיט דער געדיכטער יידישער פאָלקס־מאַסע, אחוץ די מורא פאַרן היטלעריזם. דאַקעגן די ייִנגערע פּויליש־שרייבנדיקע מחברים זענען צוליב זייער פריערדיקער, אָדער איצט אויפגעקומענער פּראָגרעסיווער איינשטעלונג, געשטאַנען נאָענט צו די געפילן און שטרעבונגען פון די געטאָ־אסורים, און געוויסע פון זיי האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך שאַפונגען, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר א באַשטימטן אינטערעס.

די אָנפירער פון דעם אונטערערדישן געטאָ־ארכיוו האָבן זיך אינטערעסירט מיטן פּראָבלעם: פּוילישע שרייבער אין געטאָ. זיי האָבן אפילו באַשטעלט א אינפאָרמאַטיווע ארבעט אויף דער דאָזיקער טעמע. אינעם ערשטן טייל פון רינגעלבלום־ארכיוו האָבן מיר טאַקע געפונען א קורצע ארבעט, געשריבן אין פּויליש, אונטערן נאָמען: „פּוילישע שרייבער". זי פאַרנעמט זיך מיט דער טעמע: פּוילישע שרייבער אין געטאָ. שוין אין די ערשטע שורות דערוויסן מיר זיך, אז די אלטע פּוילישע שרייבער, וואָס זענען אריינגעפאַלן אין געטאָ און זענען געווען באַקאַנט אין דער פאַרגאַנגענהייט מיט זייער בירגערלעכער וועלט־אָנשויונג, האָבן קיין שום ראָל אין געטאָ נישט געשפּילט; נאָכמער: זיי זענען געווען אינגאַנצן פּרוכטלאָז. לאָמיר ציטירן די ארבעט:

„היות אפילו כתב=ידן קורסירן נישט (אין אָפּשריפט, אָדער רעציטאציעס) צווישן פּובליקום,[1] שפּילן נישט זייערע עווענטועלע שאפונגען דערוייל קיין שום ראָל, זיי האָבן נישט קיין איינפלוס אויף דער סביבה, זיי פאראייניקן זיך נישט דירעקט מיט דעם שטראָם פון גייסטיקן לעבן פון געטאָ“.

די דאָזיקע קאטעגאָריע פּוילישע שרייבער נעמט זיך אליין קנאפּ וואָס דורך מיטן גרויל, וואָס שפּילט זיך אָפּ פאר זייערע אויגן טאָג=איין טאָג=אויס אויף די געטאָ=גאסן. שרייבער, וואָס זענען שטענדיק געווען אָפּגעריסן פון פאָלק, פון פּוילישן ווי פון די יידן, האָבן נישט געקאָנט געפינען ביי זיך דעם כוח צו רעאנירן קינסטלעריש אויף דער גרויזאמער ווירקלעכקייט, און וועלכער עס האָט זיי ארייננעשטויסן א בייזע קראפט; אָט וואָס עס זאָגט וועגן דעם דער מחבר פון דער ארבעט „פּוילישע שרייבער“:

„נישט יעדער איינער, זאָל ער זיין אפילו דער סאמע ווירקלעכער דיכטער, קאָן רעאגירן מיט אן עלעגיע אָדער אפילו א פראָמעטעישער פּאָעמע אין אָנגעזיכט פון א בר=מינן, אן אָרעמאן, וואָס איז געשטאָרבן פון הונגער אויף דער גאס“.

וואָס האָבן געטאָן די פּוילישע שרייבער אין געטאָ? דער מחבר גיט איבער:

„קאָרטשאק ווידמעט זיך אינגאנצן זיין יתומים=הויז. ברונאָ ווינאווער איז געוואָרן לייטער פון מאטעמאטיש=נאטורוויסנשאפטלעכן אָפּטייל פון דער פעראגאָגישער שול (דאָס זענען געווען קורסן). העגריקא לאזאווערט ארבעט אין פּראָפּאגאנדע=אָפּטייל פון דער סאָציאלער סעקציע פון דער אליינהילף. פּאָקשאנסקי שרייבט פאר דעם רעווי=טעאטער „שטוקא“. די באקאנטע שרייבערין יארעצקא געהערט צו די אויסנאמען, וואָס זענען באשעפטיקט אין יודענראט, אין דעם קאָרעספּאָנדענץ=אָפּטייל“. דער מחבר זאָגט וועגן די אלע: „זיי שפּילן נישט אין דעם געזעלשאפטלעכן לעבן קיין שום ראָל, זיי האָבן נישט קיין שום געמיינזאמע סביבה... דאָס זענען קרבנות פון א שיף=ברוך“.

ווייטער דערוויסן מיר זיך פון דעם זעלביקן קוואל, אז דער אלטער לעאָ בעלמאָנט איז קראנק און צעבראָכן; אין אָקטאָבער 1941 איז ער געשטאָרבן. אביסל שפּעטער איז אויך געשטאָרבן מיעטשיסלאוו בראון.

פון דעם יינגערן דור רעכנט דער מחבר אויס די לייכטע רעווי=שרייבער יוראַנדאָט, מארעק, וולאסט, שלענגעל, ליפּסקי, אירענא גייזלער און בראן. דער מחבר כאראקטעריזירט זייער שאפונג אין געטאָ מיט דריי ווערטער: „אן אויסערליטע=

[1] עס איז א רייד נאָר וועגן באַשטימטע, בירגערלעכע פּוילישע שרייבער. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָבן כתב-ידן פון יידישע שרייבער יאָ קורסירט. פּונקט אזוי האָבן קורסירט כתב-ידן פון פּראָגרעסיווע פּוילישע שרייבער.

ראַרישע רעוויאַרטיקע שאַפונג“. זיי האָבן געשריבן פאַר די קאַבאַרעטן, ווו עס האָט זיך געוויילט דער העמאָראַליזירטער, רייך־געוואָרענער שוים פון דער געזעלשאַפט, זיי האָבן געשריבן סקעטשן און פאַרוויילונגס־לידלעך. „דאָ און דאָרטן — זאָגט דער מחבר — כאַפּט זיך ביי זיי אַריין אַ געפיל, וואָס זאָגט עדות אויף טאַלאַנט“ — אָבער זייערע פעיקייטן האָבן זיי געפּטרט אויף קאַבאַרעט־לידלעך.

לאָמיר נאָך צוגעבן, אַז עטלעכע פון די אויסגערעכנטע האָבן זייער פּען פאַרקויפט דער קאָלאַבאָראַנטישער „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ“. איינער פון זיי, ליפּסקי, איז שפּעטער געוואָרן אַן אַגענט פון געסטאַפּאָ.

אָבער פון די אַלע פריער און אָקאָרשט אויסגערעכנטע דאַרף מען אויסטיילן דריי נעמען, וועלכע האָבן זייער טאַלאַנט פאַרווענדט אויף אמתער ליטעראַרישער שאַפונג, אָדער האָבן מיט דער צייט אַדורכגעמאַכט אַן אַנטוויקלונג אין דער ריכטונג פון דער ווידערשטאַנד־ליטעראַטור פון געטאָ. דאָס זענען: יאַנוש קאָרטשאַק, הענריקאַ לאַזאָווערט און וולאַדיסלאַוו שלענגעל. מען קאָן צו די דריי אין אַ געוויסער הינזיכט צורעכענען אויך די יונגע אירענאַ גייזלער.

יאַנוש קאָרטשאַק (דער ליטעראַרישער פּסעוודאָנים פון ד״ר הענריק גאָלדשמיט; ער האָט אויך געהאַט אַ פּסעוודאָנים „סטאַרי דאָקטור“) איז געווען אַ קאָמפּליצירטע פּערזענלעכקייט. מיר וועלן זיך דאָ נישט פאַרנעמען מיט אָפּשאַצן זיינע פאַרמלחמהדיקע ליטעראַרישע שאַפונגען. אין געטאָ איז ער שוין געווען אַלט. אין זיינע האַנדלונגען לאָזט זיך אָבסערווירן אַ ווייטגייענדיקע נישטקאָנסעקווענטקייט, וואָס איז געווען אַ פּועל יוצא פון זיין אידעאַליסטישן וועלט־באַנעם און פון זיין געזעלשאַפטלעכן אוטאָפּיזם. פון איין זייט — אַ ווירדיקע האַלטונג, וואָס דריקט זיך, למשל, אויס אין נישט וועלן טראָגן דעם אָרעם־באַנד, אפילו פאַרן פרייז פון גיין אין תפיסה און בכלל אין קעגנשטעלן זיך די פאַראָרדענונגען פונעם אָקופּאַנט; פון דער צווייטער — דאָס לאָזן זיך אין משך פון אַ געוויסער צייט פאַרפירן דורך דעם געסטאַפּאָ־אַגענט גאַנצווייך; פון איין זייט — מיסטישע שטימונגען, וועלכע קומען צום אויסדרוק אין זיינע פאָרלעזונגען אונטערן נאָמען „אויף דער גרענעץ פון לעבן און טויט“; פון דער צווייטער — די קינדער־פּיעסעס, וואָס קאָרטשאַק האָט אָנגעשריבן אין געטאָ. פּיעסעס מיט אַן אַקטועלער סימבאָליק. זיי זענען געוואָרן אויפגעפירט נישט בלויז אין וואַרשעווער געטאָ. מיר ווייסן נישט אַדאַנק וועלכע וועגן קאָרטשאַקס פּיעסעס זענען געוואָרן באַקאַנט, למשל, אויך אין ביאַליסטאָקער געטאָ, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז מען האָט דאָרט וועגן זיי געוווּסט.[2]

---

[2] זע: „חורבות דערציילן“, ז׳ 48.

אָט איז דער אינהאַלט פון איינער אזא פּיעסע (מיר פאַרמאָגן נישט, לייידער, דעם טעקסט פון דעם קינדער=שטיק, מיר רעפערירן בלויז אויפן סמך פון באַגלויבטע גביות=עדות):

א קינד איז שווער קראַנק. עס קומען דאָקטוירים. אָבער זיי קאָנען גאָרנישט אויפטאָן. מען פרעגט דאָס קראַנקע קינד: וואָס ווילסטו? עס ענטפערט: ווען עס קומט דער מלך, וואָלט איך געזונט געוואָרן. די מוטער איז פאַרצווייפלט. מען לויפט זוכן דעם מלך. מען גיט איבער: ער גייט שוין. און ווידער א סצענע: דאָס קינד גוססט. ווו איז דער מלך, דער רעטער? ענדלעך באַווייזט ער זיך, אָבער עס איז שוין צו שפּעט — דאָס קינד איז אויסגעגאַנגען.

דער צושויער האָט ארויסגעפילט דעם אקטועלן באַטייט פון דער קינדער=דראַמע — די מורא, טאָמער די באפרייונג קומט צו שפּעט.

אינעם ארכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, אין דער טעקע פון די „צענטאָס“=דאָקומענטן, געפינט זיך אן איינלאַדונג אויף א חנוכה=אָוונט, דעם 28=טן דעצעמבער 1940, ווו עס וועט ווערן אויפגעפירט די קינדער=פּיעסע פון יאַנוש קאָרטשאַק „עס וועט אָנקומען די שעה“.[3] עס איז אונדז נישט באַוווסט דער אינהאַלט פון דער פּיעסע. אָבער שוין דער נאָמען זאָגט עפּעס.

פון קאָרטשאַקס אלע שאַפונגען אין געטאָ איז געבליבן בלויז זיין טאָגבוך, וואָס געפינט זיך אין באַזיץ פון פוילישן ליטעראַטן=פאַריין אין וואַרשע. דעם דאָזיקן טאָגבוך האָט עס זיכער אין זינען רינגעלבלום, ווען ער שרייבט אין זיין ארבעט „ע.ש.“ (עונג שבת, דער קריפּטאָנים פון דעם אונטערערדישן ארכיוו פון וואַרשעווער געטאָ): „דער באַרימטער פויליש=יידישער קינדער=שרייבער און נישט ווייניקער באַקאַנטער קינדער=דערציִער ד״ר יאַנוש קאָרטשאַק (ד״ר גאָלדשמיט) האָט געפירט א טאָגבוך, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט. ד״ר קאָרטשאַק, וואָס איז געווען א מייסטער אין דער פוילישער שפּראַך, האָט זיכער אין דעם טאָגבוך געשטעלט א דענקמאָל דער טראַגעדיע פון יידישן קינד, ביי וועלכן דער גערמאַנישער אָקופּאַנט האָט צוגענומען דאָס רעכט אויף לופט, זון, שול און ברויט“.

דער דאָזיקער טאָגבוך איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אדאַנק דער מי פון קאָרטשאַקס פוילישע פריינד, פון זיינע מיטארבעטער אין דעם קינדער=אַנשטאַלט. דער לעצטער, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט דעם טאָגבוך, איז געווען דער אמאָליקער מיטארבעטער פון קאָרטשאַקן און היינט באַרימטער פוילישער שרייבער איגאָר נעווערלי.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף קאָרטשאַקס טאָגבוך אין דעם טייל פון אונדזער ארבעט, ווו מיר וועלן זיך פאַרנעמען מיט די טאָגביכער פון די געטאָס.

---

3 „Nadejdzie Godzina“.

דאָ זענען מיר נאָר אויסן אונטערצושטרייכן, אז קאָרטשאק האָט זיך אין
געטאָ פארהאלטן אינגאנצן אנדערש, ווי די פוילישע שרייבער פון אלטן שניט:
ווינאווער, בראון, בעלמאָנט. קאָרטשאק האָט זיך געווידמעט דער שוץ פון פאר=
וואָרלאָזטן קינד, און ווען עס איז געקומען די צייט פון נסיון און די יודענראַט=
לייט זענען גרייט געווען צו ראטעווען דעם אלטן פעדאגאָג און מקריב צו זיין די
קינדער, האָט יאנוש קאָרטשאק אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע עקלדיקע אָפּערטע. ער
האָט פארטיידיקט די יתומים קעגן די ארייננדרינגענדיקע צעיושעטע עס=עס=לייט
און האָט זיינע קינדער נישט פארלאָזט אויף זייער לעצטן וועג.

ער איז געווען — ווי ווייט זיינע אלטע כוחות האָבן אים דערלויבט — שע=
פעריש אין די שווערע באדינגונגען פון הונגער און גירושים.

מיטן פּראָבלעם פון קינד אין געטאָ פארנעמט זיך אויך די דיכטערין הענ=
ריקא לאזאווערט אין איר ליד „דער קליינער שמוגלער“.[4] דאָס ליד געפינט זיך
אינעם ארכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט — ווייזט אויס, אין א קאָפּיע.
הענריקא לאזאווערט, א טאלענטירטע דיכטערין, וואָס איז פאר דער מלחמה גע=
ווען ווייניק באקאנט, איז אין געטאָ געשטאנען נאָענט צו די קרייזן פון אונטער=
ערדישן ארכיוו. זי האָט אפילו — מסתמא אויף דער באשטעלונג פון דער אר=
כיוו=אָנפירונג — אָנגעשריבן א געשיכטע פון א יידישער פאמיליע בעת דער מל=
חמה. רינגעלבלום רימט די דאָזיקע פויליש=שרייבנדיקע דיכטערין זייער שטאַרק.
דאָס ליד „דער קליינער שמוגלער“ איז שנעל בארימט געוואָרן צווישן דער גע=
טאָ=באפעלקערונג. מען האָט אפילו געשאפן צו דעם א מעלאָדיע. לאזאווערט בא=
ריירט אן אנדער זייט פון קינדער=לעבן אין געטאָ, ווי קאָרטשאק. זי האָט אויפ=
געכאפּט א כאראקטעריסטישע דערשיינונג: אין זייער א סך פאלן איז דאָס קינד
געוואָרן דער פרנסה=געבער פון דער משפחה. קינדער האָבן איינגעשטעלט דאָס
לעבן, כדי זיך דורכצושלייכן דורך וואנט=שפּאלטן און איינשאפן פאר דער הונ=
גערנדיקער משפחה אביסל שפייז. ביי אָט די עקספּעדיציעס זענען די דרייסטע
קליינע שמוגלער אָפט געפאלן דורכגעשאָסענע פון דעם זשאנדארם קוילן. א פוי=
לישע כראָניק דערציילט, ווי פוילישע פּאָליציאנטן פלעגן איינאָרדענען גאסן=גע=
יעגן אויף די יידישע קינדער און זיי ממיתן אויף אן אכזריותדיקן אופן אין די
קאָמיסאריאטן. צום באדויערן האָט די דאָזיקע קינדער=עפּאָפּייע נישט באקומען
איר פולן אויסדרוק אין דער יידישער ליטעראטור פון געטאָ. הענריקא לאזאווערט
האָט אין א לירישן ליד אויסגעזונגען א הימן פארן קליינעם שמוגלער, פאר זיין
תמימותדיקער העלדישקייט און פאר זיין מארטירערישן טויט. אינעם ליד איז
פאראן א סך געפיל און דראמע דעם האָט לאזאווערטס ליד געפונען א וועג צו די
הערצער פון די געטאָ=אסורים.

---

[4] „Mały szmugler“.

אין אנדערע טראגישע דערשיינונג פון געטאָ=לעבן אינעם ערשטן, פאר=ליקווידאציע=פעריאָד, באַרירט אין איר ליד „די תפילה פון כאַפּער" די יונגע פוילישע דיכטערין פון ווארשעווער געטאָ אירענא גייזלער.[5] דער שרעקלעכער הונגער האָט געשטויסן א סך פארצווייפלטע קינדער און דערוואַקסענע צו ווערן ברויט=כאַפּערס. אזא איינער פלעגט האַסטיק ארויסרייסן ביי א פארבייגייערין א לעבל ברויט, וואָס יענע האָט באַקומען אויף דער באָנע, און בליץ=שנעל אראָפּשלינגען איין אויסגעקניפּטע שטיק נאָך דער צווייטער. דאָס איז געווען א באַקאַנטע דערשיינונג פון דער געטאָ=גאַס. אירענא גייזלער האָט באַוויזן ארויסצוברענגען די טראגיק פון דעם ברויט=כאַפּער. ער איז דאָך קיינמאָל קיין גנב נישט געווען. צו זיין איצטיקן פארברעכן האָט אים געשטויסן דער הונגער; שולדיק איז אזוי ארום נישט דער דאָזיקער אומגליקלעכער, וואָס באַרויבט א צווייטן אומגליקלעכן, וועלכער געפינט זיך אין דער רגע אין א „בעסערן מצב" (ער האָט באַקומען די אָך=און=וויי=פּאָרציע אויף דער באָנע), נאָר די אָקופּאַציע=ווירקלעכקייט. אירענא גייזלער טוט אויך א שלאָג אין לירישע טענער ווי לאַזאַווערט, אָבער זי פארמאָגט נישט די דורכדרינגלעכע באַהאַרצטקייט פון דער לעצטער.

דער סאַמע פּרוכטבארסטער פויליש=שרייבנדיקער דיכטער אין ווארשעווער געטאָ איז געווען וולאַדיסלאַוו שלענגעל.

וולאַדיסלאַוו שלענגעל האָט אין געטאָ אדורכגעמאַכט א גרויסן אַנטוויקלונג=וועג: פון רעוואָלטירער צו שטארקער ליריק און טיילווייז אויך צו עפּאָכ פון פארשיידענע דערשיינונגען אינעם געטאָ=לעבן. די גאַמע פון שלענגעלס טעמאַטיק איז זייער א ברייטע.

שלענגעלס לידער האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט דורך פארשיידענע וועגן.

אינעם צווייטן טייל פון אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ, האָב מיר אָפּגעפונען די פאָלגנדיקע לידער פון וולאַדיסלאַוו שלענגעל:

„שוין צייט", „דער טעלעפאָן", „די קליינע סטאַציע טרעבלינקע", „דער פּאַס" און „זאַכן".[6] צוויי פון די דאָזיקע שאַפונגען — „דער טעלעפאָן" און „זאַכן" — זענען געווען באַקאַנט שוין פון פריער, פאַרן אויסגראָבן דעם צווייט=טייל פונעם רינגעלבלום=אַרכיוו.

דער פּאָליאַק יוליאַן קודאַשעוויטש, וועלכער איז געווען באַשעפטיקט אין דער בערשטן=פאַבריק אויף שווענטאָיערסקע, ווו שלענגעל האָט זיך די לעצטע צייט געפונען, האָט אָפּגעראַטעוועט אַ פּעקל פון דעם דיכטערס לידער. אינעם אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט געפינט זיך אַ טעקע מיט מאַטער=

[5] א קאָפּיע פון אירענא גייזלערס ליד געפינט זיך אין די זאמלונגען פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט.

[6] „Już czas", „Telefon", „Mała stacja Treblinki", „Paszport", „Rzeczy".

יאַלן פון דער בערשטן=פאַבריק („העערעסאונטערקונפטספערוואַלטונג“), ווי שלענגעל איז געווען באַשעפטיקט אָדער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די לעצטע חדשים פאַרן אויפשטאַנד און בעת די קאַמפן. אין דער דאָזיקער טעקע געפינט זיך אַ מאַשין=שריפט מיט וולאַדיסלאַוו שלענגעלס אייגנהענטיקער חתימה. די מאַשין=שריפט טראָגט דעם טיטל „אַ רוף אין דער נאַכט“,[7] מיט אַן אונטערטיטל: „לידער. יולי—סעפּטעמבער 1942“. אונטן פיגורירט אַ דאַטע: דער אַכטער אָקטאָבער 1942. ווייזט אויס, אַז דעם דאָזיקן טאָג האָט ער געגעבן די לידער אויפצובאַהאַלטן דעם פוילישן באַקאַנטן פון דער פאַבריק קודראַשעוויטש, צו וועלכן שלענגעל שרייבט טאַקע צו אַ פּאָר ווערטער מיט דער האַנט.

אין דער דאָזיקער מאַשין=שריפט האָבן מיר געפונען בלויז איין ליד „זאַכן“ און אַ לויז בלעטל פון נאָך אַ זאַך. ווו עס זענען אַהינגעקומען די אָריגינאַלן פון די אַנדערע וואַרשעווער לידער פון דער זאַמלונג „אַ רוף אין דער נאַכט“, איז אונדז נישט באַוווּסט. עס קאָן זיין, אַז אַ האַנט פון אַ „היימישן“ וואַנדאַל האָט שוין נאָך דער באַפרייונג צעשאַבערעוועט די ווערטפולע אָריגינאַלן, פאַרשווענגדיק אזוי אַרום די לעצטע אותיות פון דעם טראַגיש אומגעקומענעם מחבר.

צו דער מאַשין=שריפט „אַ רוף אין דער נאַכט“ האָט שלענגעל צוגעגעבן אַ פאָרװאָרט=געשריבענעם מאָטאָ. ער זאָגט דאָרט, אַז — „די דאָזיקע לידער זענען אָנגעשריבן געוואָרן צווישן איין אויסטרייסלונג און אַ צווייטער, אין די גסיסהטעג פון דער גרעסטער אין אייראָפּע יידישער קהלה, צווישן סוף יולי און סעפּטעמבער 1942“. די דאָזיקע לידער — שטרייכט אונטער שלענגעל: „ווידמע איך די מענטשן, אויף וועלכע איך האָב זיך געקאָנט אָנשפּאַרן אין די שעהן פון דעם געוויטער און פון פולשטענדיקן כאַאָס“. „חאָט זענען די — צו וועלכע עס האָט דערגרייכט מיין רוף אין דער נאַכט“.

אין דעם דאָזיקן מאָטאָ דריקט דער דיכטער אויס זיין פאַראַכטונג פאַר די, וואָס האָבן זיך אין דער שרעקלעכער נסיון=צייט געקערעוועט בלויז מיט עגאָאיסטישע אינסטינקטן, מיט פּראָטעקציאָניזם, געלט, משפּחהדיקייט. שלענגעל שטעלט זיי אַקעגן די אמתע מענטשן, וועלכע האָבן זיך מקריב געווען פאַר אַנדערע און האָבן אויך געדענקט וועגן „די לעצטע מאָהיקאַנער, וואָס זייער גאַנצער קאַפּיטאַל און איינציק געווער איז דאָס וואָרט“.

אַדאַנק אַזעלכע מענטשן, מענטשן מיט אַ געזעלשאַפטלעכן צוגאַנג, מענטשן־פּאַטריאָטן, מענטשן, וואָס האָבן אַ באַציונג צו ליטעראַטור, האָט זיך אָפּגעראַטעוועט אַ טייל פון שלענגעלס שאַפונגען. אַ טייל פון זיינע לידער האָבן נאָך בעת דער אָקופּאַציע קורסירט אין אָפּשריפטן אין אונטערערדישע קרייזן און אויך אין די בלאָקן פון די שאָפּן. עס איז, פאַרשטייט זיך, נישט אויסגעשלאָסן

[7] „Wołanie w nocy“.

זיכער, צי די דאָזיקע אָפּשריפטן, וועלכע זענען נאָך דער באַפרייונג דאָ און דאָרטן געוואָרן געדרוקט, אַנטשפּרעכן פולשטענדיק די אמתע טעקסטן.

שלענגעלס עטלעכע שאַפונגען פון געטאָ=פעריאָד זענען פאַרלוירן געגאַנגען, ווי למשל: „וויגיליע=לעגענדעס“, „יעזוס אין קרופּס פאַבריקן“, „דער נס אין די אָקאָפּעס“.[8]

דער עד=ראיה בראָניסלאַוו מירסקי, וועלכער איז שוין דורך אונדז ציטירט געוואָרן, גיט איבער וועגן שלענגעלס אַ סאַטירע, געווענדעט קעגן דעם דײַטשישן פאַבריקאַנט טעבענס. אויך די דאָזיקע זאַך איז נישטאָ.

אַ צווייטער עד=ראיה, לעאָן נייבערג, שרייבט אין זײַנע זכרונות, אַז ער האָט געטראָפן וולאַדיסלאַוו שלענגעלן בעתן אויפשטאַנד אין אַ בונקער. נייבערג געדענקט, אַז דעם דריטן טאָג פון די קאַמפן האָט שלענגעל געשריבן לידער לכבוד די יידישע אויפשטענדלער. אין אַ צווייטן אָרט פון זײַנע זכרונות, אין דער נאָטיץ פון אַכטן מאַי 1943, פאַרצייכנט נייבערג אָט וואָס: „נעכטן אין אונדז האָט דער דיכטער נאָך אַלץ געשריבן זײַנע לידער, אין וועלכע ער האָט באַזונגען די העלדישקייט פון די יידישע קעמפער און באַוויינט דעם גורל פון די יידן. דאָס איז שוין געווען צום לעצטן מאָל, וואָרעם דער בונקער פון שמעון קאַץ (אין וועלכן שלענגעל האָט זיך געפונען — ב. מ.), אויף שווענטאָיערסקע 36, איז אַרײַנגעפאַלן“.

אויך די דאָזיקע לידער פון דעם אויפשטאַנד=פעריאָד זענען נישטאָ. אַזוי אַרום איז פאַרלאָרן געגאַנגען אַ באַדײַטנדיקער טייל פון וולאַדיסלאַוו שלענגעלס שאַפונגען. דאָס איז אפשר געווען דער סאַמע וויכטיקסטער טייל, ווייל ער איז געשריבן געוואָרן אין דעם סאַמע פלאַקער פון אומפאַרגלייכלעכן קאַמף. דאָס זענען געווען אפשר די איינציקע לידער, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אונטערן דירעקטן אײַנדרוק פונעם אויפשטאַנד.

פון שלענגעלס רייכער שאַפונג זענען געבליבן בסך=הכל נײַנצן פּאָזיציעס. צו אַזאַ ירושה האָט כמעט קיין איין יידישער דיכטער פון וואַרשעווער געטאָ נישט זוכה געווען (אויסער קאַצענעלסאָנען און סקאַלאָוון). אָבער ווען מיר רעדן וועגן שלענגעלן, איז די צאָל פון זײַנע אָפּגעראַטעוועטע שאַפונגען פאַרהעלטענישמעסיק נישט קיין גרויסע, וואָרעם געשאַפן האָט ער, ווי געזאָגט, אַ סך מער.

פונקט ווי קאַצענעלסאָן, האָט אויך שלענגעל געהאַט אַ בייזן, שוואַרצן שאָטן. דאָס איז נישט געווען גאַנצווייך, וועגן וועלכן שלענגעל רופט זיך אָפּ מיט עקל. שלענגעל האָט זיך אַ צייט געפונען אין דער נעץ פון די דעמאָראַליזירטע קאַבאַרעט=אַרײַנגייער. די זעלביקע עלעמענטן האָבן זיך שפּעטער, אויפן

[8] „Legendy wigilijne“, „Jezus w zakładach Kruppa“, „Cud w okopach“.

בערשטער-געביט, ווו דער דיכטער האָט זיך געפונען — באמיט, ווייזט אויס, אויסצונוצן זיין נאָמען און אים איינגעאָרדנט ליטעראַרישע אָוונטן — מסתמא, כדי דערמיט צו דעקן זייערע אמתע מעשים. ערשט אונטערן איינדרוק פון דעם אקטיוון ווידערשטאנד פון דער יידישער קאמפס-אָרגאניזאציע אין יאנואר 1943 קומט ביי שלענגעלן א טיפער קער. ער ווערט א באזינגער פון דער יידישער גבורה.

די גרויסע ליקווידאציעס און בעיקר דער קאמף פון דער יידישער ווידערשטאַנד-באַוועגונג האָט אינגאַנצן צעטרייסלט שלענגעלס פריערדיקע באַציונג צו דער ווירקלעכקייט און צום זין פון דעם דיכטערישן שאַפן.

אויך פריער אין געטאָ האָט ער געשריבן. אין זיינע פריערדיקע שאַפונגען האָט אָבער געפעלט צילבאַוווסטקייט. דאָס זענען געווען אָדער סתם באַשרייבונגען פון מלחמה- און אָקופּאַציע-דערשיינונגען, אָדער אינדיווידואַליסטישע בענקעניש נאָכן אמאָליקן פארמלחמהדיקן פיליסטערישן לעבן. נישט קיין שטרעבונג צו פרייהייט און צו אַ נייַ לעבן, נאָר בענקשאַפט צום פאַרגאַנגענעם פאַרמלחמהדיקן שטייגער, וואָס איז אין תוך געווען א יאָך, א זינלאָזע עקזיסטענץ אָן אמתער שעפערישקייט.

אָבער די דאָזיקע מאָטיוון זענען ביי שלענגעלן אַוועק, אויסגעגאַנגען צוזאַמען מיטן אויסגיין פון פאָלק, איינגעם מיטן אָנוווקס פון די צאָרן- און נקמה-געפילן.

צווישן שלענגעלס מאָטיוון פון ערשטן מלחמה-פעריאָד איז פאַראַן אַ ליד „אַלאַרם"[9] — אַ באַשרייבונג פון די פיינטלעכע לופט-אָנפאַלן פון די האַקנקרייץ-פיראַטן אויף וואַרשע. אָבער דעם זין פון דער מלחמה, דעם רויבערישן ציל פון די אגרעסאָרן און דעם פאַטריאָטישן ווידערשטאנד פון פאָלק פילן מיר נישט אין דעם דאָזיקן ליד. דער דיכטער האָט דעם תמצית פון די דאָזיקע דערשיינונגען נישט באַנומען.

אין אַ צווייטן ליד, „דער שליסל ביים הויז-וועכטער"[10], פאַלט דער דיכטער אַריין אין נאַציאָנאַליסטישע אַקצענטן. ער זעט נאָר איין זייט פון דער ווירקלעכקייט: דעם סטרוזש ווישניעווסקי, וואָס איז סערוויליסטיש לגבי דעם נייעם הער, דעם היטלעריסט, פונקט ווי ער האָט זיך פריער געבויגן פאַר אים, דעם יידישן לאָקאַטאָר. שלענגעל דערבליקט אָבער נישט די צווייטע זייט: די צאָרן-געפילן פון די פאַטריאָטישע טיילן פון פוילישן פאָלק, זייער גרייטקייט צו קרבנותפולן קאַמף פאַר פרייהייט, זייער האַס און פאַראַכטונג צום אָקופּאַנט.

דער דיכטער פילט זיך אין דער ערשטער אָקופּאַציע-תקופה פולשטענדיק איינזאַם. ער פאַרשטייט נישט, וואָס דאָ קומט פאָר, פונקט ווי ער האָט נישט

---

9 „Alarm".
10 „Klucz u stróża".

תופס געווען, וואָס עס איז פּאָרגעקומען אויף דער וועלט אין די פאַרמלחמהדיקע צייטן. ער בענקט נאָכן אַלטן פיליסטערישן לעבן. ער ווייסט נישט, צי וועט זיך, צי קען זיך עפּעס ענדערן. ער איז פול מיט שטילער רעזיגנאַציע (דאָס ליד „דער טעלעפאָן")[11] און רעזיגנאַציע — איז איין טריט צום פּסיכישן טויט.

פאַמעלעך, פאַמעלעך וואַקסן אָן ביים דיכטער אַנדערע עלעמענטן, רעאַליסטישע, סאַרקאַסטישע, פּראָטעסטירנדיקע, אַ ליבשאַפט צום פאַרפּייניקטן פאָלק. דער ענגער איך, דאָס געדעכעניש פון אַמאָליקער אייגענער באַקוועמלעכקייט וועפן זיך אויס און טרעטן אָפּ דאָס אָרט פאַר א ניי געפיל, וואָס פאַרבינדט דעם שרייבער מיט דעם שווער־געפּרוווטן פאָלק, מיטן כלל.

לכתחילה ווערט דאָס גרויליק־נייע געזען דורך דער פּריזמע פון אַ פאַרקלעמטן און צעווייטיקטן יחיד, וואָס דריקט אויס זיין בונט קעגן דעם אייבגעצווונגענעם געטאָ דורך דעם, וואָס ער קוקט ביינאַכט אויף דער ווייט־גאָעגטער, „פרייער", אַרישער, צעגרויבטער וואַרשע; ער פילט ווי ער וואָלט אַריסגעגנבעט ביים היטלעריסטישן מויער־היטער אַ שטיק וואַרשעווער פייזאַזש (דאָס ליד „אַ פענצטער אויף יענער זייט")[12] אָט דאָס געפיל און די „פאַרשוועבונג" קאָן דער היטלעריסטישער רעזשים נישט צורויבן ביים דיכטער, וואָס איז פאַרשפּאַרט אין געטאָ. און דאָס שטילט דעם דיכטערס דערווייליקע נקמה. אַ קנאַפּע נחמה, אָבער פאָרט אַ מין עובר זיין אויפן אָקופּאַנטס דראַקאָנישן געזעץ.

און אַזוי הייבט אָן דער דיכטער עפּעס תופס צו זיין פון דעם, וואָס קומט פאָר אין אַרום. נישט געפירט דורכן באַוווסטזיין, דורך אַריינטראַכטן און פאַרשטיין די סאָציאַלע שפּרינג־פעדערן פון דער געשיכטע, נאָר מיטן אינסטינקט פון אַן אמתן קינסטלער דערפילט ער, אַז אַ ריזיקע, בייזע קראַפט, די פאַרשאָלטענע קראַפט פון פאַשיזם האָט סיי אים, דעם ייד, געפענטעט ווי אַ ווילדע חיה און פאַרוואַנדלט אין אַ שקלאַף, סיי דעם דייטשישן פשוטן זעלנער געצוווּנגען צו ווערן אַ געצייג פון אַגרעסיווער מלחמה און פעלקער־פאַרשקלאַפונג. אויף דער פאַרשנייטער גאַס שטייען צוויי: אַ ייד ביי דער צוואַנגס־אַרבעט און אַ דייטש, אַ זעלנער, אויף דער וואַך. „איך וועל צוליב דיר נישט טאָן קיין טריט, אָבער דו האָסט אויך נישט קיין ברירה; ווער פון אונדז האַלט דאָ, איינגעשטעלט, דעם צווייטן... מסתמא אַ דריטער האַלט אונדז ביידע". („צוויי הערן אויפן שניי")[13] דער דריטער — דער פאַשיזם, די אינספּיראַטאָרן און אָנפירער

[11] „Telefon".
[12] „Okno na tamtą stronę".
[13] „Dwaj panowie na śniegu".

פון דער בלוטיקער אַגרעסיע. און דער אויספיר: „לאָמיר זיך צעגיין... לאָמיר גיין (יעטוועדער) אַהיים“.

צוזאַמען מיטן אָנהייבן פאַרשטיין, ווו עס שטעקט דער בייזער צעשטערנ־דיקער כוח, עפנט דער דיכטער אַליץ מער זיין אויער פאַר די וויי־געשרייען פון געטאָ; זיין סטיל ווערט אַי רעאַליסטישער, אַי סאַרקאַסטישער לגבי דער ווירק־לעכקייט, אַי האַרציקער פאַר דעם גורל פון די אייגענע ברידער; דער טאָן ווערט אַליץ בייזער פאַר די באַצווינגער. ער זעט דעם אומהיימלעכן מאַרש פון די ייִדן אין געטאָ אַריין, דאָס אויספלידערן זייער האָב און גוטס „זאַכן“.[14] ער באַשרייבט יאַנוש קאָרטשאַקן, וועלכער האָט אָפּגעוואָרפן די טובה פון די יודענ־ראַט־לייט, נישט געוואָלט זיך אַליין ראַטעווען, נישט אַוועק פון די טויט־פאַר־משפּטע קינדער „אַ בלאַט פונעם טאָגבוך פון דער „אַקציע“.[15] אין דעם ליד „אַ שמועס מיט אַ קינד“[16] שטעלט שלענגעל אויף אַ טראַגיש בילד. די קינדער פון געטאָ זענען באַרויבט פון אַ ריי מענטשלעכע גרונט־באַגריפן, זיי שטעלן נייע קשיות: וואָס איז דער טייטש „ווייט“? וואָס הייסט עס „פון לאַנג“? די צעווייטיקטע מאַמע קאָן נאָר ענטפערן: ווייט איז דאָס, וואָס טיילט אונ־זער בלאָק אָפּ פון אַ צווייטן, און פון לאַנג האָבן מיר שוין קיין שפּייז נישט געהאַט. דאָס ליד דערמאָנט די פאַקטן, וועלכע עס גיבן איבער עדי־ראיה: קליינע קינדער אין די געטאָ־בונקערס האָבן געפרעגט: ווי זעט אויס אַ בוים, אַ האָן, אַ טייך, אַ לאָנקע?

דער דיכטער זעט אַרום זיך נישט בלויז דעמאָראַליזאַציע און נישט בלויז גרויסע גבורה, נאָר אויך שטילע העלדישקייט — פון אַ מאַמע, וואָס באַהערשט אירע יסורים און גרייט אַליץ צו פאַר איר מאַן און זון, וואָס האָרעווען אינעם שקלאַפישן שאָפּ. פאַר אָט דער אַנאָנימער מוטער פון געטאָ וויל דער דיכטער אויפשטעלן אַ דענקמאָל, גראָד פאַר דער הורבשניטלעכער פשוטער פאָלקס־פרוי, וואָס צייכנט זיך מיט גאָרנישט אויס, וואָס איז נישט געווען צו גוט, אָפּטמאָל נערוועיש, נישט איבעריק שיין — פשוט: אַ מענטש, אייגע פון טויזנ־טער. אָבער ווען דער שונא האָט זי צוגענומען, איז געבליבן אַ פוסטער חלל אין שטוב, עס האָט פאַרפעלט אַ קליין שרייפעלע, עס איז אומגעבראַכט געוואָר: אַ געוויינלעכע פרוי, פאַר וועמען — אַ פרעמדע, פאַר די אייגענע — אַ ווייב און אַ מוטער. ווער וועט אויפשטעלן אַ דענקמאָל די טויזנטער אַנאָנימע מו־טערס נאָך ספּעציעלע סמנים, אָן באַזונדערע שטריכן, אָן עפּעקטפולע מעשים?

[14] „Rzeczy“.
[15] „Kartka z dziennika akcji“.
[16] „Rozmowa z dzieckiem“.

(דאָס ליד „אַ דענקמאָל“).[17] פון הונדערטער טויזנטער אַזעלכע פּשוטע מענטשן באַשטייט אַ פאָלק. און אָט דאָס פאָלק קומט אום, צאַנקט, פאַרגייט אין יסורים.

אַן ענלעכן מאָטיוו, הגם אין אַן אַנדער אַספּעקט, פון אַן אַנדער מיליע גענומען, זינגט אויס שלענגעל אין ליד „גלעקלעך“.[18] אליין אַן עדות פון די בלאָקאַדעס און סעלעקציעס, ברענגט ער עס צום אויסדרוק אין זיינע לידער.

אין בולטע אַנטיהיטלעריסטישע טענער איז געשריבן דאָס ליד „די קליינע סטאַציע טרעבלינקע“.[19] נישט קיין הילכיקע וויי=געשרייען הערט דער דיכטער, נאָר אַ גרויליקע שטילקייט. דורך כלערליי שווינדלערישע מיטלען האָבן די פעלקערמערדער פאַרפירט אין אָט דער זייטיקער סטאַציע הונדערטער טויזנטער מענטשן און זיי אומגעבראַכט דורך חניקה אין די גאַז=אויוונס. די בית=הקברות=שטילקייט ווערט איבערגעריסן נאָר דורך איין געשריי — דעם געשריי פונעם דיכטער, זיין בלוטיקן פּראָטעסט.

אַזוי קומט אויף ביים דיכטער — אויף דער פאָן פון דעם מאַסן=אומקום — דער פּראָטעסט. אין דעצעמבער 1942, ווען די לעצטע פאַרבליבענע געטאָ=באַפעלקערונג גיט זיך שוין אָפּ אַ דין=וחשבון פון דעם היטלעריסטישן טייוולאָנישן שפּיל און פון דעם פאַראַט פון די יודענראַט=לייט, פּאָליציי, געסטאַפּאָ=אַגענטן, שאָפּ=דירעקטאָרן און אַנדערע גענגסטער, שרייבט שלענגעל אָן אַ ליד „שוין צייט“.[20] דער דיכטער טרעט אַרויס מיט אַ שטאַרקער באַשולדיקונג קעגן גאָט. „דו אַליין וועסט געשטעלט ווערן פאַר אַ משפּט, — רופט אויס דער צעווייטיקטער און צאָרנדיקער פּאָעט, — און דו וועסט וואַרטן הכנעהדיק אויפן אורטייל!“ אָבער מיר, דערקלערט דער דיכטער, מיר, די פאַרפייניקטע, מיר, די איינגעקאָרטשעטע אונטערן בייטש, וועלן באַצאָלן! פאַרן טויט אין טרעבלינקע וועלן מיר געבן אַ ווירדיקן ענטפער!

דעם דאָזיקן ענטפער קענען אָבער געבן מענטשן גרייטע אויף אַלץ, מענטשן דערצויגענע אינעם גייסט פון קאַמף, מענטשן פּאַטריאָטישע, שרעקלאָזע, רעוואָלוציאָנערע, מענטשן, וואָס ווילן זיך מקריב זיין פאַרן כבוד פון פאָלק. שלענגעל הייבט אָן זיך צו באַציִען מיט פאַראַכטונג צו די, פאַר וועלכע ער האָט אַמאָל געלייענט זיינע לייכטע לידער. אין דעם סאַטירישן ליד „לאָזט מיך צו רו“[21] שילדערט ער אַ פּיליסטער, אַן עגאָאיסט, אַ קליינמוטיקן טיפּ, וואָס וויל נישט נעמען אין האַנט אַריין קיין אונטערערדישע צייטונג, וואָס וויל לעבן באַקוועם און אַפילו

[17] „Pomnik“.
[18] „Dzwonki“.
[19] „Mała stacja Treblinki“.
[20] „Już czas“.
[21] „Dajcie mi spokój“.

אי סגעלאַסן כל=זמן מען קאָן, כל=זמן עס לאָזט זיך. לאָזט מיך צורו! — שרייט דער פּיליסטער. אפשר שטעקט אין דעם א שטיקל ווידוי פונעם דיכטער אליין, א זעלבסטקריטיק פון זיינע אייגענע וואקלונגען אין מאָמענטן פון שוואכקייט. אָבער שלענגעל גרייכט דאָ מיט זיין סאַטירישער שאַרפקייט ווייטער מחוץ די גע־טאָ=וועגט. ער רייסט אויף די פּסיכיק פון דער בורזשואַזיע אין אויסלאַנד. אויך זי שרייט: לאָזט מיך צורו! וויסקי ענד (סאָהאַ!) דאָס איז איר דעוויז אין דער צייט, ווען עס קומט פאַר אויף די פראָנטן אין אייראָפּע דער גורלדיקער גערא־נגל צווישן חיה און מענטש. עס גייט דער דאָזיקער בורזשואַזיע נישט אָן, וואָס די יידן פון געטאָ וועלן אומקומען. מילא, טענהן זיי, די קראַנקע און ציטערדיקע יידן וועלן פאַרגיין; עס וועלן אָבער בלייבן די יידן פון די ספּאָרט=סטאַדיאָנען, זיי וועלן איבערלעבן.

אין שלענגעלס סאַטירישן ליד „לאָזט מיך צורו“, שפּיגלען זיך אָפּ די שטי־מונגען פון די יידן אין געטאָ: דער עגאָיזם און די קליינמוטיקייט ביי אַ קליינעם, פּחדנותדיקן טייל; די אַנטוישונג און שנאה צו די מערבדיקע גרויסמאַכטן — ביים רוב פון די געטאָ=אסירים. אָט די געפילן, וועלכע עס ברענגט צום אויסדרוק אין זיינע גאָטיצן שמואל ווינטער.

אַזעלכע לידער פלעגט שלענגעל פאָרלייענען פאַר זיינע צוהערער אויף די אויסטערלישע ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן בעת די לעצטע חדשים אין פּריוואַטע הייזער און בונקערס, אויף אומלעגאַלע קרייזן. די דאָזיקע לידער האָט עס געהאַט אין זינען שלענגעל, ווען ער האָט אָנגעשריבן נאָכן אומרואיקן און מערקווירדיקן יאַנואר 1943 דעם אריינפיר צו זיינע שאַפונגען, דעם אריינפיר, וועלכן ער האָט אליין געגעבן א פילזאָגעוודיקן נאָמען „וואָס האָב איך געלייענט פאַר די טויטע“.[22]

„מיינע לידער, וואָס געפינען זיך אין אָט דעם באַנד, — שרייבט שלענגעל אין דעם דאָזיקן אריינפיר=וואָרט, וואָס איז אדרעסירט „צום פוילישן לייענער“ — האָב איך געשריבן אין די אַנטראַקטן פון די שרעקלעכע געשעענישן, וואָס זייער ווידערקול איז דערגאַנגען איך צו אייך, פריינט. ווי שמייכלען, וואָס באַ־רואיקן דעם שטאַרבנדיקן צווישן איין ווייטאָג=צאפּל און א צווייטן, האָבן זיך באַוויזן די דאָזיקע אומעטיקע גראַמען און ריטמען. די דאָזיקע לידער זענען אין אַ נישט קיין גרויסער צאָל פון אָפּשריפטן „געגאַנגען אין פאָלק אַריין“, זיי זענען דורך מיר געלייענט געוואָרן אויף ליטעראַרישע אָוונטן, זיי זענען רעציטירט גע־וואָרן אין די וואַרשטאַטן“.

זיין אַריינפיר=וואָרט, — „וואָס האָב איך געלייענט פאַר די טויטע“, וואָס איז וויכטיק סיי פון היסטאָרישן, סיי פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט — הייבט

[22] „Co czytałem umarłym“.

שלענגעל אָן מיט דערמאָנען אַ סאָוויעטישע פּאַטריאָטישע פּיעסע, אין וועלכער עס ווערט געשילדערט דער קאַמף פון אַן אונטערוואַסער־שיף. די מאַנשאַפט וויל זיך נישט אונטערגעבן די ווייסגוואַרדייער. דאָס שיף גייט אונטער. פופצן העלדישע סאָוויעטישע מאַטראָסן קומען אום, אָבער זיי קאַפּיטולירן נישט. עס בלייבט דער לעצטער, דער זעכצנטער. ער הייבט זיך אויף מיט די לעצטע כוחות און שרייבט אָן מיט קרייד אויף דער שטאָלענער וואַנט פון דעם אַראָפּזינקענדיקן שיף די ציפער: צוויי הונדערט מיליאָן מינוס זעכצן. עס איז געפאַלן אַ גרופּע פּאַטריאָטן, אָבער דאָס פאָלק איז געבליבן, עס זענען געבליבן צוויי הונדערט מיליאָן מינוס זעכצן.

„אָט די סצענע — זאָגט שלענגעל, — און איר קלוגער טיפער זין האָט זיך פּלוצים געיאַוועט צוזאַמען מיט דער ערשטער שעה פון דעם צווייטן עטאַפּ פון דער „אַקציע“, און עס לאָזט מיך נישט אָפּ האָס דאָזיקע בילד אַפילו אויף אַ רגע“.

„אויף דער וואַנט פון מיין שיף — קאָנטינוירט שלענגעל, — שרייב איך לידער־דאָקומענטן, איך האָב געליענט פאַר די חברים פון מיין קבר שאַפונגען פון אַ פּאָעט, פין אַ פּאָעט פון יאָר 1943, וואָס זוכט באַגייסטערונג אין דער פינצטערער כראָניק פון זיינע טעג“.

ער האָט געליענט זיינע לידער־דאָקומענטן — שרייבט שלענגעל — אין בונקערס, אין שולצים בלאָק, ביי די בערשטער. ער האָט געהאַט גיריקע, פלייסיקע צוהערער. נישט איינער פון זיי האָט אים, דעם דיכטער, אָנגערעגט צו געוויסע טעמעס. די צוהערערן אסיע ס. האָט אים באַוויזן אָנצושרייבן אַן אָפּטימיסטישע ווערסיע פונעם ליד „לאָזט מיך צורו“. און איצט לעבט דער דיכטער איבער שווערלעכע טעג: ער איז אַן עדות, ווי זיין אוידיטאָריע צאַנקט פון שעה צו שעה. ווי עס ווערן אַרויסגעריסן די אַלע, וואָס האָבן אַקאָרשט געהערט זיינע לידער, ווי עס קומען אום די צוהערער פין די בונקערס, פון שולצים שאָפּ, פון דער בערשטן־פאַבריק.

די זאַך „וואָס איך האָב געליענט פאַר די טויטע“ איז אָנגעשריבן געוואָרן נאָך דער יאַנואַר־אַקציע (1943). די דאָזיקע זאַך איז איינצייטיק אַ כראָניק פון די יאַנואַר־געשעענישן.

דער דיכטער גייט איבער אויף אַ קאָנדענסירטן, אָבער פּלאַסטישן, בילדלעכן גרויליק־פרישן אופן דעם אָנוואַקסנדיקן אומרו, די צעשרויפטע געמיטער, דעם צאַפּל צווישן לעבן און טויט אין די בונקערס, די כאַפּערייען און גאַסן־שיסערייען, דעם שוידער פון אומשלאַג־פּלאַץ. דער שונא האָט פּלאַנירט דורכצופירן די צווייטע ליקווידאַציע פון אַרומגעשניטענעם, אויסגעבלוטיקטן וואַרשעווער געטאָ. די „אַקציע“ איז אין פולן ברען. עס דערגייען אָפּגעריסענע ידיעות — די „אַקציע“ האָט זיך אַריינגעריסן צו שולצן, די „אַקציע“ קומט שוין פאָר ביי טעבענסן.

און מיטאַמאָל:

„די ערשטע גערוון=אָפּפרישנדיקע ידיעות.

— ווידערשטאַנד! עס פאַלן שאָסן. די ייִדן האָבן גראַנאַטן. די ייִדן האָבן געווער. אויף ניסקע האָט מען אונטערגעצונדן אַ הויז. ביי שולצן האָט מען געוואָרפן גראַנאַטן.

עס זענען פאַראַן דערהרגעטע און פאַרווונדעטע.

די דייטשישע קאַרעטקעס פון דער גיכער הילף קורסירן איבערן ראַיאָן.

דאָס געטאָ איז שוין מער נישט קיין געדיכטער וואלד פון פאַרפּאָלגטע חיות.

דאָס געטאָ ווערט אַ פראָנט".

די לעגענדע וואַקסט. דער מוט ווערט אַלץ גרעסער. מען דערציילט וועגן קאַמפן. וועגן דעם, אַז די זשאַנדאַרן האָבן זיך צוריקגעצויגן.

די עס=עס=לייט גייען נישט אַריין אין די קעלערס. אויפן שייד=וועג פון די גאַסן ליגט דער טויטער קערפּער פון ערשטן עס=עס=מאַן.

דער דייטש ליגט אין ראָוו".

דער דיכטער יובלט אין אָנבליק פון ערשטן נצחון פון דער ייִדישער קאַמפס=אָרגאַניזאַציע. אָבער איינציייטיק בלוטיקט זיין האַרץ — ווייל דער גרעסטער טייל פון דעם דיכטערס לייענער און צוהערער איז שוין נישטאָ. „איך קוק הורך — זאָגט שלענגעל — און סערגעיגיר די לידער, וואָס זענען געשריבן געווען פאַר די, וועלכע זענען שוין נישטאָ. די דאָזיקע לידער האָב איך געלייענט פאַר וואַרעמע, לעבעדיקע מענטשן, פול מיט גלויבן אין אויסדויער אין סוף, אין מאָרגן, אין נקמה, אין פרייד און אין ווידעראויפבוי".

איצט זענען געבליבן ביים דיכטער צוויי האָפענונגען, צוויי גלויבנס:

אַז דאָס ליד וועט פאַרבלייבן, אַז „היינט, מאָרגן, צי אין אַ יאָר אַרום — קאָנספּיראַטיוו, פון האַנט צו האַנט — אָדער נאָך דער מלחמה ווי אַ באַנד, וואָס וועט זיין עפנטלעך צוטריטלעך — וועט די לידער=זאַמלונג „וואָס איך האָב געלייענט פאַר די טויטע" דערגרייכן צום פוילישן לייענער".

און — אַז עס האָט דערוואַכט דער ייִדישער ווידערשטאַנד, אַז דאָס געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרענע פון קאַמף קעגן די פעלקער=מערדער.

נאָך יאַנואַר, אינעם פעריאָד צווישן ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד, האָט שלענגעל ווייטער געלייענט זיינע לידער — פאַר די לעבן=געבליבענע. אַזוי שטעלן פעסט די צוויי ציטירטע שוין עדי ראיה פונעם בערשטער=געביט: ביי=בערג און מירסקי. דער לעצטער דערמאָנט אפילו שלענגעלס שטאַרק ליד „די

קאָנטראַטאַקע",[23] וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן — פּונקט ווי קאַצענעלסאָנס ליד וועגן דעם יאַנואַר־קאַמף — אונטערן דירעקטן איינדרוק פון דעם העלדישן אַרויסטריט פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין די טעג פון 18—20 יאַנואַר 1943 אויף זאַמענהאָף, מילע, ניסקע, אויפן שאָפּ־געביט און אויפן סאַמע אומשלאַג־פּלאַץ. אין דעם ליד פירט אונדז שלענגעל אַריין אין דער גסיסה־שטימונג פון געטאָ און ווי אַ שטאַרקע קעגנווירקונג, הן צו דער דאָזיקער שטימונג, הן צו דער חוצפּהדיקער בראַוווּרישקייט פון די פעלקער־מערדער — די בלוציקדיקע קאָנטראַטאַקע פון די יידישע קעמפער.

אויף מילע־גאַס איז געפאַלן דער ערשטער יידישער שאָס. דער זשאַנדאַר, וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון דער קויל פון אַ יידישן קעמפער — "האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אינעם טויער, האָט אַ קוק געגעבן אַ דערשטוינטער... ער האָט נישט געגלייבט — עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג". ער איז געווען דערשטוינט פון דעם פאַקט, וואָס יידן שיסן אין די פאַרשטייער פון דער "העכערער ראַסע", אין דייטשישע זשאַנדאַרן!

אָבער דאָס איז נישט געווען קיין פאַראיינצלטער יידישער שאָס. נאָך מילע האָט זיך אָנגערופן ניסקע, עס האָבן גענומען אַ וואָרט הזשיקע און פּאַוויע און די שקלאַפן־בלאָקן פון שולץ און טעבענס: אַ בונט פון פלייש! און אַ געזאַנג פון פלייש! פון שקלאַבערישן פלייש, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף דערנידעריקונג, עבודת פּרך, אונטערגאַנג און טויט!

מיט אַ מעכטיקן הלל־געזאַנג פאַר די יידישע קעמפער פון ניסקע, מילע און מוראַנאָוו, פאַר די "פּאַרטיזאַנישע וועלדער" פון אויסגעבלוטיקטן געטאָ, פאַר די געכולעך הזשיקע און אָסטראָווסקע — ברעכט אויס שלענגעלס ליד אין זיין שלום־אַקאָרד: "דאָס געשריי פון פיר אותיות בליצט מיט רויטקייט, ווי אַ טאַראַן שלאָגט דאָס וואָרט: בונט!"

סיי אין דעם לירישן פּאַטאָס פון דעם ליד, סיי אין זיין פאָרם פילט זיך אַ געוויסער איינפלוס פון דעם קלאַסיקער פון דער רוסיש־סאָוועטישער פּאָעזיע וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי. דאָס זענען נישט שלענגעלס פריערדיקע לידער מיט זייער סענטימענטאַליזם, מיט זייער אימפּרעסיאָניסטישער שטימונג. "די קאָנטראַטאַקע" איז אַ ליד פון איין גוס, אויסגעהאַלטן אין דעם געמעל פונעם געשעענישן־צעוווּקס, אין דער שטימונג און דעם טעמפּ — פון אָנהייב ביז סוף. אויף אַ קאָנדענסירטן און בילדערישן אופן ווערט אין דעם ליד אַרויסגעבראַכט דער וויכטיקסטער שטריך פון די יאַנואַר־געשעענישן: די פאַרוואַנדלונג פון יידישער מורא און דער פּלוציעמדיקער אויסברוך פון יידישער גבורה — פּנים אל פּנים מיטן באַוויזן זיך פון שרעק ביי די אונטערדריקער, וועלכע זענע־

[23] „Kontratak".

העלדן, ווען דער קעגנער ציטערט פון שרעק און אנטלויפט, אָבער אנטפּלעקן זיך אַליין פאַר פּחדנים, ווען עס טרעט קעגן זיי אַרויס אַ ווילנפעסטער כוח.

וואַלדיסלאַוו שלענגעל איז געווען דער סאַמע פּרוכטבאַרסטער פון צווישן די פויליש-שרייבנדיקע דיכטער אין וואַרשעווער געטאָ. איבער דער אונטערערדישער פּרעסע, וואָס איז דערשינען אין געטאָ און דער פּוילישער שפּראַך, זענען צעוואָרפן אַ סך שאַפונגען אין פּויליש, פּאָעזיע און פּראָזע, וואָס געוויסע פון זיי זענען אין מאָן ענלעך צו שלענגעלס „קאָנטראַטאַקע", הגם זיי זענען געשריבן געוואָרן פריער, אין די יאָרן 1941 און 1942. אין יענער צייט איז נאָך שלענגעל נישט געווען אַזאַ, ווי מיר זעען אים אין דער „קאָנטראַטאַקע" און אין דעם אַריינפיר-וואָרט צום באַנד „וואָס איך האָב געלייענט פאַר די טויטע". דער גרעסטער טייל פון די יונגע פויליש-שרייבנדיקע מחברים פון דער אונטערערדישער פּרעסע זענען שוין אין יאָר 1941 געווען — ווי עס איז קאָנטיק פון זייערע שאַפונגען — אינערלעך-נאָענט צים ווידערשטאַנד-געדאַנק. די אַנאָנימע פויליש-געשריבענע ווערק פון יאָר 1942 ווייזן, אַז די דאָזיקע מחברים זענען געשטאַנען נאָענט צו דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג. זייערע שאַפונגען זענען אַזוי אַרום אַ טייל פון דער ווידערשטאַנד-ליטעראַטור.

צו די בעסטע לידער פון די אַנאָנימע פּוילישע מחברים, פון דער אונטערערדישער פּרעסע, געהערט „די באַסטיליע", דאַטירט אין פעברואַר 1942. דער אויטאָר איז זיכער געווען אַן אינטעליגענט. דאָס ליד פאַרמאָגט אַ ביסל אַ צו געבילדעטע שפּראַך, אָבער עס איז דורכגעדרונגען מיט דעם גענויט פון די געטאָ-אַסורים און עס שלאָגט אָן אין אַ שטאַרקן רעוואָלוציאָנערן טאָן, אין דעם גלויבן, אַז „מאָרגן וועלן די פעלקער ראַטעווען פון אימקים". דער דיכטער דערזעט מיט זיין כוח הדמיון באַריקאַדן, אויסגעשטעלטע דורך די פאַרחלשטע העגט פון די אויסגעמוטשעטע געטאָ-איינוווינער. דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער שלום-אַקאָרד פלעכט אַריין די בינט-בענקשאַפט פון די איזאָלירטע יידן אין דער אַלגעמיינער שטרעבונג פון אַלע רעוואָלוציאָנערער כוחות פון דער מענטשהייט, אין דער בשותפותדיקער שטרעבונג אויפצושטעלן אַ וועלט פון ברידערלעכקייט און אמתער מענטשלעכקייט.

וועגן די רעפּאָרטאַזשן, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין פויליש און וועלכע געפינען זיך אויך אין דער אונטערערדישער פּרעסע, קען מען בדרך כלל זאָגן דאָס זעלבע, וואָס וועגן די יידישע פּראָזע-אַרבעטן אין געטאָ. עס שטעלן זיך אויף פאַר אונדז בילדער פון אויסשמאַכנדיקע געטאָ-גאַסן, פון אַרבעטס-לאַגערן, פון מענטשלעכער סאָלידאַריטעט, וואָס טויכט אויף ווי אַ טייערער שטיין און דעם ים פון ליידן און דערנידעריקונג. אַ באַזונדערס שטאַרקן איינ-

דרוק מאַכט דער עסיי „אַ וואָרט צום סאָוויעטישן זעלנער", [24] וואָס איז אין יאָר 1942 אָנגעשריבן געוואָרן דורכן טוער פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק שמואל ברעסלאַוו. דאָס דאָזיקע „וואָרט" אָטעמט מיט גרויסער ליבשאַפט צו די סאָוויעטישע פּאַטריאָטן, וועלכע האָבן אויף זייער פאָן אויפגעשריבן דעם דערהויבענעם לאָזונג: פאַר אייער און אונדזער פרייהייט.

אַ גרויס אָרט פאַרנעמען אין די פערזן־געשריבענע פּוילישע זאַכן סאַטירישע מאָטיוון, וואָס זענען געווענדעט קעגן יודענראַט, קעגן די שאָפּ־דירעקטאָרן און אַנדערע אינסטרומענטן פון דער היטלעריסטישער פאַרטיליקונג און פאַבריקאַנטישער עקספּלאָאַטאַציע.

אוודאי זענען צווישן די דאָזיקע זאַכן פאַראַן אַ ריי שוואַכע, קינסטלעריש פּרימיטיווע און אינהאַלטלעך נאַיווע שאַפונגען. אָבער נישט די דאָזיקע זאַכן שטעלן פאָר מיט זיך דעם קערן פון דעם פּוילישן שאַפן אין וואַרשעווער געטאָ. אויפן כאַמע אויבן אָן האָבן זיך אַרויסגערוקט די לידער פון וולאַדיסלאַוו שלענגעל, דאָס ליד פון הענריקאַ לאַזאַווערט און די שאַפונגען פון יונגע, לעת־עתה נישט פעסטגעשטעלטע פּאָעטן און פּראָזאַיקער פון דער אונטערערדישער פּרעסע.

צוזאַמען מיט דעם יידישן ליטעראַרישן שאַפן פון געטאָ בילדן די פּוילישע ווערק אַ ווערטפולע ירושה, וואָס איז וויכטיק סיי ווי אַ דאָקומענט פון דער גרויליקער צייט, סיי ווי אַ מערקווירדיקע דערשיינונג אין דער ליטעראַטור. אײַנעם מיט די ווערק פון די יידישע שרייבער האָבן אַ ריי שאַפונגען פון די פּוילישע דיכטער און פּראָזע־שעפער מיטגעהאָלפן אין דער גײַסטיקער אַרבעט פון באַגײַסטערן און אָנרעגן די פאַרבליבענע יידן צום לעצטן און אַנטשיידענעם קאַמף.

[24] „Słowo do żołnierza Sowietów".

## VIII

# די אומגעקומענע שרייבער פֿון לאָדזשער געטאָ און זייערע ווערק

מיר האָבן שוין באַמערקט, אַז דער וויכטיקסטער צענטער פֿון דעם ליטעראַרישן שאַפֿן אין די געטאָס איז געווען וואַרשע. קיין שום געטאָ האָט זיך נישט דערהויבן צו אַזאַ מדרגה פֿון ליטעראַרישן שאַפֿן ווי דאָס וואַרשעווער. די הויפּט־סיבה שטעקט אין דעם כאַראַקטער און פֿאַרנעם פֿון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועלכע איז אין וואַרשעווער געטאָ געווען ברייטער און שטאַרקער ווי אין אַנדערע „יידן־באַצירקן". אַ צווייטע סיבה שטעקט אין דעם פֿאַקט, וואָס אין וואַרשע האָט זיך — און דאָס איז פֿולשטענדיק נאַטירלעך, — קאָנצענטרירט די גרעסטע אין צאָל און באַדייטנדיקסטע אין זין פֿון קינסטלערישער קוואַליטעט גרופּע פֿון יידישע שרייבער.

אָבער אויך אַנדערע געטאָס האָבן פֿאַרמאָגט זייערע צער־ און צאָרן־אויסדריקער, זייערע מקוננים און זייערע אייגנאַרטיקע ליטעראַרישע נאָכוואוקסן: דאָס לאָדזשער געטאָ — שאַיעוויטשן, דאָס ווילנער — הירש גליקן, דאָס קראָקעווער — געבירטיגן. פּונקט ווי אין וואַרשעווער געטאָ אַזוי זענען אויך אין לאָדזשער, ווילנער, ביאַליסטאָקער און לוואָווער אַ סך ווערק פֿון באַקאַנטע און אַנאָנימע מחברים פֿאַרלוירן געגאַנגען, אומגעקומען צוזאַמען מיט זייערע פֿאַרפֿאַסער. צוליב אַ ריי סיבות זענען עטלעכע שרייבער פֿון לאָדזשער געטאָ געבליבן לעבן — מחמת דעם, וואָס דאָס לאָדזשער געטאָ איז ענדגילטיק ליקווידירט געוואָרן צום סאַמע לעצט, ערשט אין אויגוסט 1944 און בעיקר אַדאַנק די ראַשיקע אָפֿענסיוועס פֿון דער רויטער אַרמיי. אויך פֿון ווילנער געטאָ האָבן איינצלנע מחברים איבערגעלעבט — אַדאַנק דער טעטיקייט פֿון די אַרומיקע פּאַרטיזאַנער און דער רעטונגס־אַרבעט פֿון דער סאָוועטישער רעגירונג. אין דעם קאָנטעקסט פֿון אונדזער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג וועלן מיר זיך ספּעציעל מיט די שאַפֿונגען פֿון די יחידים אָפּגעראַטעוועטע שרייבער נישט פֿאַרנעמען, ווייל, ראשית, נייט

דאָס ארויס פון די ראַמען פון אַנדערע אַרבעטן, וועלכע איז געווידמעט די אומגעקומענע שרייבער, והשגות — אַ סך פון זיי האָבן נאָך דער באַפרייונג פאַרעפנטלעכט זייערע ווערק, אָפט אין אַ איבערגעאַרבעטן אופן.

ווען מיר האָבן דערמאָנט דאָס ליטעראַרישע שאַפן פון לאָדזשער געטאָ, האָבן מיר אויסגערעכנט, ווי דעם וויכטיקסטן פאָרשטייער, שאַיעוויטשן. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז דער דאָזיקער מחבר איז כולל אין זיך דאָס עיקרדיקע און כאַראַקטעריסטישע פון דער ליטעראַרישער שאַפונג פון לאָדזשער געטאָ. נאָך וואַרשע איז לאָדזש געווען דער צווייטער גרעסטער צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור און אָקופּירטן פּוילן. אמת, אין לאָדזש האָט איבערגעוויגן דער יינגערער עלעמענט. אָבער סיי דער פאַקט, וואָס אין לאָדזשער געטאָ האָט עקזיסטירט אַ קאָנצענטרירטע ליטעראַרישע גרופּע, סיי די צאָל שרייבער, וואָס האָבן זיך אין „ליצמאַנשטאַטער" געטאָ געפונען — זענען אַ גענוגנדיקער באַווייז, אַז דאָ איז געווען דער צווייטער ליטעראַרישער צענטער נאָך וואַרשע.

אין לאָדזשער געטאָ האָבן זיך געפונען די פאָלגנדיקע שרייבער:

אַבראַמאָוויטש אסתר, אוליאַנאָווער מרים, איצינגער ישראל-בער (אַלטער שנור), בוגין ש. ד., בערמאַן (גראַף קאַלי), בערנשטיין ש., בריקס ירחמיאל, גאַרפינקעל פעליקס, גוטערמאַן בער, גליקסבערג הערש, גערשט י., האָפמאַן אַלטער, וואָלינסקאַ רחל, וואָלמאַן משה, זעליקאָוויטש יוסף, יאַכימאָוויטש אברהם, יאַנאָווסקי שמעון, לייזעראָוויטש י., לעווי הינדע, מאַנספעלד, סאַנעק משה, פאַבריקאַנט ב. (העברעיישער שרייבער), פּאַטשיאָרעק אברהם, פראַנקענטאַל מאָטל, ראָזענפאַרב חוה, שאַיעוויטש שמחה-בונים, שפּיגל שאַיע (ישעיהו), קוויאַטקאָווסקאַ ריווע;[1] און די זשורנאַליסטן: ש. ראָזענשטיין און אַנדערע.

אין דער דאָזיקער רשימה געפינען זיך נעבן אַלט-באַקאַנטע שרייבער (למשל: מרים אוליאַנאָווער) — יינגע און אויך אָנפאַנגער, אַזעלכע, וואָס האָבן גענומען שרייבן ערשט אין געטאָ (למשל: רחל וואָלינסקאַ), אָדער אַזעלכע, וואָס ערשט אין געטאָ איז זיך זייער טאַלאַנט צעוואַקסן און זיי זענען אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור קודם-כל ווי דיכטער פון דער געטאָ-צייט (למשל: שמחה-בונים שאַיעוויטש). עס געפינען זיך אויף דער רשימה אי רעוואָלוציאָנערע שרייבער (למשל: פעליקס גאַרפינקעל, אַלטער האָפמאַן, הערש גליקסבערג), אי דיכטער, וואָס זענען געקומען פון ווייטע סביבות און האָבן זיך אין די געטאָ-באַדינגונגען ראַדיקאַליזירט און אַקטיוויזירט (למשל: ישראל-בער איצינגער). מיר האָבן דאָ

[1] די דאָזיקע רשימה איז מסתמא נישט קיין פולע. דעם ערשטן פּרוּוו צונויפצושטעלן אַ רשימה פון די יידישע שרייבער (און קינסטלער א.אַ.וו.) פון לאָדזשער געטאָ האָט בשעתו געמאַכט דער היסטאָריקער א. אייזענבאַך. אונדזער רשימה איז אַ ברייטערע, אָבער — דוכט זיך — נאָך אויך נישט קיין פולע.

אויך אזעלכע, וואָס האָבן זייער פּען פאַרקויפט דעם רומקאָווסקי־רעזשים (למשל: „גראַף קאַלי“, ש. ראָזענשטיין). צוזאַמען מיט עכט־טאַלענטירטע שרייבער זענען מיר אויף דער רשימה אויך שוואַכע ליטעראַטן.

דער ווייט גרעסטער טייל פון די אויסגערעכנטע שרייבער איז אומגעקומען.

פּונקט ווי אין וואַרשעווער געטאָ איז אויך צווישן די יידישע ליטעראַטן אין „ליצמאַנשטאַט“ געקומען צום אויסדרוק אַ בולטע שייד־ליניע: פון איין זייט — אַ קליינינקע גרופּקע שרייבער, וואָס האָבן פאַרלייקנט און פאַרשוועכט די שרייבערישע שליחות און זענען געוואָרן די טרובאַדורן פון דעם סאַמע עקל־דיקסטן פאַרשטייער פון יודענראַטישן פאַראַט — פון מרדכי־חיים רומקאָווסקי, דעם „עלטסטן“ און „פּרעזעס“ פון „ליצמאַנשטאַטער“ געטאָ; פון דער צווייטער זייט: דער ווייט גרעסטער טייל, דער עיקרדיקסטער טייל פון די שרייבער, וועלכע האָבן אין די דעמאָראַליזירנדיקע באַדינגונגען פונעם רומקאָווסקי־רעזשים, אין די שווידערלעכע אומשטענדן פון הונגער און גירושים, געהאַלטן הייליק דאָס יידישע וואָרט און געשריבן אַזוי, ווי עס האָט דיקטירט דאָס געוויסן פון אַ שרייבער אַ שליח־ציבור.

עס האָט אַמאָל אַ געוויסער פאָרשער פון אונדזער חורבן־ליטעראַטור באַצייכנט דאָס ליטעראַרישע שאַפן פון לאָדזשער געטאָ ווי אַ הויף־ליטעראַטור, ווי אַ „ירום־הודו־ליטעראַטור“ פון רומקאָווסקיס רעזשים. די דאָזיקע באַצייכענונג איז דורכויס אַ פאַלשע. דער דאָזיקער פאָרשער האָט געזען איינצלנע דערשיינונגען, אָבער ער האָט נישט דערבליקט די שייד־ליניע. ער האָט אפשר — אַ חוץ די געציילטע פאַרשטייער פון דער הויף־ליטעראַטור — געזען נאָך עטלעכע, וואָס האָבן זיך געוואַקלט צווישן די יודענראַט־באַזינגער און דער אמתער פאָלקס־טרייער שאַפונג. אָבער די לעצטע און איר באַדייטונג האָט ער, ווייזט אויס, פאַרלאָרן פונעם אויג.

אוודאי, אַזעלכע טענער, ווי אין דער ליטעראַטור פון וואַרשעווער געטאָ הערן מיר נישט אין לאָדזש. מיר מיינען פונדעסטוועגן, אַז ביי געוויסע לאָדזשער שרייבער זענען אַזעלכע טענער יאָ געווען, אָבער זייערע ווערק זענען אַוועק אין אומקום צוזאַמען מיט די מחברים. אָט ווייסן מיר, אַז עס זענען געווען שעפעריש די לאָדזשער דיכטער פעליקס גאַרפינקעל, אלטער האָפמאַן און הערש גליקס־בערג, אַלע דריי קאָמוניסטן, טוער פון דער אונטערערד און אין לאָדזשער געטאָ. צום באַדויערן זענען זייערע שאַפונגען נישטאָ. אָבער פון די דערציילונגען פון עדי־ראיה הערן מיר וועגן זייער לעבן און שאַפן אין אונטערערד פון רומקאָווסקיס אומהיימלעכער מלוכה. אָט גיט איבער די קאָמוניסטישע טוערין פון לאָדזשער געטאָ־אונטערערד הינדע בעאַטוס די פאָלגנדיקע אינפאָרמאַציעס וועגן פעליקס גאַרפינקעל:

„דער יידישער דיכטער פּעליקס גאַרפינקעל איז געווען אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיוו פון דער צווישנפּאַרטײענס=קאָמיסיע.[2] אין יאָר 1942 איז ער געווען אַרעסטירט. אין משך פון דער גאַנצער צייט פון דער געטאָ=עקזיסטענץ האָט ער געשריבן לידער אויף ביבולקע=פּאַפּיר. ער האָט געקאָנט אויסנווייניק די יידישע און רוסישע ליטעראַטור. ער איז געווען אַ פלאַמיקער אָנהענגער פון דעם האַנט=פאַרבאַנד... ווען מען האָט אונדז דעפּאָרטירט קיין אָשוויענטשים, האָט ער אין האַנט געהאַלטן אַ פּעקל פון זײנע כתבים. בשעת מען האָט בײ אונדז אַלץ צוגענומען, האָט זיך גאַרפינקעל געווענדעט צו אײנעם אַ ייד, אַ מיטגליד פון דער מאַנשאַפט: „איך בין אַ יידישער דיכטער. איך האָב דאָ בײ זיך מײן גאַנץ לעבן. איך וויל, דאָס זאָל בלײבן“. יענער האָט אים ברוטאַל געענטפערט: „רב ייִד, איר ווייסט, ווו איר זענט? אין אוישוויץ זענט איר“. און ער האָט אַרויסגעריסן בײ גאַרפינקלען די לידער און אַ וואָרף געטאָן אויפן שטויס זאַכן. דער דאָזיקער מאָמענט איז בײ גאַרפינקלען געווען די גרעסטע טראַגעדיע פון זײן לעבן“.[3]

אַ צווייטער עדות, ריווע קוויאַטקאָווסקאַ, גיט איבער וועגן דעם זעלביקן דיכטער אָט=וואָס: „פּ. גאַרפינקעל האָט אין געטאָ געשריבן רעוואָלוציאָנערע לידער און פּאָעמעס. אײנע פון די שטאַרקסטע איז געווען די פּאָעמע „רעוואָלוציע“. דאָס איז געווען אַ וויזיע. גאַרפינקעל האָט געחלומט, זי זאָל ווערן אינצעניזירט. לײדער, איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים. אין געטאָ האָט ער געלעבט אין מוראדיקע באַדינגונגען. פונדעסטוועגן האָט ער געשאַפן פון ערשטן טאָג ביזן לעצטן“.[4]

דער שניידער=אַרבעטער און קאָמוניסט אַלטער האָפמאַן, וועלכער האָט זיך שוין פאַר דער מלחמה געשאַפן אַ פּאָזיציע מיט זײנע אינטערעסאַנטע נאָוועלן, האָט אין געטאָ געשריבן דערציילונגען. ווי מיר הערן, זענען זיי געווען אָנגעלאָדן מיט סאָציאַלער ברויזונג. אָבער זיי זענען אויך פאַרשוווּנדן, אַזוי ווי גאַרפינקעלס לידער און פּאָעמעס.

דער דריטער, הערש גליקסבערג, האָט אין געטאָ אָרגאַניזירט — ווי עס געבן איבער עדי=ראיה — אַ ליטעראַרישע גרופּע, וועלכע איז געווען דורכגענומען מיט פּראָגרעסיווע אידעען. אין גליקסבערגס ווערק — דערציילן עדות — האָבן געקלונגען טענער פון קאַמף. לײדער, איז אויך דאָס פאַרלוירן געגאַנגען.

---

[2] באַלד תחילת דער אָקופּאַציע האָבן די קאָמוניסטן אין לאָדזשער געטאָ אָרגאַניזירט אין אונטערערד פּראָפעסיאָנעלע פאַרײנען און געשאַפן אַ רעוואָלוציאָנערע אָנפירונג אונטערן נאָמען: עקזעקוטיוו פון דער צווישנפּאַרטײענס-קאָמיסיע.

[3] אַרכ. ייה״א, ג״ע נ׳ 3130.

[4] פון אַ בריוו פון 16-טן יאַנואַר 1950.

בולטע טענער פון קאַמף קלינגען אויך אין די פּרימיטיווע שאַפונגען פון צענדליקער פאָלקס־שרייבער, באַקאַנטע און אַנאָנימע, וואָס א טייל פון זיי איז געפונען געוואָרן אין פאַרשיידענע ערטער פון לאָדזשער געטאָ נאָך דער באַפרייונג, אָדער זענען רעסטיטואירט געוואָרן דורך לעבן־געבליבענע עדות. די אָריגינאַלן אָדער אָפּשריפטן פון די דאָזיקע שאַפונגען ליגן אין ארכיוו פון ייִד. היסטאָרישן אינסטיטוט.

די צענטראַלע פיגור אין דער יידישער ליטעראַרישער סביבה אין לאָדזשער געטאָ איז געווען די באַקאַנטע דיכטערין מרים אוליאַנאָוויטש. הגם זי האָט גאָר ווייניק געשריבן, האָט זיך דאָך אַרום איר קאָנצענטרירט, ווי עס גייט איבער אַן עד־ראיה,[5] דער רוב שרייבער. אפשר האָט די סיבה פון אוליאַנאָווערס ווייניקן שאַפן געשטעקט אין דעם פאַקט, וואָס זי האָט כסדר געקרענקט. אָבער אויך פון דעם ווייניקן איז גאָרנישט געבליבן. אין מרים אוליאַנאָווערס אָרעמער שטוב איז געגרינדעט געוואָרן דער שרייבער־קרייז, ארום וועלכן עס האָט זיך געזאַמלט אלדאָס געזונטע פון דער יידישער ליטעראַרישער סביבה אין לאָדזש.

אוליאַנאָווערס קרייז, צו וועלכן עס האָבן געהערט סיי גאַרפינקעל און האָפּמאַן, סיי אַנדערע ערלעכע דיכטער, דראַמאַטורגן און נאָוועליסטן, האָט רעפּרעזענטירט די אמתע יידישע ליטעראַטור — אין קעגנזאַץ צו דעם צענטער פון דיווערסיע, וועלכן עס האָבן געשאַפן רומקאָווסקיס מקורבים.

דער פּאַרטעטער, מערדער און רעגענראַט רומקאָווסקי האָט — פּונקט ווי גאַנצוויך אין וואַרשע און ווי גענס אין ווילנע — אָפּעריִרט מיט „נאַציאָנאַלער" פּראָוואָקאַציע און זיך דערקלערט פאַר א פריינד פון יידיש. ער האָט געוואָלט נעמען צו הילף יידיש פאַר זיין פאַרברעכעריש־קאָלאַבאָראַנטישער ארבעט. אין זיין „געטאָלע" — פלעגט ער זאָגן, — וועט עקזיסטירן און געראַטעוועט ווערן די יידישע שפּראַך. אזוי ארום האָט ער געשטרעבט דורך אזא דיווערסיע צו פאַרשטאַרקן די פאַרפירערישע און שעדלעכע אילוזיעס ביי דער יידיש־רעדנדיקער באַפעלקערונג. דעם „אָפּיציאָז" — די „געטאָ־צייטונג" — האָט ער ארויסגעגעבן אין יידיש. דער דאָזיקער „אָפּיציאָז", ווי אַלץ איז גערעדט געוואָרן בלשון „איך" (איך — רומקאָווסקי), האָט זיך נישט באַגרענעצט צו „אינפאָרמאַציע, פאַראָרדענונגען און באַקאַנטמאַכונגען" — ווי עס האָט געלויטעט דער אונטערקאָפּ פון דער „געטאָ־צייטונג" — נאָר האָט געפירט אַן אגיטאַציע פאַר גוטער ארבעט לטובת דעם אָקופּאַנט און אָפּן שאַנטאַזשירט און טעראָריזירט די האַרטנעקיקע יידן. אינעם פראָגראַם פון רומקאָווסקיס „געטאָ־צייטונג", אינעם נומער 1 פון 7־טן מערץ 1941, ווערט געזאָגט אַט וואָס:

---

[5] דאָרטן.

„די „געטאָ=צייטונג“ וועט נישט צולאָזן, אַז די פאַרשידענע בייזוויליקע העצער און רכילות=טרייבער זאָלן קאָנען פאַרשפּרייטן אומפאַראַנטוואָרטלעכע ידיעות, וואָס זענען עלול אַריינצוברענגען אַ כאַאָס און אימרו צווישן דער באַפעלקערונג“.

די „בייזוויליקע העצער“ און די „רכילות=טרייבער“ זענען געווען די אָרגאַניזאַטאָרן פון די שטרייקן, פון דער באַוועגונג „אַרבעט פאַמעלעך“, די, וועלכע רומקאָווסקי און זיין בלוטיקער פריינד גערטלער האָבן פאַרשיקט קיין כעלמנאָ, אין דעם ערשטן טויט=לאַגער אויפן שטח פון אָקופּירטן פּוילן, אָדער קיין אָשווינטשים; דאָס זענען געווען די, קעגן וועלכע דער „פּרעזעס“ האָט גערופן געסטאַפּאָ.

עס איז אין לאָדזשער געטאָ געווען אַ גאַנצע רומקאָווסקי=ליטעראַטור. דער לוח, וואָס דער „פּרעזעס“ האָט געהייסן אַרויסגעבן, איז פול געווען מיט די „געדאַנקען“ און „לאָזונגען“ פון דעם רעגענערירטן דיקטאַטאָר בחסד אָקופּאַנט. אַ הייפל פאַרקויפטע פען=לייט, יידישע און דייטש=שרייבנדיקע (פון צווישן די דייטשישע יידן, וואָס זענען „איינגעזידלט“ געוואָרן אין „ליצמאַנשטאַטער“ געטאָ) האָט באַזונגען דעם בלוטיקן זקן און אים אָדעס און ביאָגראַפיעס, אבי צו כאַפּן אַ צוגאָב=טאַלאָן, אָדער אַ נעבעכדיקן פּאָסטן.

צווישן די דאָזיקע בדרך כלל גראַפאָמאַנישע הויף=זינגער טיילן זיך אויס צוויי, וואָס האָבן אַמאָל געהאַט אַ שייכות מיטן געשריבענעם יידישן וואָרט: דער זשורנאַליסט שמואל ראָזענשטיין און דער הומאָריסט בערמאַן (גראַף קאלי). ראָזענשטיין, דער אַמאָליקער לאָדזשער קאָרעספּאָנדענט פון „היינט“, איז געווען רומקאָווסקיס פּרעסע=רעפערענט און דער רעדאַקטאָר פון דער „געטאָ=צייטונג“. ער איז עס געווען דער פאַקטישער מחבר פון אַלע „אינפאָרמאַציעס“ און „אַרטיקלען“, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן בלשון „איך“ אין רומקאָווסקיס נאָמען. און עד=ראיה שטרייכט אונטער, אַז ראָזענשטיין „האָט זיך געקאָנט געשיקט אַריינפּאַסן אין סטיל און אין טאָן פון רומקאָווסקין און שרייבן ווי רומקאָווסקי טראַכט און רעדט“.[6]

ראָזענשטיין איז אָבער נישט געווען בלויז אַן אויטאָמאַטישער אויספירער פון רומקאָווסקיס „פּובליציסטיק“. ער איז געווען דער מחבר פון דער גאַנצער גאַל=שלאָגנדיקער אַפּאָלאָגיע פון „חיים דעם ערשטן“, ער האָט צוגעשטעלט די נעמען פון די פאַרזינדיקטע יידן, וועלכע מען האָט בפרהסיה פאַרעפנטלעכט אין דער שמאַטע=צייטונג. ער האָט עס געטרומייטערט וועגן דעם געבורטס=טאָג פונעם „פּרעזעס“, וועלכער איז געקומען ווי אַ משיח אויסלייזן די יידן. אין דער דאָזיקער נידעריק=געפאַלענער אַרבעט האָבן זיך אויך באַטייליקט געוויסע יידישע

[6] ישראל טאַבאַקסבלאַט: „חורבן לאָדזש“, ז' 86.

פלאַסטיקער, וועלכע האָבן געמאָלט בילדער, וואָס שטעלן פאָר רומקאָווסקין ווי דעם טאַטן פון געטאָ, ווי דעם זאָרגער פאַר יתומים און באַשיצער פון אלמנות. צום זכות פון א טייל פון די דאָזיקע קינסטלער, למשל יצחק ברוינער, זאָל געזאָגט ווערן, אז איינציייטיק האָבן זיי געמאָלן אויך דעם גרויל פון געטאָ.

שמואל ראָזענשטיין האָט איינצייטיק געפירט דעם אָפיציעלן „טאָגבוך" פון געטאָ, ווו ער האָט פאַרשריבן אלע „מעשים טובים" פון מרדכי־חיים רומקאָווסקי. ער באַשרייבט מיט אלע פיטשעווקעס דעם מיזאַמען „ארבעטס־טאָג" פון „פרעזעס". און ווען רומקאָווסקי האַלט אַ רעדע אין אַ וואַרשטאַט, פאַרצייכנט ראָזענשטיין:

„די גאַנצע רעדע איז געווען אדורכגעדרונגען מיט א געפיל פון גרויס אַחריות, וואָס די געשיכטע האָט אויף אים אַרויפגעלייגט אין דער שווערע צייט".

ראָזענשטיין האָט מיט אלע כוחות אונטערגעשטיצט און געפרעדיקט דעם הויפט־לאָזונג פונעם קאָלאַבאָראַנט רומקאָווסקי: „דאָס איינציקע, וואָס קען אונדז אויפהאַלטן, איז — אַרבעט".

נאַטירלעך, זענען אין ראָזענשטיין־רומקאָווסקיס „טאָגבוך" פאַראַן אַ סך אינטערעסאַנטע פרטים וועגן דעם געטאָ־לעבן. אַ וויכטיקער דאָקומענט איז די באַשרייבונג פון דעם שמועס הימלער־רומקאָווסקי דעם 6־טן יוני 1941, ווען דער שעף פון דער היטלערישער פאָליציי און דער הויפט־הענקער פון די אונטערדריקטע פעלקער האָט באַזוכט דאָס לאָדזשער געטאָ.

הימלער איז געזעסן אין אַן אָפענער מאַשין. פאַר אים איז געשטאַנען רומקאָווסקי. ארום אים האָבן זיך געפונען די היטלעריסטישע גדולים פון הימלערס סוויטע און פון „ליצמאַנשטאַט".

אָט ווי עס האָט אויסגעזען דער געשפרעך, וועדליק עס האָט פאַרשריבן אינעם „טאָגבוך" ראָזענשטיין:

— „ווי גייט עס אייך דאָ? — פרעגט ה' הימלער.

— מיר אַרבעטן און בילדן דאָ אן ארבעטס־שטאָט.

— און ווי גייט די ארבעט דאָ?

— כ'מיין נישט שלעכט. זי וועט נאָך האָפנטלעך בעסער זיין. איך טו אַלץ אום צו פאַרגרעסערן און פאַרבעסערן די ארבעט. מיין דעוויז איז: ארבעט, רו און אָרדענונג.

— ארבעט אויך ווייטער צום גוטסטן פון אייערע ברידער אין געטאָ און דאַן וועט אייך גוט זיין".

הימלער — א פריינד פון די יידן — אזוי קומט ארויס דער געשפרעך פון דעם הענקער מיט זיין אַגענט — אין דעם „טאָגבוך", אָנגעשריבן מיט די הענט פון א יידישן זשורנאַליסט.

לאָמיר פאַרגלייכן די דאָזיקע סצענע מיט אן אַנדער בילד פון הימלערס באַזוך — אין ווארשעווער געטאָ, דעם ניינטן יאַנואַר 1943, לויט דער באַשרייבונג פון דער אונטערערדישער אַנטיפאַשיסטישער צייטשריפט „וויאַדאָמאָשטשי“. א ליידיקער ראַיאָן, אַן אַטמאָספער אָנגעלאָדן מיט פולווער האָט אויפגענומען דעם אייבער־תליין.[7] ווי אַנדערש זענען פאַרצייכנט געוואָרן הימלערס באַזוכן אין דער אונטערערדישער פרעסע פון ווארשעווער געטאָ, און — אין ראָזענשטיינס „טאָגבוך“.

ראָזענשטיין איז נישט געווען דער איינציקער הויף־זינגער. אזא „גראַף־קאַלי“ האָט זיך מסתמא געוועזן אויף אייביק מיט צוויי לידער „דוד גערטלער“ — א לויב־געזאַנג לכבוד דעם בלוטיקן מערדער און געסטאַפּאָ־אַגענט גערטלער, וואָס איז טויזנט מאָל פאַרשאָלטן געוואָרן דורך דער יידישער מאַסע פון לאָדזשער געטאָ.

ביידע לידער זענען געפונען געוואָרן אויפן שטח פון לאָדזשער געטאָ נאָך דער באַפרייונג און זיי זענען איצט פאַראַן אינעם אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט. דער טעלער־לעקער בערמאַן („גראַף קאַלי“) רעכנט אויס אין גראַמען אַלע טובות, וואָס דער אויסוואָרף גערטלער האָט געטאָן די יידן אין געטאָ און בפרט דעם פאַקט, וואָס דער דאָזיקער געטאָ־שאַפּשאָוויטש האָט געראַטעוועט ספר־תורות. פאַרן געבעבדיקן „באַקשיש“, וואָס דער מאָראַליש־אָראָפּגעזונקענער שמירער האָט מסתמא באַקומען פון דעם באַזונגענעם דורך אים גענגסטער, האָט „גראַף קאַלי“ פאַרענדיקט זיין „אָדע“ מיט אַזוינע חניפה־ווערטער:

„לעבן זאָל ה' דוד גערטלער,
וואָס האָט כאַראַקטער ווי בריליאַנט,
און דער עיקר געבן צדקה
האָט ער דאָן א לייכטע האַנט“.

„גראַף קאַלי“ פאַרזיכערט אינעם צווייטן „ליד“ די געטאָ־אסורים, אַז מיט אַזאַ גערטלער „קאָנען רואיק שלאָפן יידן“.

בערמאַן („גראַף קאַלי“) האָט מיט דער ברייטער האַנט געשאָטן לויב־געזאַנגען פאַר אַלע גדולים פון געטאָ — פאַרן פרעזעס רומקאָווסקין, פאַרן „אַפּראָוויזאַציע־מיניסטער“ שמשענשליווי און פאַר זייערע פאַרברעכערישע בוזעם־פריינד (די אַלע דאָקומענטן פון שאַנד געפינען זיך אין די זאַמלונגען פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט).

---

[7] פאַרגלייך:
B. Mark: „Powstanie w getcie warszawskim“, Warszawa, 1953, str. 138.

דאכט זיך, אז נידעריקער ווי „גראף קאלי“ איז געפאלן זעלטן ווער פון די פארקויפטע פען־מענטשן אין די געטאָס.

ווען מיר אַנאַליזירן די לאַגע אין לאָדזשער געטאָ, קומען מיר צום אויספיר, אז קיין שום געטאָ איז נישט געווען אזוי „גלייכגעשאַלטעט“, אזוי אריינגענומען אין די אייזערנע צוואַנגען פון די איגערלעכע אַגענטן פונעם אָקופּאַנט, ווי דאָס לאָדזשער. רומקאָווסקי האָט אַלץ געהאַלטן פעסט אין די הענט. דאָס גאַנצע לעבן אין געטאָ איז — מיט דער הילף פון דער היטלעריסטישער פּאָליצײַ — געוואָרן דורך רומקאָווסקין און זיינע מקורבים אזוי געפּענטעט, אז אָן דער דערלויבעניש פון די דאָזיקע פּארעטעער־מיטן „עלטסטן“ בראש האָט קיין שום מענטש אין געטאָ נישט געקאָנט עקזיסטירן. צו דעם קומט נאָך צו דער מאָמענט, וואָס קיין שום געטאָ איז נישט געווען אזוי הערמעטיש פארמאַכט, ווי דאָס לאָדזשער. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן נישט אלע שרייבער געקאָנט אויסהאַלטן, און ווען געוויסע פון זיי האָבן געדאַרפט עפּעס פועלן פאר זיך, צי פאַר דער משפּחה, האָבן זיי געמוזט אָנקומען צו רומקאָווסקין, אָדער צו עמעצן פון זיין סוויטע. נישט געקוקט אויף דעם, זעען מיר ווייניק פאלן פון ווענדונגען מצד שרייבער צום סאַדיסטישן דיקטאַטאָר. מיר האָבן געפונען בלויז א נאָטיץ פון אזא ווענדונג סיי צו רומקאָווסקין, סיי צו געהעלערן צווישן די פּאַפּירן פון דעם מאָלער און פּאָעט י. לייזעראָוויטש — אַ ביטע וועגן באַשטעלונגען אויף בילדער. צי האָט דער מחבר געשיקט די ביטע, אָדער בלויז אָנגעוואָרפן פאר זיך, ווייסן מיר נישט. פון דער נאָטיץ דערווייסן מיר זיך וועגן דעם טרויעריקן מצב פון די קינסטלער אין געטאָ — א חוץ די מאָלער, וואָס באַקומען באַשטעלונגען. י. לייזעראָוויטש האָט זיך בכלל געפונען אין א שטארקער גייסטיקער דעפּרעסיע. סיי אין די צעוואָרפענע נאָטיצן, סיי אין די קוים־לייענבאַרע לידער פון י. לייזעראָוויטש גייט אדורך איין הויפּט־מאָטיוו: „מיין לעבן איז שוין קיין לעבן נישט“. לייזעראָוויטשעס לידער זענען אויסטערלישע, האַלב־מיסטישע, אָפט אומפארשטענדלעכע. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי דער מחבר לייגט אויף א כסדרדיקן נערוון־שאָק, ווי דאָס וואָלטן געווען משוגעדיקע האַלוצינאַציעס. די לידער ווייען מיט א שטימונג פון טויט, מיט שוואַרצע וויזיעס פון תלינים, גיליאָטינעס, שדים. אַזוי אַרום האָט געקאָנט אין אַזאַ שטימונג אויפקומען דער געדאַנק פון ווענדן זיך וועגן הילף און באַשטעלונגען צו רומקאָווסקין און נערוועלערן.

עס זענען מסתמא געווען נאָך אַזעלכע ווענדונגען און אפשר אויך לויבלידער פאר די געטאָ־גדולים. עס זאָגט וועגן דעם עדות דאָס וויטער־ציטירטע ליד פון אַ יונגן דיכטער פונעם געטאָ. וואָרום דער ביישפּיל ראָזענשטיין און „גראף קאַלי“ האָט דעמאָראַליזירט. אָבער דער רוב שרייבער האָט, נישט גע־

קוקט אויף אַלץ און אַלעם, זיך געהאַלטן ווירדיק. די דאָזיקע שטעלונג קומט צום אויסדרוק אין א ליד, וואָס איז געפֿונען געוואָרן צוזאַמען מיט לייזעראָוויטשעס נאָטיצן ערגעץ אין א לאָך אויפֿן שטח פֿון לאָדזשער געטאָ; דאָס ליד הייסט: „מיינע קערנער“.[8] מיר לייענען דאָרטן אָט וואָס:

איך וועל מיינע הענט נישט איינטונקען אין שמוץ.
כ'וועל נישט טאַנצן מה-יפֿית-טענץ.
כ'וועל פֿאַר קיין געלט נישט פֿאַרקויפֿן מיין גייסט,
כדי מיין מאָגן אָנצושטאָפּן צו זעט.
ווי איך, איר שענדערער —
לידער-שרייבער צו דריי מאַרק“.

מיינע לידער, מיינע קערנער — זאָגט דער דיכטער — זענען אַנדערע.

אויף אן ענלעכן אופֿן האָט אויך רעאַגירט דער שרייבער שמעון יאַנאָווסקי, וועלכער איז פֿאַר דער מלחמה געווען באַקאַנט מיט זיינע סאַטירישע און הומאָריסטישע שאַפֿונגען. אין א ליד, וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט און געפֿינט זיך — דוכט זיך, אין אן אָפּשריפֿט — אין ארכיוו פֿון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, גיסט אויס יאַנאָווסקי זיין *גאַנץ פֿאַרביטערט* האַרץ אויף די קעפּ פֿון די באָלוקה-פֿיינטלעכע עלעמענטן. דאָס ליד טראָגט דעם כאַראַקטעריסטישן טיטל: „א מאַנצעניש אויף אייערע קעפּ“.

אינעם ליד „מיינע קערנער“ שפּיגלט זיך אָפּ די דעצידירטע שייד-ליניע אין דער ליטעראַרישער סביבה פֿון לאָדזשער געטאָ. עס זענען געווען צוויי זייטן פֿון דער באַריקאַדע: „גראַף קאַלי“, ראָזענשטיין און די „לידער-שרייבער צו דריי מאַרק“ פֿון איין זייט, און גאָרפֿינקעל, האָפּמאַן, גליקסבערג, בכלל דער אָליאַנאָווער-קרייז צוזאַמען מיט די יונגע — פֿון דער צווייטער. עס איז אָבער אין לאָדזשער געטאָ אויך געווען דער טיפּ וואַקלדיקע, וועלכע זענען געזעסן מיט איין פֿוס אויף דער זייט באַריקאַדע און מיט דעם צווייטן פֿוס אויף דער אַנדערער זייט. אין קעגנזאַץ צו די שרייבער, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אומלעגאַל, האָט דער דאָזיקער טיפּ געלעבט מיט א מאַראַנען-לעבן. אויסערלעך געשריבן אין א לאָיאַלן גייסט, אָבער בשתיקה, פֿאַר זיך, געשאַפֿן דאָקומענטן פֿון שטאַרקער באַשולדיקונג סיי קעגן דעם אָקופּאַנטישן רעזשים, סיי קעגן דער מאָרעטערישער יודענראַטיש-פּאָליציייִשער קליקע. א טיפּישער פֿאָרשטייער פֿון דעם מין ליטעראַרישן שאַפֿן אין לאָדזשער געטאָ, פֿון א טאָפּלטן שרייבער-לעבן איז יוסף זעליקאָוויטש. אין וואַרשעווער געטאָ האָבן מיר אין דער ליטעראַרישער

[8] וואַרשיינלעך איז דער מחבר פֿונעם ליד געווען דער יונגער דיכטער ירחמיאל בריקס.

סביבה און דערשיינונג נישט באַמערקט. דאָס איז אַ ספּעציפֿיש געוויקס פֿון די באַדינגונגען, וועלכע עס האָט געשאַפֿן רומקאָווסקי.

יוסף זעליקאָוויטש איז פֿאַר דער מלחמה געווען באַקאַנט ווי אַ מחבר פֿון אָפּהאַנדלונגען וועגן דערציִונג. אין געטאָ האָט ער געפּרוּווט שרײַבן לידער און דערציילונגען. אָבער די פּרוּוון זענען — ווי עס האַלט אַן עד-ראיה — געווען נישט קיין געלונגענע. איבעריקנס, האָבן מיר נישט די דאָזיקע שאַפֿונגען אין אונדזער רשות, און דעריבער איז שווער צו אורטיילן. דאַקעגן זענען געבליבן זעליקאָוויטשעס רעפּאָרטאַזשן און זײַן כראָניק, וועלכע געפֿינען זיך אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. אין די דאָזיקע חיבורים קומט צום אויסדרוק דאָס טאָפּל-לעבן פֿון דעם מחבר.

די רעפּאָרטאַזשן, אין וועלכע עס ווערן געשילדערט די אַרבעט-רעסאָרטן אין לאָדזשער געטאָ, זענען געשריבן געוואָרן אויף באַשטעלונג. דער „פּרעזעס" רומקאָווסקי האָט זיך געוואָלט אויפֿשטעלן אַ דענקמאָל, געוואָלט פֿאַראייביקן זײַנע פּיתום-ורעמסס-אויפֿטוען סײַ אין דער פּלאַסטישער קונסט, סײַ אין דער ליטעראַטור. זעליקאָוויטש האָט — פּונקט ווי אַ ריי פּלאַסטיקער — די באַשטעלונג אָנגענומען. די בילדער פֿון דער אַרבעט אין די רעסאָרטן ווערן אַרויסגעבראַכט אין אַ גוטן ייִדיש, זיי גיבן אַ שלל מיט אָבסערוואַציע-מאַטעריאַל, אָבער זייער הויפּט-ציל איז: לויב פֿאַרן „גרויסן" אָרגאַניזאַטאָר און „רעטער" רומקאָווסקי. אמת, דאָ און דאָרטן רײַסט זיך אַרויס אַ שאַרפֿער אַנטיהיטלעריסטישער טאָן, אָבער דער דאָזיקער פּרט ווערט אײַנגעוויקלט אין דער „גרויסקייט" פֿון רומקאָווסקיס אויפֿטוען. אין אַזוי אַרום ווערט ער פֿאַרלוירן. פֿון שטאַנדפּונקט פֿון פֿאָרשן דאָס געטאָ-לעבן שטעלן פֿאָר די דאָזיקע רעפּאָרטאַזשן אַ באַשטימטן אינטערעס, פּונקט ווי יעדע באַשרײַבונג פֿון יענער צײַט. אָבער זעליקאָוויטש נעמט אָפֿט שטעלונג — נישט קעגן רומקאָווסקין, נאָר לטובת דעם דאָזיקן סאַדיסטישן אונטערדריקער פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. זעליקאָוויטש גיט זײַן הסכמה אַפֿילו אויף אַ ריי משוגענע אײַנפֿאַלן פֿון דעם דעגענערירטן דעספּאָט. ער באַשרײַבט, למשל, רומקאָווסקיס „חתונה-רעפֿאָרם". דער „פּרעזעס" האָט אײַנגעפֿירט אַ נײַעס: ער האָט באַשלאָסן, אַז חופּה וקידושין קען געבן נאָר ער אַליין — רומקאָווסקי. און זעליקאָוויטש שטימט צו, ער שרײַבט, אַז די „רעפֿאָרם" איז אַ ריכטיקע, ער לויבט זי, לויבנדיק אַזוי אַרום איינע פֿון רומקאָווסקיס אויסטערלישע משוגעתן.

אין דער זעלביקער צײַט, ווען זעליקאָוויטש האָט מיטגעשאַפֿן די הויף-ליטעראַטור, האָט ער, ווי זיך ווײַזט אויס, בשתיקה, פֿאַר זיך אַליין, געשריבן זײַן כראָניק „סעפּטעמבער 1942". דאָס איז איינע פֿון די אויפֿשוידערנדיקסטע פּנקסים אין דער ליטעראַטור פֿון די געטאָס. אויף אַ בילדעריש, פּלאַסטישן אופֿן, מיט-

א געוויסער פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפֿונג, שילדערט זעליקאָוויטש די טרויעריק־באַקאַנטע גרויסע „אויסזידלונג“ פֿון קינדער און זקנים. האַלטנדיק זיך טריי ביים ווירקלעכן פאַרלויף פֿון די געשעעניש, זאָגט דאָ זעליקאָוויטש דעם אמת וועגן דער פאַרברעכערישער ראָל פֿון דער געטאָ־פּאָליציי און אַנדערע געגנסער, וואָס האָבן אַדורכגעפֿירט אויפֿן באַפֿעל פֿון די היטלעריסטישע פֿעלקערמערדער דעם גרויליקן פאַרברעכן. צווישן אַנדערן שילדערט זעליקאָוויטש די טראַגעדיע פֿון שאַיעוויטשעס משפּחה, דאָס אוועקרייסן דעם דיכטערס קינדער. עס וועט נאָך אויסקומען צו רעדן וועגן דער דאָזיקער כראָניק, ווען מיר וועלן זיך פאַרנעמען מיט די טאָגביכער פֿון די געטאָס. דאָ זענען מיר אויסן נאָר אונטערצושטרייכן זעליקאָוויטשעס טאָפּל־לעבן.

יוסף זעליקאָוויטש איז געווען א מיטאַרבעטער פֿון דעם לאָדזשער געטאָ־אַרכיוו. לאָמיר שוין דאָ פֿעסטשטעלן דעם אונטערשייד צווישן דעם געטאָ־אַרכיוו פֿון לאָדזש און די געטאָ־אַרכיוון פֿון וואַרשע און ביאַליסטאָק. אין וואַרשע און אין ביאַליסטאָק זענען דאָס געווען א ו נ ט ע ר ע ר ד י ש ע אַרכיוון. זייערע אָרגאַניזאַטאָרן זענען געווען טוער פֿון דער אונטערערדישער באַוועגונג. זייער ציל איז געווען נישט בלויז איבערצולאָזן א בילד וועגן דעם פּיין־לעבן אין געטאָ, נאָר קודם־כל א באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די היטלעריסטישע רוצחים און זייערע „היימישע“ יוצר משרתים. זייער ציל איז אויך געווען איבערצולאָזן דאָקומענטן וועגן די גבורה־ווייען פֿון דער ווידערשטאַנד באַוועגונג. אַנדערש איז געווען אין לאָדזש. דער געטאָ־אַרכיוו איז געווען א לעגאַלער, אן אַרכיוו פֿון יודענראַט. אזוי אַרום האָט ער נישט געקאָנט דערפֿילן אזעלכע נאַציאָנאַלע צילן, ווי עס האָבן געדאַט דער וואַרשעווער אָדער דער ביאַליסטאָקער אַרכיוו. אָבער אין לאָדזשער געטאָ זענען אויך געווען אַנטייודענראַטישע עלעמענטן. הגם זיי האָבן נישט באַוויזן אויפֿצושטעלן אן אייגענעם, אונטערערדישן אַרכיוו, איז זיי פֿונדעסטוועגן געלונגען אויסצובאַהאַלטן א רייע ווערטפֿולע דאָקומענטן און ווערק. אין פֿאַרשידענע ערטער זענען פֿאַרשטעקט געוואָרן וויכטיקע טעקסטן. לײדער איז בלויז א טייל פֿון זיי דערגאַנגען צו אונדז נאָך דער באַפֿרייונג. אוודאי, ווען עס וואָלט אין לאָדזשער געטאָ עקזיסטירט א צענטראַליזירטער אונטערערדישער אַרכיוו, וואָלטן געווים אָפּגעראַטעוועט געוואָרן א סך מער שאַפֿונגען. אָבער די שרייבער און אַנדערע מחברים האָבן באַהאַלטן זייערע זאַכן יעדער אויף דער אייגענער האַנט, ממילא זענען א סך ווערטפֿולע טעקסטן פֿאַרלוירן געגאַנגען.

חוץ זעליקאָוויטשעס רעפּאָרטאַזשן און כראָניק, חוץ דעם פּעקל נאָטיצן פֿון י. לייזעראָוויטש און חוץ פּוילישע העפֿטן, וועגן וועלכע עס וועט נאָך זיין א רייד, זענען אָפּגעפֿונען געוואָרן טייל כתבים פֿון שמחה־בונים שאַיעוויטש,

א פעקל לידער פון ישׂראל-בער איצינגער, א ליד פון א יונגן דיכטער דניאל ראָזענזאַפט פון זדונסקע-וואָליע, אַ בינטל נאָטיצן וועגן ליטעראַרישן לעבן אין לאָדזשער געטאָ און א ריי טאָגביכער.[9]

צווישן די אָפּגעפונענע כתבים פון לאָדזשער געטאָ, רוקן זיך אויפן ערשטן אָרט אַרויס די צוויי פּאָעמעס פון שׂמחה-בונים שאַיעוויטש: „לך לך" און „פרילינג תש"ב". ווי עס דרינגט אַרויס פון שאַיעוויטשעס בריוו, וואָס זענען געפונען געוואָרן צווישן די חורבות פון לאָדזשער געטאָ, אין א בערגל מיסט, האָט דער דיכטער געשריבן נאָך איין פּאָעמע.[10] ווי עס טיילט מיט ריווע קוויאַט-קאָווסקא, האָט שאַיעוויטש אָנגעשריבן נאָך איין פּאָעמע „ישׂראל גאבל" און אויך אַ טאָגבוך. סיי „ישׂראל גאבל", סיי דער טאָגבוך זענען פאַרלוירן געגאַנגען.

ביידע אָפּגעראַטעוועטע פּאָעמעס — „לך לך" און „פרילינג תש"ב" — געהערן צו די בעסטע שאַפונגען, וואָס די יידישע דיכטונג האָט אַרויסגעגעבן אין דער פינצטערער תקופה פון געטאָ און אומקום.

„לך לך", אונטער וועלכן עס פיגורירט די דאַטע „פעברואַר 1942", איז געשריבן אין דער פאָרם פון א מאָנאָלאָג, געהאַלטן דורכן מחבר צום טעכ-טערל בלימעלע. „לך לך" איז דער קורצער, אָלטער, טיפעדיקער אויסדרוק פון גירוש.

אָט ווי שאַיעוויטש הייבט אָן זיין טרויעריקע פּאָעמע:

„און איצט, בלומעלע, קינדלעב,
צוים דיין קינדערישע פרייד —
ס'קוועקזילבערדיקע טייכל אין דיר —
און צום אומבאַקאַנטן וועג לאָמיר זיין גרייט".

און ווייטער:

„געקומען איז דער בייזער טאָג,
געקומען איז די בייזע שעה,
וואָס לערנען ב'מוז מיט דיר, א מיידעלע,
די שרעקלעכע פּרשה לך לך".

[9] עס האָבן אויך אָפּגעפונען זייערע כתבים עטלעכע לעבן-געבליבענע שרייבער, ווי י. שפּיגל, הינדע לעווי, בריקס א.א., אָבער דער ענין גייט אַרויס, ווי געזאָגט, פון די ראַמען פון דער דאָזיקער אַרבעט.

[10] פאַרגלייך וועגן דעם: ש. שאַיעוויטש — „לך לך", אויסגאַבע פון דער צענט-ראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים צענטראַל-קאָמיטעט פון פּוילישע יידן, לאָדזש, 1946, מיט אַן אריינפיר פון נחמן בלומענטאַל. דאָרטן זענען אויך צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן די פּאָעמעס „לך לך" און „פרילינג תש"ב".

דער דיכטער רופט ארויס אינעם זכרון אלע לך לך'ס, וואָס די גערודפטע ייִדישע נאַציאָנאַלע מינדערהייט האָט געהאַט אויסצושטיין אַמאָל, אונטער פאַרשידענע רעאַקציאָנערע רעזשימען. קיין שום גירוש איז אָבער נישט געווען אַזוי גרויזאַם, אַזוי בלוטיק, ווי דער איצטיקער, פון יאָר 1942. א סך איז אין דער דיכטונג פון די געטאָס געשריבן געוואָרן וועגן גירושים, אָבער קיין איינע פון די שילדערונגען דערגרייכט נישט אַזא שטאַרקייט ווי שאַיעוויטשעס פּאָעמע. ער פירט אַרויס דעם גאַנצן רעקוויזיט פון אַן אָרעמער ייִדישער שטוב, ער שילדערט דעם הונגער, די קעלט, די שרעק, וואָס האָט אין איר געהערשט אַמאָל, סיי פאַר דער מלחמה, סיי תחילת דער אָקופּאַציע. אָבער מיט א טיף־נאָגנדיקער בענקשאַפט אַקצענטירט ער די שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו דער היים, וועלכע מען מוז פאַרלאָזן, די פאַרוואָרצלטקייט אין דעם אַלטן באָדן פון די אבות, פון וועלכן מען ווערט איצט אַזוי גרויזאַם פאַרטריבן. די פּאָעמע איז רייך אין א זעלטענעם געמיש פון שטילער פון דער ייִדישער אָרעמקייט און אַמאָליקן פיילן און מיט ווייט־גרייכנדיקע היסטאָרישע רעמינעסצענצן און פאַרגלייכן:

„און איצט מוז דאָס גרויסע פאָלק ארויס
צום אומבאַקאַנטן ווייטן וועג —
קראַנק און מיד — צעבראָכענע שיפלעד,
וואָס דערשווימען נישט צו קיין ברעג.

ווער ס'וועט פאַר הונגער־חלשות
זיך אראָפּזעצן אין מיטן שניי
און שטיל אַזוי און פיינלעך אַזוי
ווי א הינדל אויסגיין אין זיין וויי.

וועמען ס'וועלן פאַר שרעק די אויגן
ארויסקריכן אין מיטן גיין,
וועט אים פלוצים ס'הארץ — א סטרונע פּלאַצן
און ער וועט פאַלן שווער ווי א שטיין.

און וועמען אן אָפּגעציטערטע קינד
וועט אין פראָסט־פייער פאַרפרירן
און די מאַמע וועט'ס נאָך טראָגן לאַנג
און מיינען, אַז ס'טוט זיך נאָך רירן".

אויסזיכטלאָז איז דער טרויער פונעם דיכטער. ער זעט נישט קיין ברעקל האָפענונג, ער דערבליקט נישט קיין ברעג. דאָס פאָלק איז קראַנק און מיד;

דער דיכטער פארגלייכט די מאסע צו צעבראָכענע שיפלעך. איבער דער פּאָעמע טראָגט זיך די גרויסע פראגע, וועלכע דער דיכטער לייגט ארויס אין זיין בלימעלעם פארוואונדערטע אויגן: פארוואָס? אויף דעם פארוואָס קען דער דיכטער נישט געפינען קיין ענטפער, קיין באַשייד. ער קען בלויז ארויסרופן א שוואַכע טרייסט. ווילנדיק זיך שטאַרקן, רופט ער אויס:

„נאָר לאָמיר נישט וויינען, לאָמיר נישט
יאָמערן און להכעיס אלע שונאים —
שמייכלען“.

אין א געוויסן מאָמענט רופט זיך אָפּ אין שאַיעוויטשן אן אלטער כוח, דער כוח פון טויזנטער יידישע פרייהייט=קעמפער, וועלכע האָבן געשטערקט זייער לעבן פאר גרויסע מענטשלעכע אידעאַלן:

„אַז כאָטש אונדזער טויט איז וואקלדיק
ווי דעם בלינדנס פאר א פרעמדער טיר —
קלינגט אין אים דער עכאָ פון פעטערס
גאַנג אויף די וועגן פון סיביר.

אז כאָטש ווי ביי געפאנגענע חיה
ציקט די שרעק אין אונדזער וויע —
ברענט דער שטאָלץ אין פלאמיק=הייסן בליק
ווי ביים טאַטן אויף דער תליה“.

אָבער הגם עס רייסן זיך ארויס ביים דיכטער אזעלכע מוטיקע טענער, קען ער זיך סוף כל סוף נישט דערגרונטעווען צו דער סיבה פון דער קאַטאַסטראָפע און געפינט נישט פאַרן פאַרחידושטן קינד קיין תשובה און לייזונג.

נישטאָ אין דער האַזיקער פּאָעמע קיין רוף צו ווידערשטאַנד. לאָמיר נישט פארגעסן, אז שאַיעוויטש איז געקומען אידעיש און פסיכיש פון א ווייטער, קלייןבירגערלעכער סביבה. און לאָמיר אויך נעמען אין אכט, אז קיין אמת ווירקלעכע מאַסנהאַפטיקע ווידערשטאַנד=באַוועגונג אין אין לאָדזשער געטאָ נישט געווען.

אויב אין „לך לך“ ווערט דעם דיכטערס ווייטיק געהאַמעוועט דורך דער מילדן טאָן און ערשט אין די לעצטע סטראָפן רייסן זיך אדורך שטאַרקערע טענער, איז די צווייטע פּאָעמע, „פרילינג תש״ב“, דורכגעדרונגען מיט א ליידנשאַפטלעכן צאָרן און מיט א שטאַרקן סאַרקאַזם און אזוי ארום ווירקט זי אָן ערך שטאַרקער ווי די ערשטע. עס איז פרילינג 1942, ערב פסח, עס פרייט זיך דער הימל, די וועלט איז ווי פריש געבוירן — און דווקא אין אָנגעזיכט פון דעם ווידערגעבורט פון דער נאַטור טויכט אויף מיט נאָך מער אכזריות

דער שוידערלעכער מאָרד איבער א פֿאָלק. דער הונגער הוליעט נאָך ערגער ווי פֿריער, ייִדן ווערן סטאַדעסווייַז געטריבן צום גירוש, קינדערלעך ווערן אַרויסגעפֿירט צום טויט, די יוגנט קומט אום. קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל קומט אויף די ראָזיקע פֿערזן־געשריבענע כראָניק פֿון לאָדזשער געטאָ, קומען אויף שוידערלעכע בילדער פֿון הונגער־טויט און פֿון טויט־גירוש:

„און אין א מזלדיקע שעה
געשעט דער נס פֿון תחית המתים
און דער פֿרילינג איז ווידער דאָ —
נאָר ביי אונדז אין געטאָ
אַרט שוין נישט קיינעם דער הונגער,
וואָס יאָמערט אַראָפּ פֿון אַלע גלידער,
און מען האָט אויך פֿאַרגעסן
אינעם טויט, וואָס קלאַפּט אומעטום הוימיש אָן;
און מיידט נישט אויס דאָ קיין שטוב,
און ווי עלנטע ציטעריקע שאָף
ציטערט מען און מ׳פּלאַפּלט
פֿאַרן אויסוואַנדער־גזר
אינעם אומבאַוווּסטן לאַנד אַריין.

ציטערט מען און מ׳פּלאַפּלט
פֿאַרן געהיימען בלשאצר כתב:
— לחיים או למות“.

דעם דיכטערס צאָרן רייסט אויף די קינסטלערישע פֿאָרם פֿון דער פּאָעמע. ער צעזעצט די רעגולערע שורה. ער ברויזט און ער צערייסט דעם נאָרמאַלן פֿערזן־געבוי. אין א פֿאַרשיידנפֿאָרעמדיקער שורה פֿירט שאַיעוויטש אַרויס דעם גאַנצן גרויל, און ער טוט עס אַזוי שטאַרק, אַזוי פּלאַסטיש, אַזוי טריי צו די געשעענישן, אַז ערטעראווייַז דאַכט זיך, אַז דאָס איז נישט וואָר, נאָר א מאָוימדיקע האַלוצינאַציע. אָבער ווען מען פֿאַרגלייכט שאַיעוויטשעס בליט־טריפֿנדיקע סטראָפֿן מיט די טרוקענע כראָניקעס און טאָגביכער און מיט די דערציילונגען פֿון עדי־ראיה, דערזעט מען דעם פֿולן און גרויזאַמען היסטאָרישן אמת, וואָס ליגט אין די שורות און סטראָפֿן פֿון שאַיעוויטשעס פּאָעמע. אין משך פֿון דער קורצער צייט, וואָס האָט אָפּגעטיילט די דאָזיקע פּאָעמע פֿון דער פֿריערדיקער שאַפֿונג „לך־לך“, איז דער דיכטער רייכער געוואָרן אין טרויעריקער דערפֿאַרונג, רייפֿער געוואָרן אידעיש, און ווען עס דערשיינט אין דעם לעצטן קאַפּיטל פֿון „פֿרילינג תש״ב“ דאָס טעכטערל בלימעלע מיט דער נאָך נישט פֿאַר־

ענטפערטער קשיא, ענטפערט דער אָנגעצונדענער, צעפלאַמטער דיכטער מיטן אַלטן ייִדיש=פּאָליציטימלעכן: „שפוך חמתך", מיט אַ לײדנשאַפטלעכן רוף צו נקמה — און כמילא: צו ווידערשטאַנד, הגם דאָס האָזיקע וואָרט ווערט נישט אַרויסגעבראַכט דירעקט.

פון אַן ענלעכער סביבה ווי שאַיעוויטש איז געקומען אַ צווייטער דיכטער פון לאָדזשער געטאָ, אַ שוואַכערער אין טאַלאַנט פון שאַיעוויטשן, אָבער אַ נישט ווייניקער פּראָדוקטיווער — ישראל=בער איצינגער, אָדער ווי ער חתמעט זיינע לידער: אַלטער שנור.

אַלטער שנור האָט אין געטאָ אַדורכגעמאַכט אַ כאַראַקטעריסטישע אַנטוויקלונג: פון רעליגיעזן וועלט=באַנעם, פון גלויבן אין אַן איבערנאַטירלעכער קראַפט, פון הכנעה צום גורל — צו פּראָטעסט קעגן גאָט און צו ברויזונג קעגן דעם פעלקער=מערדערישן רעזשים און דער סאָציאַלער אונטערדריקונג אין געטאָ.

אין זיינע לידער באַרירט אַלטער שנור די ווענטלעכסטע פּראָבלעמען פון געטאָ. ער דריקט אויס זיין גלויבן אין דער באַפרייונג: דעמלט — זאָגט דער דיכטער — וועט די „געלע לאַטע", וואָס איז אויפגעצוווּנגען געוואָרן די ייִדן, ווערן אַ סימבאָל פון שאַנד פאַר די פיניקער, אויף איר אָרט וועט קומען פרייהייט און ליכט (דאָס ליד „מגן דוד"). מיט ביטערניש שרייט אויס דער דיכטער זיין פּראָטעסט קעגן הונגער:

„ראַנגלט זיך הונגער מיט צאָרן און שטורעם,
וואַקסט אַ פאַרבלוטיקטער, שווייסיקער טורעם,
גאַליק דער הימל, פאַרברענט און רויט,
ס'שרייט מענטש פון אונטער דער ערד אַרויס: ברויט!
ברויט באַשמירט מיט גאַל, מיט ווייטיק און האַס!"
(„ברויט").

אויסדריקנדיק די געפילן פון דער געטאָ=באַפעלקערונג, איז אַלטער שנור אַרויס מיט שטאַרקע, בייסיקע לידער קעגן די געטאָ=פּאָליציאַנטן און קעגן רומקאָווסקין („דאָס שוואַרצע ייִדעלע", „פּופּצן מאַרק", „כ'בין אַ פּאָליציאַנט"). אַלטער שנור דריקט אויך אויס די געפילן פון סאָציאַלער שנאה צו דער איבערשיכטער קליקע, וועלכע פּאַראַזיטעוועט אויפן אָרגאַניזם פון ליידנדיקן פאָלק. אַליין אַ נוטילייענדיקער, אַ מסדר „הונגערנדיקער צוזאַמען מיט דער משפּחה, האָט דער דיכטער געשריבן קעגן די, וואָס עסן פון שענסטן און פון בעסטן, בעת די גרויסע מאַסע גייט אויס פון הונגער („געטאָ, געטיניו", „די ראַציע"). און ווייט נישט עלעגיש, נאָר צאָרנדיק קלינגען זיינע פערזן וועגן דעם אונטערגיין פון באַלוט, פון די גאַסן און פון דער ייִדישער אָרעמקייט. אָט ווי עס

קלינגט דער שלום־אַקאָרד פֿון דעם האָזיקן ליד: די זון פּלאַמט פֿאַר שאַנד, אין באַלוט גייט אונטער! („תמוז תש״ד“).

אַלטער שניר האָט אין געטאָ אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע ליטעראַרישע טעטיקייט. ער האָט אָרגאַניזירט אַן אומלעגאַלע ליטעראַרישע צייטשריפֿט א. ג. „געטאָ־שריפֿטן“. מיר געפֿינען דאָרטן לידער געחתמעט דורך א. שניר און לידער אונטערגעשריבענע מיט אַנדערע נעמען, למשל: מאָרדאָוויטש, מ. גרינוואַלד, א. ב. פֿרידמאַן, אברהם מייזעלס, סאַדענקעוויטש, פֿרוי ברייטבאַרד, ש. מערקער, רויזע ווײַנטרויב, נחום טשעכאַנאָווסקי און מיט די ראשי תיבות ר. א. דאָס זענען ס׳רוב סאַטירישע לידער און משלים געווענדעט מיט זייער שאַרף קעגן די מושלים פֿון געטאָ, באַשרייבונגען פֿון דער פֿיין־אַרבעט און די רעמאַרטן, פֿערזן־געשריבענע כראָניק פֿון טרויעריקן געטאָ־לעבן. דאָס זענען וואַרשײַנלעך אײַנגאַנצן אָדער סרוב פּסעוודאָנימען פֿון אַלטער שניר אַליין. עס דאַרף צום סוף נאָך געזאָגט ווערן, אַז — ווערליך עס גיט איבער אַן עד־ראיה — האָט אַלטער שניר אָנגעשריבן נאָך אַנדערע לידער און אויך אַ פּאָעמע, אָבער מען האָט זיי לײַדער נישט געפֿונען.

עס איז שווער צו זאָגן, ווי ווײַט די לידער פֿון קאַיעוויטש און אייזיקער האָבן באַווירקט דירעקט די לייענערשאַפֿט אָדער די צוהערער אין לאָדזשער געטאָ. אָבער מיר ווייסן, אַז אויך אין „ליצמאַנשטאַטער“ געטאָ האָט מען אײַנגעאָרדנט אומלעגאַלע ליטעראַרישע אָוונטן און צוזאַמענטרעפֿן מיט שרײַבער אין פּריוואַטע דירות. עס זענען אויך געווען פֿאַלן פֿון עפֿנטלעכע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען, אָבער היות זיי זענען געווען אונטער דער קאָנטראָל פֿון רומקאָווסקיס קאַמעריליע און פֿונעם „פּרעזעס“ אַליין, האָט מען אמתע פֿאָלקסטרייע ליטעראַטור זעלטן געקאָנט פֿאָרלייענען. וואָס שייך געהיימע ליטעראַרישע אויפֿטריטן אין פּריוואַטע לאָקאַלן, האָבן מיר געפֿונען צווישן די לאָדזשער מאַטעריאַלן אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט עטלעכע מיט דער האַנט געשריבענע אײַנלאַדונגען פֿון ליטעראַרישע אָוונטן אין די דירות: אויף מרדכי גבאַי גאַס נומער 25 (אין אָקטאָבער 1940), אויף זאַווישע גאַס 25 וו. 20 (אויך אין אָקטאָבער פֿון זעלביקן יאָר) א. א. אַפֿילו אין יאַנואַר 1944 קומען נאָך פֿאָר אַזעלכע פּריוואַטע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען, וועגן וועלכע רומקאָווסקי און גערטלער און זייערע אַגענטן טאָרן נישט וויסן. די אָוונטן זענען אַדורך — ווי עס דרינגט אַרויס פֿון די מאַטעריאַלן — מיט גרויס דערפֿאָלג.[11] וועגן איינעם אַזאַ אָוונט טיילט מיט דער אינפֿאָרמאַטאָר, אַז בעת די רעציטאַציעס איז געקומען צו אַ שאַרפֿן מיינונגס־אויסטויש צווישן דעם פֿאָרלייענער, וועל־

[11] טייל אײַנלאַדונגען זענען אונטערגעשריבן דורך ירחמיאל בריקס. טייל טעקסטן איז געפֿונען געוואָרן דורכן אַרכיוויסט און דיכטער ה. וו. איוואַן.

כער איז אַרויסגעטראָטן מיט לידער פֿון רעוואָלוציאָנערע שרייבער און מיט סאָציאַלע געטאָ־מאָטיוון, און אַן אָרטיקן גדול, אַ געוויסן פּראַשקער, וועלכן עס איז נישט געפֿעלן געוואָרן נישט מענדעלע, נישט שלום־עליכם, און אַוודאי נישט די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. ווען דער פֿאָרלייענער האָט גענומען רעציטירן משה שולשטיינס באַקאַנט רעוואָלוציאָנער, פּראָ־סאָוויעטיש ליד „צוגן“, האָט דער גדול פֿאַרלאָזט דעם זאַל. אָבער דער אינפֿאָרמאַטאָר פֿאַרענדיקט זיין נאָטיץ מיט די ווערטער: „די פּראָלעטאַרישע שאַפֿונגען האָבן ביי דער יוגנט אַמשטאַרקסטן אויסגענומען“.

די יודענראַט־לייט, וועלכע האָבן זיך געפֿונען געטראָפֿן פֿון די סאַטירישע שאַפֿונגען, האָבן אָפֿט גענומען אַ ביטערע נקמה און געטראָפֿט די דרייסטע פֿאָלקס־טרייע שרייבער. אַזאַ פֿאַל איז געווען מיט אַ יונגן דיכטער פֿון זדונסקע־וואָליע דניאל ראָזענזאַפֿט, וועלכער האָט זומער־צייט 1940 אָנגעשריבן אַ סאַטיריש ליד א. נ. „האָם הזירל“ (דער טעקסט געפֿינט זיך אין אַרכיוו פֿון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט). די פֿאַרעטער פֿון זדונסקע־וואָליער יודענראַט האָבן ראָזענזאַפֿט פֿאַרשיקט און אַזוי אַרום שטום געמאַכט דעם אויסדריקער פֿון די געפֿילן פֿון דער יידישער מאַסע.

דער דאָזיקער פֿאַל איז געווען באַקאַנט די לאָדזשער שרייבער. נישט געקוקט אויף דעם וואָרענענדיקן גורל פֿון דניאל ראָזענזאַפֿט, האָט מען אין לאָדזשער געטאָ ווייטער געשאַפֿן סאַטירישע לידער קעגן רומקאָווסקיס רעזשים. די דאָזיקע לידער זענען געשאַפֿן געוואָרן נישט בלויז אין יידיש, נאָר אויך אין פּויליש. דער טייל אָפּגעראַטעוועטע פּויליש־געשריבענע לידער פֿון לאָדזשער געטאָ איז נישט קלענער פֿון דער צאָל יידישע שאַפֿונגען. אָבער בעת אין יידיש אין די ליטעראַטור פֿון לאָדזשער געטאָ געשאַפֿן געוואָרן ס'רוב דורך באַקאַנטע שרייבער, ווערט דער פּוילישער סעקטאָר פֿון דער דאָזיקער ליטעראַטור רעפּרעזענטירט דורך יונגע, ביז איצט אומבאַקאַנטע מחברים. די פּוילישע ליטעראַרישע חיבורים פֿון לאָדזשער געטאָ זענען קודם־כל אַ שאַפֿונג פֿון יוגנט, און ברוב פֿון לינקער, קעמפֿעריש־געשטימטער יוגנט. דער דאָזיקער פֿאַקט לייגט אַ בולטן חותם אויף די פּוילישע לידער פֿון לאָדזשער געטאָ. עס איז דאָ, נאַטירלעך, אַ רייד וועגן די לידער, וועלכע געפֿינען זיך אין אונדזער רשות.

אַ חוץ באַזונדער־גייענדיקע פּויליש־שרייבנדיקע מחברים, איז אין לאָדזשער געטאָ אויך געווען אַן אָרגאַניזירטע גרופּע יונגטלעכע דיכטער, וואָס האָבן געשריבן אין פּויליש. זיי האָבן זייערע שאַפֿונגען פֿאַרשריבן אין אַ דיקן ברוליאָן, וועלכן זיי האָבן ערגעץ באַהאַלטן. אין יאָר 1950 איז דעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט געלונגען אויסצוגעפֿינען די דאָזיקע מיט דער האַנט געשריבענע זאַמלונג.

אין דער זאַמלונג זענען פֿאַראַן 67 לידער. צוויי זענען יוליאַן טוּווימס פֿאַרמלחמהדיקע לידער, אין וועלכע דער דאָזיקער שפּראַך-ווירטואָז רעכנט זיך אָפּ מיט די פּוילישע אַנטיסעמיטן ובפֿרט מיטן ענדעקישן פּובליציסט אַדאָלף נאָוואַטשינסקי. די יונגטלעכע שרייבער-גרופּע האָט זיך געפֿונען אונטערן איינפֿלוס — אין שפּראַכלעכן און קינסטלערישן זין — פֿון יוליאַן טוּווים. ומסתמא אַלס צייכן פֿון פֿאַרערונג, האָבן זיי אין דער זאַמלונג אַריינגענומען טוּווימס צוויי לידער, וועלכע פֿאַרמאָגן אַן אינהאַלט, וואָס איז געווען באַזונדערס נאָענט די געטאָ-אַסירים. די אַנדערע 65 לידער זענען אָריגינעלע שאַפֿונגען פֿון די יונגע פּאָעטן. די מחברים זענען: ר. גליקסמאַן (ער שרייבט זיך אויך אונטער „ר. ג.“), ל. אַש („ל. אַ.“), מ. פֿאָגעלמאַן („מ. פֿ.“), פֿ. ציגעלבערג, ל. דרעלטשיק („ל. ד“.) און עטלעכע אַנאָנימע. די לידער נעמען אַרום אַ ברייטן צייט-אָפּשניט פֿון דעם יאָר 1940 ביז סוף פֿעברואַר 1944.

אין די לידער לאָזט זיך באַמערקן דער איינפֿלוס נישט בלויז פֿון טוּווימען, הגם די השפּעה פֿון דעם דאָזיקן דיכטער איז די גרעסטע אין דער זאַמלונג. מען פֿילט בפֿירוש, אַז די יונגע פּאָעטן האָבן זיך דערצויגן אויף טוּווימס שפּראַך-נאָוואַטאָרישקייט און אויף דעם ליריש-סאַרקאַסטישן טאָן פֿון זיין סאַטירישער דיכטונג. עס פֿילט זיך אין דער זאַמלונג אויך די השפּעה פֿון אַלעקסאַנדער פּושקין, אַדאַם מיצקעוויטש און יוליוש סלאָוואַצקי און פֿון דער יידיש-פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע.

אין אונטערשייד צו אַ צווייטן דיקן העפֿט פּוילישע פּאָעזיע פֿון לאָדזשער געטאָ פֿון אַן אַנאָנימען מחבר, וואָס איז אונדז געלונגען צו געפֿינען און וואָס איז אין גרעסטן טייל געווידמעט אינטימע איבערלעבונגען, פּונקט ווי עס וואָלט נישט עקזיסטירט קיין אָקופּאַציע און קיין געטאָ, אין אונטערשייד צו דעם דאָזיקן אויטאָר — שטעלט מיט זיך פֿאָר די זאַמלונג פֿון די יונגע פּאָעטן אַ דורך און דורך געזעלשאַפֿטלעכע דיכטונג, אַ דורך-און דורך רעאַליסטישע ליטעראַטור. אין אַ רייכער שפּראַך, אין עכט פּאָעטישע בילדער וויקלען די מחברים פֿאַנאַנדער דעם גאַנצן גרויל פֿון געטאָ. טייל לידער זענען דורכגעדרונגען מיט אַ רעוואָלוציאָנערן באַוווּסטזיין און שלאָגן אָן אין אַ טאָן פֿון גלויבן אין באַפֿרייונג און ווידעראויפֿבוי. די שטאַרקסטע אין דער זאַמלונג זענען די סאַטירישע מאָטיוון. טיפֿע באַראַכטונג און גרענעצלאָזע שנאה צו די געצייגן פֿונעם שונא, צו די יודענראַטיש-פּאָליציאישע עלעמענטן — דאָס איז דער לייטמאָטיוו פֿון די סאַטירישע לידער, וועלכע בילדן די מערהייט אין דער זאַמלונג.

דער סאַמע פּרוכטבאַרסטער פֿון דער גרופּע איז געווען ל. אַש, וועלכער איז אין דער זאַמלונג רעפּרעזענטירט מיט 29 לידער אויף די פֿאַרשידנסטע

געטאָ־טעמע. צום שטאַרקסטן ווירקן זיינע הונגער־מאָטיוון, זיינע אַנטי־יודענראַטישע און אַנטי־פּאָליצייִאישע סאַטירעס און זיינע באַשרייבונגען פון דער געטאָ־תּפֿיסה. אין אַ מייסטערישער פאָרם שילדערט אַש דעם אָנוווּקס פון הונגער. דער הונגער וואַקסט און די מענטשן שרומפּן איין; עס שלייכן זיך אַדורך מענטשן דיקע, אָנגעפּוישטע — אָבער זיי זענען אויף אַן אומנאַטירלעכן אופן דיק געוואָרן, זיי זענען געשוואָלן פון הונגער; געזונטע הענט ווערן שלאַף; מענטשן שטייען ביי די מאַשינען אין רומקאָווסקיס רעסאָרטן און חלשן פון הונגער; דער סימבאָל פון געטאָ איז געוואָרן — די וואָג, אָבער נישט די גרויסע, נישט דער קילאָגראַם, נאָר דאָס קלענסטע געוויכט; סיי די מענטשן, סיי דאָס עסן ווערט איצט גערעכנט לויט אַלץ קלענער און קלענער ווערנדיקע געוויכטער. דער הונגער רייסט זיך אַריין אין יעטוועדן קעמערל פון מענטשלעכן וועזן, יעדער געוועב פון דעם קערפּער ווערט צעריסן דורך דעם ווילדן הונגער. דער קאַמף פאַר אַ ביין, פאַר אַ שאָל, פאַר ראָיען אין מיסט ווערט אַלץ ווילדער. און אָט אַזוי גייען פאַרביי שווידערלעכע בילדער פון גסיסה אין די לידער פון ל. אַש: „אַ הונגערנדיקער טאָג“, „די וואָג“, „קאַליידאָסקאָפּ“, „אַ טעות“, „ברויט“, „דער סוף פונעם הונגער“, „אַ געטאָ־געשיכטע“, „די ראַציע“, „טעגלעך ברויט“.

ווער איז שולדיק אין דעם שווידערלעכן הונגער, אין דער מאַסן־גסיסה, אין דער דעמאָראַליזאַציע? עס איז שולדיק דער אָקופּאַנט, אָבער עס איז אויך שולדיק דער אינערלעכער פאַראַט — ענטפערט ל. אַש. אין די לידער „הייבע טיוול“, „טרעפּעס“, „אַ ייד“ אאַ. גרייפט דער יונגער דיכטער אָן די פּאָליציי־לייט, די אויסנוצער, די קאָמבינאַטאָרן און דעם גאַנצן סיסטעם, וואָס זיין עקלדיקער סימבאָל עס איז רומקאָווסקי. ל. אַש פירט אונדז אַריין אין דער געטאָ־תּפֿיסה, וווּ די פאַרעטערישע אַגענטן פונעם שונא ווילן ברעכן דעם ווילן פון די קרבנות דורך אָנוואַרפן שרעק („אין דער צעלע“). ער ווייזט אונדז די שטרעבונג פון אַ טייל געטאָ־אסורים זיך אַרויסצורייסן פון דער גרויליקער שטייג, אַנטלויפן פון געטאָ; די דאָזיקע שטרעבונג האָט אַ טראַגישן פינאַל, די אייזערנע רייף פון די היטלעריסטישע פּאָסטנס אַרום דעם „יידן־קוואַרטאַל“ ענטפערט מיט אַ פייער אויף יעדן פּרוּוו פון אומלעגאַלן אַנטלויפן; שווידערלעכע אונטערדריקונג און הונגער־טויט אין געטאָ און אַ זיכערער טויט פון דעם שונאס קוילן מחוץ די פאַרשאָלטענע פאַרקנס — אָט איז דער גורל פון די קרבנות פון היטלעריסטישן ראַסיזם („אויפן בית עלמין“).

דער דיכטער פילט, אַז עס איז שוין באַלד צוועלף, אַז איידער עס קומט דער סוף פון די ליידן, קען דער בלוטגיריקער שונא פאַרהאַקן די טיר פון לעבן אויף אייביק („פיר מינוט“). און פונדעסטוועגן הערט ער נישט אויף צו גלויבן אין באַפרייונג, ער זעט שוין אפילו די קאָנטורן פון אַ נייעם לעבן און די מענ־

לעכקייט פון נקמה און ווידעראויפבוי, הגם די וואַנדערונג פון ווי און מוט ווייזט אַרויס ביים דיכטער ערנסטע וואַקלונגען („איך גלויב“, „גביאות“, „אַטאַקע“, „לאַטעס“, „די זין פון געטאָ“ אאַ.). אָבער דווקא אין די לעצטע לידער שטאַרקט זיך אַלץ מער דער מוט פונעם דיכטער, און ווען ער שילדערט די אויפשווידערנדיקע סצענע פון דער אומטענטשלעכער אַרבעט פון די א. ג. פעקאַליסטן (די ריוניקער פון די אָפטריטן), ענדיקט ער דאָס דאָזיקע ליד („פעקאַליסטן“) מיט אַ האָפענונגפולן שלוס-אַקאָרד: די חושים פאַרטעמפט, די אויגן בלינד, אָבער די הערצער פול מיט פלאַמיקער האָפענונג, אַז מאָרגן וועט בעסער זיין. עס וועט קומען די צייט — זאָגט דער יונגער דיכטער אין אַ ליד „אַרבעט“ — ווען די שקלאַפן פון רומקאָווסקיס רעסאָרטן וועלן צערייסן די קייטן און זיי אַרויסוואַרפן אויפן שייטער.

ווי אַ קרעדאָ פון אַלע אָנטיילנעמער פון דער זאַמלונג קאָן דינען ל. גאַשס ליד „רעוויע“, אין וועלכן ער שטעלט זיך אַקעגן דער קאָנצעפציע פון קונסט לשם פאַרוויילונג, פון קונסט ווי אַן אילוזיע, פון קונסט, וואָס אַנטלויפט פון דערווירקלעכקייט.

אַלע לידער פון גליקסמאַן, הודעלטשיק, פאָגעלמאַן און אַנדערע זענען טאַקע דורך-און-דורך ווירקלעכקייט. דער דיכטער ר. גליקסמאַן, דער צווייטער אָנטיילנעמער אין דער פוילישער זאַמלונג, דערשיינט פאַר אונדז ווי אַ באַוווסטזיניקער געזעלשאַפטלעכער מענטש. אין אַ בריוו-אַטעמדיקן ליד „ענגלאַנד האָט צייט“ דעמאַסקירט ער דעם בריטישן און ממילא אויך דעם אַמעריקאַנישן אימפעריאַליזם, וועלכער שטעלט אויף דער מעגלעכקייט, אַז ראַטנפאַרבאַנד און דייטשלאַנד וועלן זיך קעגנזייטיק אויסבלוטיקן, און דעמלט וועלן קומען די אַנגלאָזאַקסן און אַריינשאַרן די וועלט-רייכטימער אין דער אייגענער קעשענע. און דערווייל קומט אום אין ווי און בלוט אַ פאָלק! — רופט אויס דער דיכטער.

גליקסמאַנס אַנטי-יודענראַטישע סאַטירעס — „פליאַטקעס“, „אַ רפואה אויף פליאַטקעס“, „דער אַלטער“ — זענען זייער קאָנקרעטע, און דערביי בלייבן זיי מעלאָדיש און שפראַך-שפעדיק. גליקסמאַנס סאַטירעס פאַרמאָגן גאָר ווייניק הומאָר, אַפילו קנאַפ גאַלגן-הומאָר; פאַרקערט, דאָס זענען בלוט-טריפנדיקע בלעטער פון דער טרויעריקער געטאָ-ווירקלעכקייט. דער דיכטער עפנט פאַר אונדז אַן אמתן גיהנום — רומקאָווסקיס „מלוכה“. ער רופט אָן ביי די נעמען די פאַרעטער און פייניקער פון פאָלק: די רומקאָווסקיס, גערטלערס, פראַשקערס, מיללערס, גורינס און אַלע אַנדערע רעסאָרט-לייטער, „מאַסגיביקע“ פערזאָנען און גענגסטער. אימעלעכן שילדערט גליקסמאַן אויף אַן אינדיווידואַליזירטן אופן, מיט זיינע גענגלעך, אַרט רעדן און כאַראַקטער-שטריכן.

די זעלביקע טעמע טרעט אַרויס אין די אַנטי-יודענראַטישע סאַטירעס פון דעם דריטן מיטבאַטייליקטן אין דער זאַמלונג, פון דעם דיכטער מ. פאָגעלמאַן,

וועלכן עס פעלט אָבער דער ברייטער אָטעם פון ר. גליקסמאַנס פערזן. פאָגעלמאַנס סאַטירעס געהערן צו דעם ליטעראַרישן זשאַנר, וואָס הייסט זיך אָן אין דער פוילישער ליטעראַרישער טראַדיציע — „פראַשקי" (עפּיגראַמען).

אין זײַנע קורצע, שפּילעוודיקע לידער גיט מ. פאָגעלמאַן די גענעאַלאָגיע פון די פאַרהאַסטע פּאָליציי־לײַט. אַ נעכטיקער וועקסל־דיסקאַנטער איז געוואָרן אַ פּאָליציי־אונטעראָפיציר („דער אונטעראָפיציר ס."). אַ נעכטיקער לעבע־יונג פון דער „גאָלדענער יוגנט" איז הײַנט אַ היטער פון רומקאָווסקיס רעזשים („הער מ."). פאָגעלמאַן שילדערט די באַקאַנטע געטאָ־בריק, אָבער אין אַ געוויסן מאָמענט איז ער גרייט זיך צו ווינטשן, אַז די בריק זאָל אײַנפאַלן — דעמלט, ווען עס וועלן זיך אויף איר געפינען אַלע גענגסטער, מאַכערס און איבערוווּרפן פון געטאָ („די בריק").

פאָגעלמאַן לאַכט אויס און דעמאַסקירט די „אויטאָנאָמיע" פון געטאָ. מזל טוב! ייִדן האָבן שוין אייגענע עקזעקוטאָרן, וועלכע נעמען צו די בעבעכעס בײַ דער געטאָ־אָרעמקייט מיט נאָך מער דראַסטישע מיטלען ווי די אַמאָליקע פרעמדע שטייער־באַאַמטע. דער דיכטער שלאָגט אָן אין אַ פײַנעם סאַטיריש־פאָלקסטימלעכן טאָן און דער שילדערונג פון צאַלעל עקזעקוטאָר, דער געשפּענסט פון געטאָ, דעם סימבאָל פון דער „ליצמאַנשטאַטער" „ייִדישער אויטאָנאָמיע".

אינגאַנצן אַן אַנדערער דערשײַנט פאַר אונדז דער זעלביקער פאָגעלמאַן, דער פראַשקע־שרײַבער, אין דעם ליד „דער קאָנצערט". עס קומט פאָר אַ קאָנצערט אין געטאָ, לעגאַל, לאָיאַל, מיטן אָנטייל פון די ליצמאַנשטאַטער „גדולי הדור". רומקאָווסקי אַליין באַערט מיט זײַן אָנוועזנקייט און זאָגט אַ פּאָר ווערטער. די דאַמעלער בעטן זיך, מען זאָל זינגען עפּעס סענטימענטאַלס, עפּעס „מאָראַלישעס", למשל, דוד בייגעלמאַנס „ייִדישע לידער". אָבער אינמיטן דעם צירלעך־מאַנירלעכן קאָנצערט רײַסט זיך אַרײַן אַ בייזער און דראָענדיקער ווידערקול פון אַן אַנדער קאָנצערט, פון אַן אַנדער טאַנץ — דאָס איז דער שקעלעטן־טאַנץ פון אונטערגייענדיקן אין הונגער־ווייען לאָדזשער געטאָ. די שטרענגע וואָרענונג פון דער גוססדיקער מאַסע רײַסט זיך אַרײַן מיט דער פולער קראַפט אין דעם קאָנצערט־זאַל פון דער געטאָ־אַריסטאָקראַטיע.

די וויזיע פון דעם שקעלעטן־טאַנץ איז נישט געווען קיין פּראָדוקט פון דעם דיכטערס דמיון. דער ליטעראַרישער לבוש פון דער דערשײַנונג האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט אַ געוויסער מיסטישער אַנונג. כסדרדיקער, פערמאַנענטער אונטערגאַנג איז געווען אַ טאָג־טעגלעך בילד אין לאָדזשער געטאָ. אַ סינטעטישן אויסדרוק פון אָט דעם בילד גיט דער ווײַטערדיקער מיטמחבר פון דער פוילישער זאַמלונג — פ. ציגעלבערג, וועלכער האָט זײַן שטאַרק

זווירדיק ליד אָנגערופֿן מיטן פֿילזאָגעוודיקן נאָמען „טאָג איין טאָג אויס". די טעג האָבן זיך אין געטאָ געצויגן אויפֿן זעלביקן אופֿן, אָן ענדערונג, דער איינציקער שינוי איז געווען דער טויט, אָבער דאָס איז געווען אַ שינוי ביים קאָנקרעטן יחיד, דאקעגן ביים כלל איז אָט דער טרויעריקער סוף אויך געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. ציגעלבערג איז פֿול מיט ווייטיק צוליבן בכּדרדיקן אַרויספֿירן אויף אומקום די גאָענטסטע און טייערסטע מענטשן. ער זעט אַרום זיך איין גרויסן קאָשמאַר. דער מענטש ווערט אָפּגעטעמפּט, ער הערט אויף צו רעאַגירן, ער פֿאַרלירט שוין אַפֿילו דעם פּאָרגעפֿיל. אָבער דאָס ערגסטע איז דאָס — זאָגט דער פּאָעט — וואָס עס איז אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן דער שמייכל.

דער סאַמע געזעלשאַפֿטלעך באַוווסטזיניקער פֿון דער גאַנצער גרופּע איז געווען ל. הודעלטשיק. אויך ער גיט אין זיינע לידער בילדער פֿון גרויל, אויך ער וויקלט פֿאַנאַנדער אַ שילדערונג פֿון דער שוידערלעכער אַקציע אויף די קינדער („די נאַכט פֿון יסורים"), אויך ער זעט די דעמאָראַליזאַציע, וואָס דימקאָווסקיס פּראָטעקציאָניסטישער סיסטעם האָט געשפּרייט אין געטאָ („אַ געמאָ־באַלאַדע"), אויך ער שטורעמט קעגן די פֿאַרעטער און רופֿט אויס מיט שפּאָט צו רומקאָווסקין: „זיג הייל חיים פֿיערהוושי!" („אַן אָדע צום געטאָ"), אויך ער שרייבט סאַרקאַזם־פֿולע פּראַשקעס קעגן דער רומקאָווסקי־קאַמעריליע („7700", „אַ וועשערײַ", „אין וואָרט־צימער פֿון פֿריילין וואָלק"), נעמענדיק אַלס סיזשעטן קאָנקרעטע מענטשן און פֿאַקטן. אָבער הודעלטשיק קוקט טיפֿער און זעט ווייטער. ער זינגט וועגן באַפֿרייונג, וועגן ווידערגעבורט און וועגן ווידעראויפֿבוי. אין דעם פֿיין קאָמפּאָנירטן ליד „נעכטן, היינט און מאָרגן" מאָלט ער דריי בילדער: דער נעכטן אין קאַפּיטאַליסטישן פּוילן מיט די אויסגעלאָשענע געסלעך פֿון דער ייִדישער אָרעמקייט, מיטן אומקום־סיגנאַל, וואָס אַליאַרמירט וועגן דער אָנציענדיקער קאַטאַסטראָפֿע; דער היינט — מיטן געטאָ, מיט דער געלער לאַטע; און דער מאָרגן, וואָס קומט אויף אין דעם דיכטערס וויזיע ווי אַ קאָלירנרייכער רעגנבויגן. דער מאָרגן שטעלט זיך פֿאָר אין הודעלטשיקס דמיון ווי אַ טרוים אויף דער וואָר — מיט טראַקטאָרן אויף שפּעדיקע פֿעלדער, מיט אַ ברייטן פֿאַנאַנדערבוי פֿון ווייסע הייזער; מיט פֿרייד פֿון גליק זענען פֿול די ווענט און עס הערט זיך דער רוף פֿון דער לעבעדיקער פֿרייהייט. אָט אַזוי איז אין דעם סאַמע מענטשלעכסטן תהום, אויפֿן סאַמע דנאָ פֿון לעבן אונטער דעם אָקופּאַציע־רעזשים, אין דער טיפֿעניש פֿון דער אויסשטאַרבנדיקער מאַסע פֿון לאָדזשער געטאָ אויפֿגעקומען אַ גאָלדענער טרוים פֿון סאָציאַליזם. קיין שום דעגענערירטע דיקטאַטור, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויפֿן ברוטאַלן כּוח פֿון דער געשטאַפּאָ, האָט נישט געקאָנט דערשטיקן די דאָזיקע

שטורעמונג. דער דיכטער וויל אָבער נישט בלייבן קיין פּלאַטאָנישער טרוימער. ער דערקלערט אינעם ליד, אַז כּדי דאָס צו דערגרייכן מוז מען קעמפן. און ערשט דעמאָלט, ווען עס וועט ווערן אויסגעקעמפט די נייע יושרדיקע אָרדענונג, וועט פאַרשווינדן שלעכטס, קנאה־שנאה, אונטערדריקונג, ווייל אַרבעט און ברויט וועט שטיין פאַר אַלעמען.

דודעלטשיק גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון פון דעם, אַז דאָס איז נישט קיין לייכטע אויפגאַבע. ער זעט פאָר נאָך איין דערשיינונג, וועלכע שטעקט אָרגאַניש אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג: דעם ווידערגעבורט פון היטלעריזם. אין דעם ליד „דער יידישער קבר“, וואָס איז אַ פּאַראַפראַזע פון דעם אַלטן באַקאַנטן פילם „דער אינדישער קבר“ (מיטן אַרטיסט קאָנראַד ווייַדט), ווייקלט דודעלטשיק פאַנאַנדער אַ טאַשמע פון אַ טראַגישן פילם — די גאַנצע געשיכטע פון לאָדזשער געטאָ, דאָס פייניקן די רבנים, די שחיטה אויף פּעטריקאָווער גאַס, די „איינזידלונגען“ און „אויסזידלונגען“, דעם הונגער און די „אַקציעס“. דער פילם וועט הייסן „דער יידישער קבר“. מען וועט אים נאָך דער באַפרייונג — און וועלכער דער דיכטער צווייפלט נישט קיין איין רגע — ווייזן אין אַמעריקע, פראַנקרייך און ענגלאַנד. און די ליידיס און דזשענטעלמענס וועלן זיך קוויקן: אַ שיינער פילם! אָבער זיי וועלן זאָגן: ער איז אויסגעזויגן פון פינגער, אַזוינס איז נישט געשען!

אָט ווי אַ דיכטער פון געטאָ האָט פאָרויסגעזען די היינטיקע פאַרברעכערישע פּראַקטיק פון די אימפּעריאַליסטישע מלוכות, וועלכע ווילן פאַרווישן די שפּורן פון היטלעריסטישן פעלקער־מאָרד און אויפשטעלן אויפסניי דעם נאַצישן מיליטאַריזם.

ווער איז געווען דער דאָזיקער ווייט־בליקנדיקער דיכטער דודעלטשיק, ווער זענען געווען זיינע חברים גליקסמאַן, פּאָגעלמאַן, אַש און די אַנאָנימע מחברים פון די אַנדערע בייסיקע אַנטי־יודענראַטישע סאַטירעס און פון די באַשרייבונגען פונעם אומקום — דאָס איז ביז איצט געבליבן אַ סוד פון די חורבות פון באַלוט און פון די קרעמאַטאָריעס אין אָשוויענטשים. מיר קענען נישט די קאָנקרעטע ביאָגראַפיעס פון דער דאָזיקער גרופּע דיכטער. אָבער אויספּילנדיק פון די טעקסטן פון זייערע לידער, קענען מיר מיט דער גאַנצער זהירות פעסטשטעלן, אַז דאָס זענען געווען באַוווסטזיניקע אַנטיפאַשיסטן און אויסדריקער פון די אמתע געפילן, וואָס האָבן געגורטעוועט די מאַסע פון לאָדזשער געטאָ. דאָס זענען געווען טאַלאַנטפולע פען־מענטשן, וואָס האָבן מיט געהאַסט די אונטערדריקער און פאַרטרעטער און געוועבט אַ טרוים פון אַ נייער יושרדיקער סאָציאַליסטישער אָרדענונג.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס פֿון די ייִדישע שרײַבער אין לאָדזשער געטאָ האָט אַ געוויסע צאָל איבערגעלעבט, איז פֿונדעסטוועגן נישט פֿאַראַן בײַזן הײַנטיקן טאָג קיין זכרונות־מאַטעריאַל, וואָס זאָל אַרויסברענגען לכל־הפּחות אין אַ באַשיידענער מאָס אַ בילד פֿון דעם ייִדישן ליטעראַרישן לעבן אין „ליצמאַנשטאַט“ און פֿון דעם דערהנער־וועג פֿון די דאָרטיקע שרײַבער. דאָס אײנציקע, וואָס איז דערשינען — טאַבאַקסבלאַטס „חורבן לאָדזש“ — גיט נישט בלויז נישט קיין ענטפֿער אויף דער פֿראַגע, נאָר איז דורכגעדרונגען מיט אַזאַ ראַזנשטיין־אַפּאָלאָגעטישן גייסט, אַז עס איז אַ בפֿירושע פֿעלשונג פֿון דער ווירקלעכקייט.

אַ ביסל מער מזל אין דער הינזיכט האָט געהאַט דאָס ווילנער געטאָ, וואָס וועגן זײַן ליטעראַרישן לעבן איז דערשינען מער מעמואַריסטיש מאַטעריאַל.[12] נאָר אויך אָט די מעמואַרן, הגם זיי ברענגען אַ סך אינפֿאָרמאַטיוון מאַטעריאַל, גיבן נישט קיין ענטפֿער אויף דער עיקרדיקער פֿראַגע, וואָס איז געווען די ווײַכטיקסטע אין ווילנער געטאָ ובפֿרט אין זײַנע קולטור־קרײַזן: די שײַד־ליניע צווישן קאַלמאַנאָוויטשעס קולטוריסטיש־פּראָיודענראַטישער אידעאָלאָגיע און — דער וועלט־אָנשויונג פֿון דער ווידערשטאַנד־ליטעראַטור, וואָס איר שטאַרקסטער אויסדרוק איז געווען הירש גליקס פּאַרטיזאַנישער הימן „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג“.

דאָרטן, ווו עס האָט אויפֿגעשפּראָצט אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג, דאָרטן ווו עס איז געמאַכט געוואָרן אַ מאָראַלישער דורכברוך אין דער געטאָ־מויער און די ווידערשטאַנד־באַוועגונגען פֿון בײדע זײַטן וואַנט האָבן זיך קעגנזײַטיק באַפֿרוכפּערט — איז אויך אויפֿגעקומען אַן אמת פֿאָלקיש, אַ פּאַטריאָטיש און אַנטיפֿאַשיסטיש ייִדיש־ליטעראַריש שאַפֿן. אַזוי איז געווען אין וואַרשע, אַזוי איז געווען אין קראָקע, ווו עס איז אַדאַנק דעם געשאַפֿן געוואָרן אַ באָדן פֿאַר געבירטיגס האַרציקע פּראָטעסטירנדיקע לידער, פֿאַרן פּאָעטישן קאַמף־רוף פֿון גאָליע מירע און פֿאַר דעם מערקווירדיקן טאָגבוך פֿון גוסטאַ דרענגער־דאַווידזאָן („יוסטינאַ“); אַזוי איז געווען אין ווילנע, ווו די נאָענטקייט פֿון דער כאַוועטישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג האָט באַפֿרוכפּערט די ערלעכע אַנטי־ייִדנראַטישע ייִדישע שרײַבער און גערופֿן צום לעבן גליקס באַרימט ליד. אַנדערש איז געווען אין לאָדזש. דאָ איז צו קיין קאָנטאַקט און צוזאַמענאַרבעט מיט דער אַלגעמײנער ווידערשטאַנד־באַוועגונג נישט געקומען. הערן מיר מאַקע ווייניק קאַמפֿס־מאָטיוון אין דער ליטעראַטור פֿון לאָדזשער געטאָ. אָבער דער געזונטער פּראָלעטאַרישער אינסטינקט האָט דאָך באַפֿרוכפּערט געוויסע

[12] ד״ר מ. דוואָרזשעצקיס, רייזל קאָרטשאַקס, אַבֿרהם סוצקעווערס און לזרס זכרונות, און אויך אַנדערע, וועלכע זענען אונדז נישט באַקאַנט.

רעוואָלוציאָנער־אייגנגעשטעלטע יונגע דיכטער. טיף אין דער מאַסע האָט געקלאַפּט דער אָדער פֿון פּראָטעסט, פֿון יושר־מאָנונג, פֿון טרוים צו ווערן באַפֿרייט פֿון די פּענטעס און צו דערלעבן אַ צוקונפֿט פֿון ראַשיקער בויונג. נישט געקוקט אויפֿן שוידערלעכן טעראָר פֿון רומקאָווסקיס ביוראָקראַטיש־פּאָליציי־אישער מאַשין, נישט געקוקט אויף די פֿאַרשיקונגען קיין כעלמנאָ, נישט געקוקט אויף די דראָונגען מיט געסטאַפּאָ — האָבן זיך דאָך געפֿונען גרופּעס ייִדישע און פּויליש־שרייבנדיקע דיכטער, וואָס האָבן אויסגעפֿירט זייער שרייבערישע שליחות און געדינט די אינטערעסן פֿון פֿאָלק.

אַזוי אַרום קען מען מיט דער גאַנצער קאַטעגאָרישקייט פֿעסטשטעלן, אַז דאָס ייִדישע און פּויליש־ייִדישע ליטעראַרישע שאַפֿן אין לאָדזשער געטאָ איז בדרך כלל נישט געווען קיין הויף־ליטעראַטור און אויך נישט קיין אויסדרוק פֿון ענדלאָזן פּעסימיזם און רעזיגנאַציע. די ליטעראַרישע ירושה פֿון די אומגעקומענע שרייבער, וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, אַ חוץ געוויסע אויסנאַמען, אויף וועלכע מיר האָבן אָנגעוויזן, — גייט אַריין אין דעם אוצר פֿון דער פֿאָלקס־טרייער ייִדישער ליטעראַטור.

ווען מיר וועלן צו דעם, וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל, צוגעבן די פֿאָלקס־שאַפֿונג, וועלכע איז געווען ברייט פֿאַרשפּרייט אין לאָדזשער געטאָ, די אַנטי־יודענראַטישע פֿאָלקס־געזאַנגען, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן בעל פּה, ס׳רוב דורך אַנאָנימע מחברים, און די טאָגביכער — וועט אונדזער טעזע נאָך מער ווערן באַקרעפֿטיקט.

XI

# די ליטעראַרישע ירושה פֿון די אומגעקומענע שרייבער פֿון קראָקעווער געטאָ

קראָקע האָט איבערגעלאָזט אָן אן ערך וויכטיקער כתבֿ־ידן פֿון דער געטאָ־תקופֿה ווי לאָדזש. לויט אונדזערע ידיעות, זענען בעת דער אָקופּאַציע־צייט אין קראָקע בעיקר געווען שעפֿעריש אויפֿן ליטעראַרישן געביט דריי שרייבער, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט דריי באַזונדערע שיטות אין דער ליטעראַטור, הגם אין גרונט גענומען זענען זיי געווען דורכגעדרונגען מיט די זעלביקע געפֿילן: פּראָטעסט קעגן דער אַכזריותדיקער ווירקלעכקייט און גלויבן אין בעסערע טעג, וואָס מוזן קומען. די דאָזיקע דריי, וואָס האָבן מיט פֿאַרשידענע מיטלען אויסגעדריקט אָט די געפֿילן פֿון דער פֿאַרמוטשעטער ייִדישער באַפֿעלקערונג, זענען געווען מרדכי געבירטיג, גאָליע מירע און גוסטע דאַווידזאָן־דרענגער. אַ גרעסערער ביטל לידער איז געבליבן נאָך געבירטיגן — אַדאַנק דעם, וואָס אַ משפּחה האָפֿמאַן, דעם דיכטערס נאָענטע פֿריינד, האָבן מיט מסירת־נפֿש אויסבאַהאַלטן די ווערטפֿולע ירושה. פֿון גאָליע מירע, וועלכע האָט אירע ייִדישע און פּוילישע לידער געשריבן אין תּפֿיסה, האָבן זיך דערהאַלטן בלויז צוויי שאַפֿונגען (אין דער פּוילישער שפּראַך). עס האָט זיך אויך אָפּגעראַטעוועט דער טאָגבוך פֿון גוסטע דאַווידזאָן־דרענגער, וועלכע איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּאַמיענטניק יוסטינע" (יוסטינעס טאָגבוך). וועגן אַנדערע אומגעקומענע מחברים פֿון קראָקעווער געטאָ זענען צו אונדז נישט דערגאַנגען קיין שום ידיעות.

די צענטראַלע ייִדישע ליטעראַרישע פֿיגור פֿון קראָקעווער געטאָ איז געווען מרדכי געבירטיג (דער פּסעוודאָנים פֿון: מרדכי בירטיג), דער אַלט־באַקאַנטער און פּאָפּולערער פֿאָלקס־דיכטער, דער מחבר פֿון צענדליקער האַרציקע לידער, וואָס אַ סך פֿון זיי זענען אַריין אינעם פֿאָלקס־מויל אַנאָנים און געוואָרן אַזוי אַרום אַן אייביק אייגנטום פֿון אונדזער פֿאָלקס־שאַפֿן.

מיט געבירטיגן איז אין דער תּקופֿה פֿון מלחמה, אָקופּאַציע, געטאָ און אומקום געשען אַ מערקווירדיקע זאַך. אַ ליד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן פֿאַר

דער מלחמה, אין יאָר 1938, איז געוואָרן איינס פון די סאַמע פּאָפּולערסטע מאָטיוון ביי די טויט־באַדראָטע יידן אין פאַרשידנסטע מקומות פון זייער מאַרטירעריי. געבירטיג, וועלכער איז תמיד געשטאַנען נאָענט צום פאָלק, צו זיינע איבערלעבענישן און געפילן, איז אין דער צייט פון פּשיטיק, ווען דער רעגענעריטער קאָנאַציע־רעזשים האָט זיך אַלץ מער איבערגענומען מיט די פאַשיסטישע און ראַסיסטישע מוכטערן פון „דריטן רייך", אַרויס מיט אַן אַלאַרם־ליד: „אונדזער שטעטל ברענט!". אין אָנבליק פון דער פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די סאַנאַטאָריש־ענדעקישע עלעמענטן, אין אָנגעזיכט פון דער „גירענבערגער געזעצגעבונג", וועלכע די אָזאָן־רעגירונג האָט זיך געגרייט איינצופירן אין פּוילן, פּנים אל פּנים מיט דעם אַרויסשטויסן מילאָנען יידישע אַרבעטער, בעלי־מלאכות, קליינהענדלער, אינטעליגענץ פון די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, און מיט דער מאַדאַגאַסקער־העצע — האָט מרדכי געבירטיג, אַ פּשוטער יידישער פאָלקס־מענטש פון קראָקע און אַ דיכטער מיט אַ עמפּעריקער אינטואיציע און אַ פאָלקס־טריי הארץ, אַרויסגעשיקט זיין פּאַטעטישן אַלאַרם־סיגנאַל צו די יידישע מאַסן:

„ס'ברענט, ברידערלעך, ס'ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן
שטאַרקער נאָך די ווילדע פלאַמען,
אַלץ אַרום שוין ברענט!"

געווען נאָך יידישע שרייבער אין דעמלטיקן פּוילן, וואָס האָבן מיט זייער וואָרט געוואָרנט און אַלאַרמירט די יידישע מאַסע. געבירטיגס ליד האָט דאָך געקאָנט ווירקן דירעקטער, ווייל „אונדזער שטעטל ברענט" איז — ווי סך־הכל געבירטיגס לידער — געווען איינציייטיק אַ געזאַנג; דער דיכטער האָט, ווי באַקאַנט, אַליין קאָמפּאָנירט מעלאָדיעס צו זיינע לידער. דער ניגון פון „אונדזער שטעטל ברענט" שאַפט די געהעריקע אַלאַרם־שטימונג וצום אינהאַלט פונעם ליד. דער דיכטער וואָרנט די יידן, הלמאַי זיי שטייען און קוקן זיך צו צו דער בראַנד־שרפה מיט פאַרלייגטע הענט, און ער פאַרענדיקט מיטן שטאַרקן עלוג־אַקאָרד, וואָס קלינגט ווי אַ רוף צו אַקטיווער זעלבשוץ:

„ס'ברענט, ברידערלעך, ס'ברענט.
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט.
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באַווייזט, אַז איר דאָס קענט.

שטייט נישט, ברידער, אָט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט.
שטייט נישט, ברידער, לעשט דאָס פייער —
„אונדזער שטעטל ברענט!“

און אינטערעסאַנט: דאָס דאָזיקע ליד איז בשעתו געווען ווייניק באַקאַנט. ערשט אין דער געטאָ־צייט איז געבירטיגס אַליאַרם־רוף געוואָרן ברייט פּאָפּולער. ווי די וויזיע פון דער שׂרפה, סיי דער אַפּעל צו אַקטיוון קאַמף האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין דער שטימונג פון גרויסע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

פּונקט, ווי פּרצעס „אָ, מיין נישט, די וועלט איז א קרעטשמע“, אַזוי האָט זיך נאָך שטאַרקער און הילכיקער געלאָזט הערן געבירטיגס ליד וועגן דער ברענענדיקער היים. אַזוי אַרום איז דאָס דאָזיקע ליד פון יאָר 1938 געוואָרן אַ טייל פון דער ווידערשטאַנד־ליטעראַטור פון געטאָ. נישט בלויז די יידישע קעמפער פון קראָקעווער געטאָ, נאָר אויך פון אַנדערע מקומות האָבן געזונגען דאָס דאָזיקע ליד. דערפון שטאַמען די טעותים, וואָס געוויסע זאַמלער באַגייען בנוגע „אונדזער שטעטל ברענט.“[1]

געבירטיק האָט זיך געמאַטערט מאַטעריעל א גאַנץ לעבן. נאָך שווערער איז אים געווען אין געטאָ. א 62־יאָריקער איז ער אַריינגעפאַלן צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. ער ווערט אַרויסגעפירט אין דעם לאַגער לאַגעווניקי (א פאָרשטאָט ביי קראָקע), און דערנאָך, תחילת 1942, געפינט ער זיך אין קראָקעווער געטאָ. די גאַנצע צייט, נישט געקוקט אויף אַלע נאַציאָנאַלע און פּערזענלעכע צרות, הערט ער נישט אויף צו שרייבן. זיין שאַפן און לעבן זענען איבערגעשניטן געוואָרן דעם „בלוטיקן דאָנערשטיק“, דעם 4־טן יוני 1942, בעת דעם גירוש פון קראָקעווער געטאָ צום טויט. טויזנטער קראָקעווער יידן האָט מען פאַרשלעפּט קיין בעלזשעץ, אין דעם טויט־לאַגער אַריין. דעם 65־יעריקן דיכטער האָט געטראָפן אַ „זכות“. ער איז געפאַלן פון אַ קויל בעת דער „אויסזידלונג“ און האָט אויסגעהויכט די נשמה אויפן היימישן ברוק, צו וועלכן ער איז געווען אַזוי שטאַרק צוגעבונדן.

---

[1] די לידער־זאַמלונג „זינג מיט מיר“, אַרויסגעגעבן דורכן „אַרבעטער־רינג“ אין ניו־יאָרק, גיט אָן ביי געבירטיגס „עס ברענט“ („אונדזער שטעטל ברענט“) די דאַטע 1942. אויך די זאַמלונג „לידער פון די געטאָס און לאַגערן“, וואָס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן דורך דער „ציקאָ“ אין ניו־יאָרק, נעמט אריין דאָס דאָזיקע ליד אָן שום באַוואָרענישן און בכלל אָן א דאַטע אין דער געטאָ־ליטעראַטור און שאַפט אַזוי אַרום דעם איינדרוק, אז דאָס ליד איז אַנטשטאַנען אין געטאָ. דאָס איז נישט, אגב, דער איינציקער פעלער אין אָט די זאַמלונגען; דער ניו־יאָרקער ייוואָ מאַכט דעם זעלביקן פעלער.

צו געבירטיגס ליטעראַרישער ירושה פון דעם געטאָ־פעריאָד געהערן פופצן לידער.[2] עס איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז ביי געבירטיגס פריינט יאַן האָפמאַן און זיינע שוועסטער יוליע און האַנקע זאָלן זיך געפינען נאָך 20 נישט פאַרעפנטלעכטע לידער פון דעם קראָקעווער פאָלקס־טרובאַדור.[3] צווישן די פאַרשיידענע פאַפירן פון קראָקעווער געטאָ, וואָס זענען געפונען געוואָרן אין יאָר 1950, איז פאַראַן אַ צווייסטראָפיק ליד, און ס'איז אַ סברה, אַז דאָס געהערט אויך צו געבירטיגן. דאָס איז אַ דין תּורה מיט גאָט, וועלכער פאַרהיט — ווי עס זינגט דער דיכטער — די רוצחים פון אַלדאָס בייז. ווי עס זאָל נישט זיין, קען מען נישט זאָגן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז מיר פאַרמאָגן, אָדער מיר ווייסן וועגן אַלע לידער, וואָס מרדכי געבירטיג האָט געשאַפן אין קראָקע און אין לאַגער בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

די פופצן פאַרעפנטלעכטע לידער פון מרדכי געבירטיג לאָזן זיך איינטיילן אין דריי גרופעס — לויט דער קריטעריע פונעם אָרט און פון דער צייט, ווו און ווען זיי זענען געשאַפן געוואָרן. די לידער „ערב יום־כּיפּור“ (דער אָנהייב פון די יידישע ליידן, תּחילת דער אָקופּאַציע), „שיפּרעלעס פאָרטרעט“ (שיפרע — איינע פון געבירטיגס דריי טעכטער), „ס'טוט וויי“ (געווענדעט קעגן די פוילישע אַנטיסעמיטן, וועלכע זענען צופרידן מיט דעם אָנגריף פון די היטלער־לייט אויף די יידן), „מיגוטן פון בטחון“ („יידן, זאָל זיין פריילעך, מיר האָבן זיי אין דרערד!“ און „געווען אַ מאָל אַ המן, עס וואַרט אויף אים זיין סוף“) — די אַלע לידער זענען געשריבן געוואָרן אין דעם צייט־אָפּשניט נאָוועמבער 1939 — אָקטאָבער 1940 אין קראָקע פאַרן שאַפן דעם געטאָ. דאָס ליד „בלייב געזונט מיר, קראָקע!“ — איז געשריבן אינטערן איינדרוק פונעם גירוש פון דער אַלטער היים אין דעם לאַגער לאַגעווניקי. ס'איז אַן עגלעבער כּאָמיוו ווי שאַיעווימשעס „לך לך“, הגם מיט אַנדערע מיטלען אויסגעדריקט:

„בלייב געזונט מיר, קראָקע!
איך זע זיך אפשר היינט
ס'לעצטע מאָל מיט אַלץ וואָס ליב איז מיר.
אויף מיין מאַמעס קבר
ס'האַרץ זיך איסגעווייגט.
שווער געווען דאָס שיידן זיך מיט איר.

[2] זיי זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער אויסגאַבע פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע, 1946.

[3] זע דעם אַרטיקל פון משה בלעכער אין דער צייטשריפט „נידערשלעזיע“ נ' 12 (14).

„בלייב געזונט מיר, קראָקע!
בלייב זשע מיר געזונט.
ס'וואַרט די פור געשפּאַנט שוין פאַר מיין הויז.
ס'טרייבט דער ווילדער שונא,
ווי מען טרייבט אַ הונט,
מיט אַכזריות מיך פון דיר אַרויס".

די שאַפונגען פונעם לאַגעווניקי־לאַגער — פון דער צייט יאַנואַר 1941 — אָנהייב יאַנואַר 1942 — די לידער: „איך האָב שוין לאַנג", „געהאַט האָב איך אַ היים", „אַ זוניקער שטראַל", „מיין חלום", „גלאָקן־קלאַנג" און „אַ טאָג פון נקמה" — זענען אַ געמיש פון בענקשאַפט נאָך דער היים, הגם זי האָט פאַרמאָגט נישט מער ווי „אַ ביסל ווירטשאַפט ווי ביי אָרעמע לייט", און פון גלויבן אין באַפרייונג:

„שטיי אויף, מענטש, עס טאָגט שוין, דער שטראַל צו מיר רעדט,
אַט שפּאַנט שוין מיט פרייד, מיט אַ שטראַלן־בוקעט
דער פרילינג, דער אָנזאָג פון פרידן.
באַלד וועט פון זיין בליק זיך צעבליען דאָס פעלד
און ליכטיק און פריי וועט באַלד ווערן די וועלט —
פאַר אַלע! און אויך פאַר אייך, יידן".

(„אַ זוניקער שטראַל")

די דאָזיקע מונטערע ווערטער זענען געשריבן געוואָרן אין חודש מאַי, 1941 — ווייזט אויס, אונטערן איינדרוק פון ערשטן מאַי, ווען די פּאַטענציעלע ווידערשטאַנד־עלעמענטן אין דער אונטערערד האָבן געפייערט מיט גלויבן אין זיג פון די פרייהייט־ליבנדיקע כוחות. דער דאָזיקער גלויבן באַקומט אין געבירטיגס ווייטערדיקע לידער מער קראַפט און זיכערקייט אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1941 — געוויס אונטערן איינדרוק פון דעם מסירת־נפשדיקן קאַמף פון דער רויטער אַרמיי. אין דעם ליד „גלאָקן־קלאַנג", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין אָקטאָבער 1941, אינעם לאַגעווניקי־לאַגער, רופט דער דיכטער אויס מיט אויפריכטיקן פּאַטאָס:

„נישט לאַנג שוין, נישט לאַנג
וועט הולייען דער טייוול,
וואָס אים נאָך אַדאַנק
וועלט שטייט אין פלאַמען.
גלין־גלאַנג — גלין־גלאַנג,
נישט לאַנג שוין!
עס קומט זיין מפּלה!".

סײַ אין דעם ליד, סײַ אין אַנדערע, לאָזט זיך באַמערקן דער אײַנפֿלוס פֿון אברהם רייזענס לידער פֿון זײַן סאַמע ראַדיקאַלן פּעריאָד. דער גלאָקן־קלאַנג בינדט זיך אין געבירטיגס דיכטערישער פֿאַנטאַזיע מיט אַן אָנזאָג פֿון דעם סוף פֿון המן דעם צווייטן — פֿון אַדאָלף היטלער און זײַן מענטשן־פֿײַנטלעכן רעשים; דער זעלביקער גענויל זינגט אַרויס בײַ געבירטיגן אין זײַן פֿריערדיקן ליד „מינוטן פֿון בטחון“.

פּונקט ווי אין וואַרשעווער געטאָ, אַזוי האָט מען אויך אין קראָקעווער געטאָ און אינעם לאַגעווניקי־לאַגער געהערט וועגן דער ערשטער גרויסער מפּלה פֿון דער דײַטש־פֿאַשיסטישער אַרמיי אויף די פֿאָר־פֿעלדער פֿון מאָסקווע אין האַרבסט 1941. בײַ געבירטיגן, וועלכער איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג, רופֿט זיך תּיכּף אָפּ דער אָפּטימיסטישער חוש פֿון דער פֿאָלקס־מאַסע. אין די אונטערערדישע קרײַזן פֿון לאַנד, און אויך בײַ די ייִדן, פֿילט מען שוין דעם אָנקום פֿון שטורעם, פֿון אַ דעצידירטער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. דער דיכטער דריקט אויס די שטאַרק־שלאָגנדיקע געפֿילן פֿון די ווידערשטאַנד־לעכצנדיקע עלעמענטן אין זײַן ליד פֿון פֿינפֿטן יאַנואַר 1942, וואָס טראָגט דעם כאַראַקטעריסטישן טיטל „אַ טאָג פֿון נקמה“:

„דער מענטש וועט דערוואַכן. קיין ספֿק נישט מער.<br>
דערזען דעם גרויל פֿון מלחמות,<br>
ווי אונדזערס אַ נביא אַ הילך טאָן וועט ער:<br>
נקמה! כ'וועל נעמען נקמה!<br>
ס'וועט קומען דער טאָג, יאָ, איך האָף און גלייב,<br>
איך זע, ברידער, זײַן אָנקום פֿון ווײַטן.<br>
און ברענגען וועט אונדז ווי נחת אַ טויב<br>
אַ בשורה פֿון פֿרידלעכע צײַטן“.

פֿון פֿרילינג 1942 ביזן פֿאַטאַלן פֿערטן יוני פֿון זעלביקן יאָר געפֿינט זיך געבירטיג ווידער אין קראָקע — אָבער נישט אויף דער פֿרײַ, נאָר אין דער ריזיקער תּפֿיסה, וואָס רופֿט זיך אָן געטאָ. דאָס איז דער לעצטער פּעריאָד פֿון זײַן שאַפֿן און לעבן. דאָס פֿינצטערע, כּסדר אומרואיקע לעבן אין געטאָ, דאָס לעבן אינעם שאָטן פֿון גירוש און אומקום, ווירקט שטאַרק דערדריקנדיק אויפֿן געמיט פֿון אַלטן, פֿיזיש צעבראָכענעם דיכטער. מערקווירדיק, ווי אומעטום, אין אַלע געטאָס זינגען אויס די ייִדישע דיכטער אַן ענלעכן מאָטיוו: ס'איז פֿרילינג אין דרויסן, אָבער —

„דאָ אַרום אונדז האָט זיך יאוש פֿאַרשפּרייט,<br>
דאָ אַרום אונדז שטייען מויערן באַוואַכט,<br>
ווי פֿאַר דער תּפֿיסה באַנאַכט“.

דעם דאָזיקן מאָטיוו האָבן מיר געהערט ביי די דיכטער פון וואַרשעווער געטאָ, דעם זעלביקן מאָטיוו ברענגט אַרויס שאַיעוויטש פון לאָדזש אין זיין פּאָעמע „פרילינג תש״ב“. און אַט זאָגט געבירטיג אין זיין ליד „אונדזער פרילינג“ (מאַי, 1942):

„פרילינג — שוין פרילינג! באַלד קומט אָן דער מאַי,
נאָר אין דער לופט פילט זיך פולווער און בליי.
ס׳אַקערט דער תלין מיט זיין בלוטיקער שווערד,
איין גרויס בית־עולם די ערד“.

די שטימונג פונעם ליד „אין געטאָ“ — אויך פון חודש מאַי 1942 — געפינט זיך אינגאַנצן אונטערן צייכן פון די מוראדיקע גירושים פון בעלזשעץ:

„און אַזוי ליגט מען, אין אימה און שרעק,
געיאָגט און דערנידעריקט ווי קנעכט —
און אַזוי ציען זיך אונדזערע טעג,
אונדזערע שלאָפלאָזע נעכט“.

געבירטיגס לעצטע שאַפונג (אויך פון מאַי 1942), וואָס איז אונדז באַקאַנט, איז דאָס ליד „ס׳איז גוט“, וואָס איז געשריבן מיט ביטערניש און גאַל. דער דיכטער האָט אַ טענה צו יענע יידן, וואָס מיינען אין זייער נאַיווקייט, אַז דער היטלעריזם וועט פּלאַצן פון זיך אליין. וואָס מער טעריטאָריעס דער שונא שלינגט איין, שרייען זיי: ס׳איז גוט!

„דער שונא פרעסט לענדער
און נעמט אָן אויפהער,
דער מאָגן אַ פולער,
פאַרנעמט שוין נישט מער —
און יעדעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
און יעדעלעך קוועלן: ס׳איז גוט,
ס׳איז ווויל, ס׳איז פיין,
זיין מאָגן נישט ריין.
...„דער שונא פון נעמען
איז מיד און קראַנק.
זיך איבערגעפרעסן
און האָט קיין אויסגאַנג.
...„ס׳איז ווויל און ס׳איז פיין,
זיין סוף וועט באַלד זיין“.

געבירטיג זאָגט דערצו: אָמן. ער ווינטשט זיך, נאַטירלעך, דעם גיכן זויסט סוף פון די פייניקער. אָבער צווישן די שורות לייענען מיר אַרויס דעם מחברס



1075—13

צווייפל אין אויטאָמאַטישן קראַך פון דער היטלעריסטישער קראַפט. „די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט" — האָט שוין געבירטיג געוואָרנט אין יאָר 1938, און „אונדזער שטעטל ברענט". אין מאַי 1942 האָט זיך די יידישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין קראָקע געפונען נאָך אין די וויקעלער. אירע קאַמפס־אַרויסטריטן הייבן זיך אָן שפּעטער, ערשט אין האַרבסט. אַזוי אַרום האָט נאָך נישט דערלעבט געבירטיג פאַר זיך אויפן געביט פון קראָקעווער געטאָ קיין קאָנקרעטן מוסטער פון קאַמף. אָבער ער פילט מיט זיין געזונטן פאָלקס־אינסטינקט, אַז וואַרטן אויף דעם צוזאַמענבראָך פון שונא פון זיך אַליין איז נישט ריכטיק. און אומדירעקט וואָרנט ער און רופט צו דעם זעלביקן, וואָס ער האָט סיגנאַליזירט ערב דער קאַטאַסטראָפע, נאָענט פאַר דער מלחמה.

געבירטיגן איז נישט באַשערט געווען צו דערלעבן די באַרימטע קאַמף־אַקציעס פון דער אַנטיפאַשיסטישער יידישער יוגנט פון קראָקע, וועלכע האָט, ווי א טייל פון דער פאָלקס־גוואַרדיע און צוזאַמען מיט די פּוילישע גוואַרדיסטן, אַדורכגעפירט די באַרימטע אַטענטאַטן אויף די היטלעריסטישע זאַמל־ערטער, אויף די באַן־ליניעס און אַנדערע, וואָס האָבן אויפגערודערט די גאַנצע פּוילישע אונטערערד און אַריינגעבראַכט דעם אָקופּאַנטישן רעזשים אין אַ שרעקלעכן גרימצאָרן. געבירטיג האָט נישט זוכה געווען צו זען די פרוכטן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. דעם שפּעטערדיקן פּאָדיום, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיט געבירטיגס מאַרטירערישן טויט, האָט איבערגענומען די קאָמוניסטישע טוערין און דיכטערין גאָליע מירע, דאָס צענטראַלע געשטאַלט פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין קראָקע.

גאָליע מירע, אַן אַלטע קאָמוניסטישע טוערין, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ ריי יאָרן תפיסה אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן, די דערציערין פון די יונגע קעמפער פון קראָקעווער געטאָ, איז געווען געבענטשט אויך מיט א פּאָעטישן טאַלאַנט. זי האָט געשריבן אין יידיש און אין פּויליש. גאָליע מירע האָט געווירקט אויף אירע יונגע קאַמפס־חברים הן מיט איר לאַנגיעריקער רעוואָלוציאָנערער דערפאַרונג, הן מיט אירע לידער. אָט ווי זי ווערט כאַראַקטעריזירט אין „יוס־טינעס טאָגבוך" דורך דער פאַרבליבענער פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין קראָקעווער געטאָ גוסטע דאַווידזאָן־דרענגער:

„קיין אָפּציִרן זענען זיי (די יונגע קעמפער — ב. מ.) אַזוי אַרום קיינמאָל נישט געווען. און זיי זענען נישט געווען בכוח צו פירן זייערע יונגע (חברים) צום פייער־קאַמף. מיר זענען געווען גרייט צו ווערן פשוטע סאָלדאַטן, כדי זיך אָפּצוגעבן אין די הענט פון אַ גרויסן פירער, וועלכער וועט פאַרשטיין די נויטיקייט פון דעם מאָמענט און וועט זייער יוגנטלעכן ברען פאַרוואַנדלען אין אַ העלדישן אויפטו. אַזוי האָבן זיי געזוכט אַ פירער מיט אַ מיליטערישער דערפאַרונג, ווייל דאָס האָט זיי טאַקע געפעלט".

„זיי האָבן אָפּגעוואָרפן יעדע פאַלשע בושה און זענען אוועק זוכן, אַזוי האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיט דער אַרבעטער־פאַרטיי (פּפּר — ב. מ.), וואָס האָט אייגנטלעך משפיע געווען אויף דעם באַשלוס טאַקע אין אָט דער ריכטונג? וואַרשיינלעך האָט דעם דירעקטן שטויס געגעבן די פּערזאָן פון לידקע" (דער פּסעוודאָנים פון גאָליע מירע — ב. מ.).

„...די מלחמה האָט זי באַגעגנט אין תפיסה, זי איז געווען פאַרמשפּט אויף פופצן יאָר פעסטונג. נאָך דריי יאָר, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער קריג — האָט זי זיך אַרויסגעריסן צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטירטע פון די קראַטעס. זי האָט זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. זי האָט זיך פאַראייניקט מיט איר מאַן, ביז די מלחמה־זאַווערוכע האָט אים אַוועקגעריסן. זי איז דעמאָלט געבליבן איינע אַליין מיט אַ פּיצל קינד. זי האָט זיך באַפרייט פון דער אַרבעט, גענומען אורלויב אין דער פאַרטיי, כדי בלויז צו אַנטוויינען און פאַרזיכערן איר עופעלע. זי האָט עס ליב געהאַט מער ווי דאָס לעבן. זי איז געווען אַ מוטער אין פולן זין פון וואָרט. די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט האָט נישט פאַרטויבט אין איר די מוטערלעכע צערטלעכקייט. זי האָט עס געוואָלט לאָזן ביי די קרובים, כדי זיך אומקערן צוריק צו דער אַרבעט".

„זי איז אַריינגעלאָפן צו באַקאַנטע, אַוועקגעלייגט דאָס קינד אויפן בעט און איז אַרויס אין שטאָט. דאָס קינד איז געווען שיין און זאָרגעוודיק אויסגעהאָדעוועט. עס איז קאָנטיק געווען, אַז די מוטער, כאָטש זי האָט אַליין שטאַרק געהונגערט, האָט זי אין אים אַריינגעלייגט די גאַנצע קראַפט פון איר ליבשאַפט. ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט שוין דאָס קינד נישט געלעבט."[4]

ווייטער דערציילט גוסטע דרענגער־דאַווידזאָן, אַז — נישט געקוקט אויפן גרויסן פערזענלעכן אומגליק — האָט זיך מירע ווידער אַריינגעוואָרפן אין דער אונטערערדישער אַרבעט. זי איז געווען פאַר די יונגע קעמפער אַ מוסטער פון אַ גרויסער קעמפערין, מיט אַ וואַרעם פרויען־האַרץ. „איר פערזאָן און איר פערזענלעכער ווערט האָט געהייסן גלויבן אין דעם כוח פון דער פאַרטיי"[5] (פון פּפּר).

די לידער, וועלכע מירע האָט אָנגעשריבן, זענען, ווייזט אויס, געשאַפן געוואָרן כ'רוב אין דוביכה ערב פרילינג 1943. ווי עס גיבן איבער עדי ראיה,[6] האָבן אירע לידער געמוטיקט די אַנדערע ייִדישע חברטעס פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס זענען געזעסן אינאיינעם מיט איר אין טורמע. גאָליע מירע האָט

---

[4] G. Draenger: , „Pamiętnik Justyny", Kraków, 1946, str. 60-61.

[5] דאָרטן.

[6] די עדות לעבן היינט אין פוילן. זייערע דערקלערונגען ווערן באַשטעטיקט דורך די עדות, וועלכע עס ציטירט אין זיין באַאַרבעט צו דער העברעישער איבערזעצונג פון „יוסטינעס טאָגבוך", תל־אביב, 1953, נ. בלומענטאַל.

אָנגעשריבן אין יידיש אַ ליד „ביים וויג פון מיין קינד“ — קאָנטיק, אונטערן ווייטיקלעכן איינדרוק פון דעם טראַגישן פאַל. דאָס ליד איז, ליידער, נישטאָ. פּינקט אַזוי זענען פאַרלוירן געגאַנגען אַנדערע אירע לידער פון תפיסה, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין פּויליש. צוויי פּוילישע לידער פון גאַליע מירע „אייראָפּע אין בלוט“ און „צו טאַט“!“[7] — זענען דורך אומבאַקאַנטע וועגן ניצול געוואָרן, אָבער זיי זענען דערגאַנגען בעל פּה און דורך אָפּשריפטן.

און ביידע לידער פילט זיך דער הויכער פּאָליטישער באַוווסטזיין פון דער אויטאָרין. אייראָפּע ווייקט זיך אין בלוט, און די מערבדיקע גרויסמאַכטן וואַרטן אָפּ, בלויז די רויטע ארמיי שווייגט נישט איר בלוט און איז זיך מקריב פאַר אַלע אונטערדריקטע פעלקער. מירעס שורה איז ברייט־אָטעמדיק, איר וואָרט איז קלאָר, איר פאַרגלייך איז באַפרייט פון מאָדערניסטישע היפּערבאָלעס. איר פערז איז אַ פּלאַמיקער רוף. פון תפיסה־קאַמער שיקט זי אַרויס צו די חברים דאָס פּוילישע ליד „צו טאַט“. דאָס ליד איז נישט בלויז אַן אַפּעל צום קאַמף, נאָר גיט אויך אַ באַוויניקונג דער שליחות פון אמתער פּאָעזיע. די דיכטערין גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון פון דעם, אַז קוילנוואַרפערס זענען פעסטער פון ווערטער, אָבער — וואָס זאָל מען טאָן מיט די ווערטער, וואָס רייסן זיך צום אויסדרוק, אַזוי ווי מענטשן צו אַ שלאַכט? אין פיין קומען אויף די ווערטער, וועלכע צעשפּאַרן דאָס האַרץ, די ווערטער, וואָס קענען ווירקן פּונקט ווי אַ ביקס, ווייל זיי רופן: צו טאַט, צו טאַט.

אין תפיסה איז צוזאַמען מיט מירען און אַנדערע קעמפערינס געזעסן אויך די יונגע פאַרבינדלערין גוסטע דאַווידזאָן־דרענגער (פון דער יוגנטלעכער „עקיבא“־גרופּע). זי האָט געאַרבעט איבער איבערזעצן געבירטיגן און אַנדערע שרייבער אויף פּויליש. אָבער דאָס איז צו אונדז נישט דערגאַנגען. דרענגער האָט איבערגעלאָזט אַ מערקווירדיקן דאָקומענט, וואָס איז ווערטפול סיי פון היסטאָרישן, סיי פון ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט. דאָס איז „יוסטינעס טאָגבוך“, וועלכער עפנט פאַר אונדז אַ בילד פון די גבורות־ווייען פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין קראָקעווער געטאָ און זאָגט איינציייטיק עדות אויף דעם בפירושן ליטעראַרישן טאַלאַנט פון דער פּויליש־שרייבנדיקער אויטאָרין. דאַווידזאָן־דרענגער געפינט זיך אונטער צוויי קעגנזעצלעכע איינפלוסן: בזשאָזאָווסקיס דעקאַדענטישער ראָמאַנטיזם פון איין זייט, און — די אינטערדערדישע ליטעראַטור צוזאַמען מיט דער דירעקטער ווירקונג פון געבירטיגס און מירעס פּאָעזיע — פון דער צווייטער. ביידע ווירקונגען האָבן זייער תיקון אין „יוסטינעס טאָגבוך“, וועלכער איז, ליידער, אונדז נישט באַקאַנט אין זיין פולן פאַרנעם און

[7] „Europa we krwi“, „Do czynu“.

אין זיין אמתן געשטאלט, וואָרעם דערגאַנגען איז ער אָן א רייע קאַפּיטלען און טיילווייז אין קאָפּיעס. אדאנק דער בפירושער אויפריכטיקייט פון דער אויטאָרין גיט אונדז „יוסטינעס טאָגבוך“ א מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין די חבלי־לידה פון דער באַוועגונג און זיך צו באַקענען מיט א רייע אינטערעסאַנטע געשטאַלטן פון דער קאמף־אונטערערד אין קראָקעווער געטאָ מיט איר העראָישן און טראַגישן גורל.

א געוויסע ליטעראַרישע שאַפונג (אין דער פוילישער שפּראַך) איז געווען אויך אין פּלאַשאָווער לאַגער ביי קראָקע און אין פּאַרטיזאַנישן וואַלד אין קראָקעווער געגנט (אין יידיש). מיר פאַרמאָגן געוויסע שאַפונגען פון די צוויי געביטן נאָר אין אָפּשריפטן. פון די מער באַגאַבטע ליטעראַריש־שעפעריישע אסירים פון פּלאַשאָוו איז כדאי אויסצורעכענען האַלינאַ נעלקען און איליאַ מאַרמעל. פון דער פּאַרטיזאַנישער שאַפונג פון קראָקעווער געגנט זענען אונדז באַקאַנט נאָר די לידער פון יצחק אראָן, וועלכער שטאַמט, ווייזט אויס, פון א שטעטל פון קראָקעווער פּראָווינץ. אראָנס לידער שטעלן מיט זיך פאָר גיכער דאָקומענטן פון דער צייט איידער ליטעראַרישע ווערק. כאַראַקטעריסטיש איז דאָס ליד „דער פּאַרטיזאַן משה“, דאַטירט אין נאָוועמבער 1943, וואָס איז פול מיט מוט און בראַוורישקייט. יצחק אַראָנס לידער געהערן צום מין פאָלקסשאַפן.

אויפן ביישפּיל פון דער קליינער צאָל שרייבער פון קראָקעווער געטאָ זעען מיר, ווי — נישט געקוקט אויף דער בצימצומדיקער צאָל און אויף די קאָלאָסאַלע שוועריקייטן (גירושים און תפיסות) — האָט זיך די ליטעראַרישע שאַפונג פון דעם דאָזיקן געטאָ דעראָבערט אַן אָרט סאַמע אויבנאָן אין דער יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט — קודם כל אדאנק דער ווידערשטאַנד־אַטמאָספער, וואָס הערשט אין איר.

אַ וויכטיקע ראָל האָט אין קראָקעווער געטאָ געשפּילט אויך דער פאַקט, וואָס דער יודענראַט האָט דאָ — נישט געקוקט אויף דער גאָענטקייט פון דעם זיץ־אָרט פון די צענטראַלע אָקופּאַנטישע אמטן — געהאַט א סך א קלענערן איינפלוס אויף דער באַפעלקערונג ווי ערגעץ אַנדערש. די קראָקעווער יידן האָבן שוין אין סאַמע אָנהייב פון די ערשטע גירושים, וועלכע האָבן געהאַט אין פאַרגלייך מיט די שפּעטערדיקע א מילדן פאַרלויף, אַרויסגעוויזן אַן עקשנות און אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד, טראָץ דעם, וואָס דער יודענראַט האָט אַלץ געטאָן, בדי נושא חן צו זיין אין די אויגן פון דער היטלעריסטישער מאַכט. מיר האָבן אין קראָקע אַזעלכע דערשיינונגען פון קולטור־דיווערסיע, ווי גאַנצווייך, גענס, רומקאָווסקי, מערין, נישט געהאַט, הגם יידישע געסטאַפּאָ־שפּיאָנען זענען דאָ געווען פאַרהעלטנישמעסיק מער ווי אין אַנדערע געטאָס.

## X

# א פאַרשווונדענע שאַפונג

(וועגן די אומגעקומענע שרייבער פון ביאַליסטאָקער געטאָ)

עס איז מערקווירדיק, וואָס אין ביאַליסטאָקער געטאָ, ווו עס איז הווקא יאָ געווען אַן אונטערערדישער אַרכיוו, האָט זיך אָפּגעראַטעוועט זייער אַ קליינע צאָל ליטעראַרישע שאַפונגען. ווען מיר נעמען אין אַכט די באַדייטנדיקע צאָל יידישע שרייבער, וואָס האָבן געלעבט אין ביאַליסטאָקער געטאָ, און די זיכערע ידיעות וועגן דעם, אַז אַ סך פון זיי האָבן געשאַפן, קומט אונדז אויס דער ראָזיקער פאַקט נאָך מער חידושדיק. אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָבן זיך געפונען די פאָלגנדיקע שרייבער: דער דיכטער און איבערזעצער פסח קאַפּלאַן, דער אַלטער היסטאָריקער שמואל הערשבערג, דער פאָלקלאָר-זאַמלער חיים-צבי זאַבלודאָווסקי, בריסקער אָנאָליקער בעקרעטמאַר און דער מחבר פון זכרונות וועגן אונדזער קלאַסיקער אהרן אַלבעק, די נאָוועליסטן י. ל. שאַצקי, אהרן בערעזינסקי און משה טייכמאַן (אַ פּליט פון וואַרשע), די דיכטער זיישע באַגיש (ליטעראַרישער פסעוודאָנים פון ב. ווייסמאַן, אַ פּליט פון לאָדזש), משה („שלומהקע") בורשטין, יעקב (דזשעק) גאָרדאָן און מייזלער, דער דראַמאַטורג אייזיק רוסקאָלענקער (אַ פּליט פון וואַרשע), די ליטעראַטור-קריטיקער זבולון ריינאָוויטש (אַ פּליט פון וואַרשע) און שמשון בראַטמאַכער, די זשורנאַליסטן אברהם טיקטין, ל. פייגין, משה ווייסאָצקי, משה קוריאַנסקי, אשר זשושאַנאָוויטש, יוסף רובינליכט און ביניש שולמאַן (פון מינסק).

עס זענען אויך געווען אין ביאַליסטאָקער געטאָ גאָר יונגע שרייבער, וועלכע האָבן ערשט איצט אין געטאָ גענומען שאַפן, ווי — לייבל ווײַנשטיין, הערשל פּלוימענבוים. ציפורה בירמאַן. זיי שאַפן צוזאַמען מיט משה בורשטין און מיט מרדכי טענענבוים-טאַמאַראָף די גרופּע פון דער ווידערשטאַנד-ליטעראַטור אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

מיר האָבן ידיעות — אויפן סמך פון גביות עדות, סרוב טוער פון דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג, — אַז שמואל הערשבערג, חיים-צבי זאַבלודאָווסקי,

משה בורשטין, דזשעק גאָרדאָן, מייזלער, הערשל פלוימענבוים, לייבל וויינשטיין, זענען געווען שעפעריש. דער גרייז-גראָער הערשבערג האָט ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן פאַרענדיקט זיינע זכרונות; ער איז אומגעקומען אין פעברואר 1943, בעת דער ערשטער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ. עס איז אָבער פון זיינע כתבים, סיי פון די אַלטע, סיי פון דער געטאָ-תקופה, גאָרנישט געבליבן. דער צווייטער שעפערישער זקן, חיים-צבי זאַבלודאָווסקי, האָט ווייטער געזאַמלט און פאַרשריבן פאָלקלאָר — איצט אויף נייע טעמעס; ער האָט געשאַפן נייע ווערטלעך, שאַרפע נאָדלען קעגן דעם אָקופּאַנט. אויך פון זיין ירושה איז גאָר-נישט געבליבן. זאַבלודאָווסקי איז געפאַלן בעת דער צווייטער ליקווידאַציע, אין אויגוסט 1943. עס איז דעמאָלט אומגעקומען אויך דער צווייטער באַגאַבטער זאַבלודאָווסקי, אַלטער, דער אייגנאַרטיקער אינטערפּרעטאַטאָר פון שלום-עליכם און דער שאַפער פון מינדלעכע פּאָעטישע ווערזיעס וועגן דער גאַנצער באַפרייונג. דער קאָמוניסט משה („שלמהקע") בורשטין איז געווען אין געטאָ זייער שעפעריש. אין זיין דירה אויף טשעפּלע, וווּ עס איז געווען אַ טרעף-פּונקט פון די טוער פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע, פלעגן פאָרקומען לייענונגען פון זיינע נייע לידער, און וועלכע עס האָבן זיך געראַנגלט האָפענונג מיט יאוש. ארויסגעפירט אין אַ לאַגער אין בליזשין, האָט בורשטין געשאַפן פאָלקסטימלעכע לידער, פולע מיט פאָלקס-בטחון.[1] אויך בורשטינס שאַפונגען זענען צו אונדז נישט דערגאַנגען. זיי זענען פאַרשוווּנדן אינאיינעם מיט זייער מחבר. אין אונ-טערערדישע קרייזן האָט זיינע בונטאַרישע לידער געלייענט דער יונגער ווידער-שטענדלער הערשל פלויכענבוים. דער דיכטער-אָנפאַנגער איז געפאַלן מיט אַ העלדן-טויט אינעם אויגוסט-אויפשטאַנד. זיינע לידער זענען פאַרלוירן גע-גאַנגען. דער זעלביקער גורל האָט געטראָפן די לידער פון יונגן פּאָעט מייזלער.

אַ רעטעניש שטעלט מיט זיך פאָר דער גורל פון די שאַפונגען פון דעם יונגן דיכטער יעקב (דזשעק) גאָרדאָן און פון דעם אָנפאַנגער לייבל וויינשטיין. לויט אונדזערע ידיעות האָבן ביידע דערמאָנטע דיכטער געשריבן אין געטאָ. ווי עס גיבן איבער די פּאַרטיזאַנער משה („מאַרעק") בוך און קלמן באַראַקין און די פאַרבינדלערין חיה גראָסמאַן[2] האָט לייבל וויינשטיין, אַ טעטיקער מיטגליד פון דער זעלבשוץ-אָרגאַניזאַציע, אַ סך געשריבן, סיי לידער, סיי אַ טאָגבוך. ער איז

---

[1] וואַרשיינלעך איז משה בורשטין, וועגן וועלכן עס אינפאָרמירט דער פּאַרטיזאַ-נישער קאָמאַנדיר משה („מאַרעק") בוך, און שלמה בורשטין, וועלכן עס דערמאָנט זיך דער לערער משה קוואַטער — איינע און די זעלביקע פּערזאָן. פאַרגלייך: ב. מאַרק, „דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ", וואַרשע, 1950, זייטן 151—152.

[2] פאַרגלייך ביי ב. מאַרק „דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ", ז' 150—151 און ביי חיה גראָסמאַן „אנשי המחתרת", ז' 107 און 374.

אומגעקומען אין וואַלד, געפֿאַלן אין פּאַרטיזאַנישן קאַמף. זיינע כּתבֿים זענען ערגעץ באַגראָבן געוואָרן. זיינע מאָטיוון זאָלן האָבן געווען אַ געמיש פֿון טרויער און גלויבן. משה בוד געדענקט דעם אינהאַלט פֿון אַ ריי וויינשטיינס לידער. ער ציטירט גאַנצע שורות. ער דערמאָנט זיך, אַז אין דעם דיכטערס האַרץ האָבן געקעמפֿט צוויי געפֿילן: די זעלבסטשפּירונג פֿון דער אייגענער שוואַכקייט, דער באַוווּסטזיין, אַז אַלץ איז פֿאַרלוירן, און — דער דראַנג צו נקמה, צו טאַט. דער עדות, איבערגעבנדיק די דעמלטיקע אָפּשאַצונג פֿון די קעמפֿער, כאַראַקטעריזירט די לידער, ווי אַן אויסדרוק פֿון דעם אינערלעכן געראַנגל ביי אַ טייל אינטעליגענטישער יוגנט, וועלכע האָט זיך געפּייניקט אין איר פֿיזישער אָנמעכטיקייט לגבי דעם באַוואָפֿנטן שונא און דאָך האָט זי זיך געריסן צו מעשׂים.

אין דער אויסגאַבע „לידער פֿון די געטאָס און די לאַגערן“, וואָס איז אַרויס אין יאָר 1948 אין ניו־יאָרק, ווערן צווישן אַנדערע געבראַכט פֿינף לידער; אין צוויי פֿון די דאָזיקע לידער („צי זענען אונדז טעג נאָך אַ סך געבליבן?“ און „און ער וועט מיך רופֿן“) זענען פֿאַראַן גאַנצע שורות, אַבסאָלוט ענלעכע צו די, וועלכע עס ציטירט פֿון זכּרון דער עד־ראיה משה בוד; אונטער אַלע פֿינף לידער פֿיגורירט די אונטערשריפֿט „דזשעק גאָרדאָן“, און די צושריפֿט פֿון די זאַמלער קלערט אויף, אַז די לידער זענען געפֿינען געוואָרן אונטער די חורבֿות פֿון ביאַליסטאָקער געטאָ. אַזוי אַרום בלייבט נישט קלאָר, ווער עס איז דער אמתער מחבר פֿון די לידער: לייבל וויינשטיין, צי דזשעק גאָרדאָן?

ווי עס זאָל נישט זיין — די שאַפֿונגען פֿון איינעם פֿון די צוויי דיכטער זענען געגאַנגען לאיבוד. ביידע פּאָעטן זענען אומגעקומען. אָבער דער, וואָס איז געווען אַ פּאַרטיזאַן און געפֿאַלן אין קאַמף אין וואַלד, איז זיכער וויינשטיין און נישט גאָרדאָן, ווי עס האַלטן די רעדאַקטאָרן פֿון דער דערמאָנטער זאַמלונג. דער דאָזיקער פֿאַקט זאָגט, אַז דער מחבר פֿון די לידער איז גיכער וויינשטיין.

ווייטער זענען פֿאַרלוירן געגאַנגען די שאַפֿונגען פֿון אַ גאַנצער ריי ביאַליסטאָקער מחברים פֿון געטאָ־טאָגביכער; פּונקט ווי אין אַנדערע געטאָס, און אפֿשר פֿאַרהעלטנישמעסיק נאָך מער, האָט מען אין ביאַליסטאָק אַ סך געשריבן, דער עיקר פּנקסים און טאָגביכער. די דאָזיקע ענערגיע לאָזט זיך אייפֿקלערן מיט דעם גלויבן פֿון דער עיקרדיקער יידישער באַפֿעלקערונג אין ביאַליסטאָק, וואָס איז געווען אַ פֿאַרלייקענונג פֿון דער צוריק־אין־געטאָ־מיסטיק, וועלכע האָט געזוכט פֿאַר זיך אַ תּיקון אויך אין ביאַליסטאָקער געטאָ. אַחוץ די פּנקסים, טאָגביכער און פֿאַרצייכענונגען פֿון פּסח קאַפּלאַן, פֿון אַן אַנאָנימען מחבר, פֿון אַ געוויסן מ. קין (מסתּמא אַ פּסעוודאָנים), פֿון מרדכי טענענבוים און פֿון צפּורה בירמאַן, וועלכע זענען צו אונדז דערגאַנגען, האָבן אין ביאַליסטאָק געשריבן אַזעלכע אַרבעטן אויך די מחברים: ירוחם באַכראַך,

אַן אַלטער משכיל, און אַרכיוויסט; דער גראַפיקער און קאַריקאַטוריסט ח. גאָלדבערג („חגי" — אַ פּליט פון וואַרשע); דער זשורנאַליסט משה וויסאָצקי; דער אַלטער משכיל יהושע העשל קלעמענטינאָווסקי; דער זשורנאַליסט אשר טושאַנאָוויטש; דער טוער פון אונטערערד אַדוואָקאַט בלומענטאַל; דער דערמאָנטער דיכטער לייבל ווײַנשטיין און אפשר אויך אַנדערע. די אַלע חיבורים זענען נישטאָ. זיי זענען פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע פאַרפאַסער.

געבליבן זענען בלויז: פּסח קאַפּלאַנס צוויי כראָניקעס „דער יידנראַט אין ביאַליסטאָק" און „חורבן ביאַליסטאָק" (זײַן ליד „רבקהלע די שבתדיקע" איז דערגאַנגען צו אונדז בעל פּה און נישט אין אָריגינאַל), די אַרבעט „צו דער געשיכטע פון די ביאַליסטאָקער יידן אין דער צייט פון דײַטש־סאָוויעטישן קריג" פון אַן אַנאָנימען מחבר, די קורצע אָפּהאַנדלונג פון מ. קין „די שטימונג אין געטאָ", די שריפטן פון מרדכי טענענבוים און פון צפורה בירמאַן און די דערמאָנטע פינף לידער, וואָס זייער מחברשאַפט דאַרף נאָך ווערן אויפגעקלערט (גאָרדאָן צי ווײַנשטיין). אַלע אַנדערע כתבים פון די פריער אויסגערעכנטע אויטאָרן זענען נישטאָ. עס קאָן־זײַן, אַז עס זענען געווען נאָך שאַפונגען, וואָרעם עס ווילט זיך נישט גלויבן, אַז אַזעלכע דיכטער און פּראָזאַיקער ווי זישע באַגיש, אײַזיק רוסקאָלענקער, משה טייכמאַן, זבולון רײַנאָוויטש, י. ל. שאַצקי א. א., וועלכע זענען תמיד געווען ליטעראַריש טעטיק און רירעוודיק, זאָלן נישט האָבן רעאַגירט ווי שרייבער אויף די דעמלטיקע געשעענישן.

שטעלט זיך אַצינד די פראַגע: אויב אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז געווען אַן אונטערערדישער אַרכיוו, טאָ פאַרוואָס איז נאָך די אַלע מחברים נישט געבליבן קיין סימן אות?

אַן ענטפער וועלן מיר געפינען, ווען מיר וועלן זיך באַקענען מיטן אונטערשייד צווישן דעם וואַרשעווער און דעם ביאַליסטאָקער אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו.

דער אונטערערדישער אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך עמנואל רינגעלבלום און זײַנע מיטאַרבעטער שמעון הובערבאַנד, מ. מ. קאָן, יהודה פעלר, אברהם לעווין א"א אויף אַ ברייטער געזעלשאַפטלעכער באַזע, בעת אין ביאַליסטאָק האָט זיך דער אַרכיוו אָנגעשפּאַרט אויף דער אַרבעט פון יחידים — צוערשט צבי־הירש מערסיק און נאָך זײַן טויט: גדליהו פעטלוק אונטער דער השגחה פון מרדכי טענענבוים. דער ראָזיקער פאַקט האָט גורם געווען אַ פאַרשמעלערונג פון דער ווירקונג פונעם אַרכיוו. בעת אין וואַרשע זענען אין דער אַרבעט אַרײַנגעצויגן געוואָרן ברייטערע קרייזן שרייבער, היסטאָריקער, זשורנאַליסטן, טוער, זענען אין ביאַליסטאָק קיין קאָנטאַקטן צווישן די געציילטע אונטערערדישע אַרכיוויסטן מיט דער שרייבער־משפחה כמעט נישט געווען. די עטלעכע ווערק פון די עלטערע שרייבער, וועלכע זענען יאָ גע־

פונען געוואָרן אין אַרכיוו, זענען אַהער אַריינגעפאַלן אַדאַנק דעם, וואָס וואַרשיינ־
לעך אין דער לעצטער מינוט האָט דער אַרכיוויסט פון יודענראַט, אָדער עמעץ אַנ־
דערש, איבערגעגעבן דעם אונטערערדישן אַרכיוו־פאָרשטייער אַ ריי געזאַמלטע
מאַטעריאַלן אייגענעם מיט די פּראָטאָקאָלן פון די יודענראַט־זיצונגען, מיט די
אָפּשריפטן פון די באַקאַנטמאַכונגען פון יודענראַט וכדומה. אויף דער אַרבעט
פון אונטערערדישן אַרכיוו פון וואַרשעווער געטאָ ליגט דער בפירושער חותם
פון ברייט־פאַרמאָסטענער, פּלאַנירטער קאָלעקטיווער אַרבעט, בעת דער אַנאַ־
ליז פון דער צוזאַמען־אַרבעט פון ביאַליסטאָקער אַרכיוו ווייזט, אַז עס ליגט אויף
איר דער שטעמפּל פון דער טעטיקייט פון אַן איינצלנער מסירת־נפשדיקער
פּערזאָן, אָדער פון געציילטע מענטשן. און אפשר האָט דאָ געווירקט דער פאַקט,
וואָס ביז זומער 1943 איז די אונטערערד פון ביאַליסטאָקער געטאָ געווען צע־
שפּאָלטן, אָדער דער אומשטאַנד, וואָס דער אָרגאַניזאַטאָר פון אַרכיוו איז נישט
געווען קיין אָרטיקער און האָט נישט געהאַט די געהעריקע פאַרבינדונגען מיט
דער שרייבער־משפּחה. דער אונטערערדישער אַרכיוו פון ביאַליסטאָקער געטאָ,
נישט געקוקט אויף זיינע בפירושע אויפטוען אויפן געביט פון זאַמלען מאַטער־
יאַלן פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע, בפרט פון דער פּראָווינץ, איז נישט
געווען אַזוי באַקאַנט און פּאָפּולער צווישן די ביאַליסטאָקער שרייבער, ווי דער
רינגעלבלום־אַרכיוו צווישן די וואַרשעווער מחברים. אַזוי אַרום קאָנען די אָפּ־
געפונענע שאַפונגען פון ביאַליסטאָקער געטאָ נישט געבן קיין גענוגנדיקן גרונט
אויפצושטעלן אַ כאַראַקטעריסטיק פון דעם ליטעראַרישן לעבן בכלל אין דעם
אָרט. למשל, די פינף לידער פון וויינשטיין אָדער גאָרדאָן זאָגן עדות אויף דעם
אינערלעכן געראַנגל ביים דיכטער, אויף דעם זוכן אַ באַזיניקונג פאַרן אַקטיוון
קאַמף. אַ סך מער כאַראַקטעריסטיש פאַר די אמתע שטימונגען פון דער געטאָ־
מאַסע זענען די פאָלקס־לידער, וואָס זענען אויפגעקומען אין ביאַליסטאָקער
געטאָ אין אַ נישקשהדיקער צאָל און וואָס האָבן געטראָפן צו אונדז אַדאַנק דעם
זכרון פון עדות, וועלכע האָבן איבערגעלעבט. אין די האָזיקע געזונגענע פאָלקס־
לידער, וואָס בלויז אין געציילטע פאַלן קענען מיר זייערע מחברים (פסח קאַפּ־
לאַן, דער לערער צוקערמאַן), קומט צום אויסדרוק דער טיפער וויטיק צוליב
די טראַגישע „אַקציעס“, די בענקשאַפט פון די פשוטע פאַריתומטע געטאָ־
אסורים נאָך זייערע אַרויסגעריסענע נאָענטסטע און טייערסטע, די שנאה צו
די היטלעריסטישע פּייניקער, די פאַראַכטונג צו די יודענראַט־לייט און זייערע
פּאָליציייאַישע באַשיצער און — די טיפע ליבשאַפט צום פאָלק, דער גלויבן
אין דער באַפרייערישער מיסיע פון דער רויטער אַרמיי.

אין די אונדז באַקאַנטע שאַפונגען פון ביאַליסטאָקער געטאָ דאָמינירט דער
טרויער־טאָן. אָבער דורך דער שטימונג פון טרויער שלאָגט זיך דורך דאָס געפיל
פון גלויבן און פון אויסדרויער.

דער ווי און דער מוט קומען שטאַרק צום אויסדרוק אויך אין די אָפּגעראַטעוועטע אין דעם אונטערערדישן אַרכיוו כתבים פון מרדכי טענענבוים און צפורה בירמאַן, וועלכע ווייזן אַרויס בולטע סימנים פון ליטעראַרישער באַגאַבונג.

אין ביאַליסטאָקער געטאָ, ווו די שעפער פון דער ווידערשטאַנד=ליטעראַטור, געפינענדיק זיך אין אַ דירעקטער פאַרטיזאַנישער סביבה, זענען מער ווי ערגעץ אַנדערש געווען אַנגאַזשירט אין קאָנקרעטע קאַמף=מעשים, האָבן די פאַרכאַפּנדיקע געשעענישן גורם געווען, אַז די שרייבער=פאַרטיזאַנער האָבן זייערע שאַפונגען באַהאַלטן אין אומבאַקאַנטע, סרוב צופעליקע ערטער. אַזוי אַרום איז פון ביאַליסטאָק נישט דערגאַנגען צו אונדז אָן אַן ערך אַ גרעסערער פּראָצענט שאַפונגען, ווי פון אַנדערע געביטן פון יידישער מאַרטירעריי, קאַמף און אומקום.

און אפשר האָבן די יונגע שעפער פון דער ווידערשטאַנד=ליטעראַטור פון ביאַליסטאָקער געטאָ אַזוי שטאַרק געגלויבט אין דעם פאַרטיזאַנישן כוח, אין דעם, אַז זיי וועלן צדצניק דעם אַקטיוון קאַמף אויסדויערן, אויב נישט פערזענלעך, איז — אַלס גרופּע, אַלס קאָלעקטיוו, אַז זיי האָבן געהאַלטן זייערע שאַפונגען ביי זיך.

ווי עס זאָל נישט זיין, דער סך=הכל פאַר דעם אוצר פון דער יידישער ליטעראַטור איז אין דעם פאַל אַ נעגאַטיווער: פון אַלע פּוילישע געטאָס האָט דער בייזער גורל צומערסטן באַעוולהט די ליטעראַרישע ירושה פון די אומגעקומענע און אין קאַמף=געפאַלענע שרייבער פון ביאַליסטאָקער געטאָ.

# XI

# די פֿאַרשניטענע שרייבער פֿון די צענטראַלע געטאָס פֿון מערב־אוקראַינע, ליטע און לאַטוויע

ענלעך צום קאַפּיטל ביאַליסטאָק איז דער גורל פֿון דער ליטעראַרישער ירושה פֿון די אומגעקומענע און אין קאַמף געפֿאַלענע שרייבער פֿון די געטאָס אין די געוועזענע אָקופּירטע געביטן פֿון מערב־אוקראַינע, ליטע און לאַטוויע. אַ געווייסער אויסנאַם איז בלויז ווילנע. נאָך די שרייבער אין די געטאָס און בייטשטאָטישע לאַגערן פֿון לוואָוו, קאָוונע און ריגע איז נישט געבליבן כמעט קיין איין ווערק — אַ חוץ אַ צאָל פֿאָלקס־לידער, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונדז אַדאַנק דעם זכרון פֿון עדות; טיילווייז זענען אַפֿילו די מחברים פֿון די דאָזיקע לידער באַקאַנט. געבליבן זענען אויך — ווידעראַמאָל אַדאַנק דעם זכרון פֿון עדות — געציילטע לידער פֿון טאַלאַנטירטע פּאָעטן; עס האָבן זיך אויך אָפּגעראַטעוועט איינצלנע טעקסטן אַדאַנק די האַלב־לעגאַלע און אונטערערדישע אַרכיוון אין ווילנע און קאָוונע.

מיט וואָס קלערט זיך אויף די כמעט פֿולשטענדיקע פֿאַרניכטונג פֿון דער ירושה פֿון די אומגעקומענע שרייבער אין די אָקאָרשט אויסגערעכנטע געטאָס? (מיר שטרייכן אונטער, אַז מיר זענען דאָ אויסן די קינסטלערישע ליטעראַטור פֿון באַקאַנטע אָדער יונגע באַגאַבטע שרייבער, און נישט די פֿאָלקס־שאַפֿונג).

די דאָזיקע דערשיינונג לאָזט זיך אויסטייטשן קודם־כּל דערמיט, וואָס אויף די צייטווייליק פֿאַרכאַפּטע סאָוועטישע געביטן איז פֿון סאַמע אָנהייב אָן דער טעראָר פֿון די דייטשישע פֿאַשיסטן און פֿון זייערע יוצר משרתים לגבי דער באַפֿעלקערונג בכלל און די יידן בפֿרט געווען אַ שאַרפֿערער, אַ ווילדערער, אַ מער מאַסנהאַפֿטיקער ווי אין אַנדערע אָקופּירטע לענדער. די אָקופּאַנטן האָבן פֿון דער ערשטער צייט אָן פֿאַרמיליקט דאָ אַלע פֿאַרדעכטיקטע אין קאָמוניזם, אין לאָיאַלקייט און איבערגעגעבנקייט צו דער ראַטן־מאַכט, אין פּאַטריאָטישע געפֿילן, און בפֿרט ריזיקע צאָלן יידן, סרוב פֿון צווישן דער שעפֿערישער אינטעליגענץ און באַוווסטזיניקער אַרבעטערשאַפֿט. די אויסראָט־אַקציעס זענען אין די געביטן געווען אַזוי קאָפּשווינדלעריש, אַזוי פֿערפֿיד, אַז די געטאָ־אַסורים האָבן בדרך־כּלל נישט געקאָנט אָפּאָטעמען.

די קולטור־עלעמענטן, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ ווילן צו באַהאַלטן און דאַטעווען די ווערטפולע כתבים, האָבן אין די דאָזיקע געגנטן געהאַט אויסצושטיין אַ כסדרדיקן וואָגל פון געטאָ אין לאַגער און פון לאַגער צו לאַגער, אַזוי אַז די מעגלעכקייט עפּעס וואָס איבערצוטראָגן איז געווען אַ מינימאַלע. במילא זענען אַ סך וויכטיקע טעקסטן צעריסן געוואָרן אין דעם פּערמאַנענטן צאַפּל צווישן לעבן און טויט.

צו די סאַמע טראַגישע געביטן פון יידישער מאַרטירעריי און אומאויפהעריקן פּלאַטער איז געווען דאָס לוואָווער געטאָ מיט דעם פאַרבונדענעם יאַנאָווער לאַגער.

אין לוואָווער געטאָ זענען געבליבן שטעקן די יידישע שרייבער: י. ל. זשיטניצקי, דוד קעניגסבערג, בער שנאַפּער, י. מ. איזבער, ירחמיאל גרין און זיין טאַלענטירטע פרוי העלענע גרין־נייזמאַן, יעקב שודריך, משה שימעל, ישראל לעווענשטיין, גאָלדבראָך און די פּויליש־שרייבנדיקע לעאָן בירענבוים, זיגמונט שאָר, קאַראָל דרעזנער, די זשורנאַליסטן ד. פּרענקעל און ב. גינזבערג, דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער דיכטער אַלעקסאַנדער דאַן און אַנדערע.

אויפן וועג אויף מזרח, ווייט פון לוואָוו איז אין די ערשטע טעג פון דער היטלעריסטישער אַגרעסיע דערמאָרדעט געוואָרן אויף אַן אַכזריותדיקן אופן דער באַוווסטער פּראָגרעסיווער דיכטער, דראַמאַטורג, ראָמאַניסט און עסייאיסט אַלטער קאַציזנע.[1]

עס זענען פאַראַן שפּורן, אַז אויפן וועג פון לוואָוו אויף מזרח איז דערהרגעט געוואָרן דער רעוואָלוציאָנערער שרייבער זלמן עלבירט. אויף אן אכזריותדיקן אופן אין אויף דער פּראָווינץ דערמאָרדעט געוואָרן דער באַקאַנטער דיכטער בער האָראָוויץ.

עטלעכע פון די אויסגערעכנטע זענען אריינגעפאַלן אין יאַנאָווער לאַגער, וווּ מען האָט פאַרפייניקט די מענטשן מיט עבודת פּרך און וווּ עס זענען אומאויפהערלעך פאָרגעקומען „סעלעקציעס“ און „אַקציעס“ — למשל: יעקב שודריך, ירחמיאל און העלענע גרין, אלעקסאנדער דאן.

צי האָבן די שרייבער אין די טראַגישע באַדינגונגען פון געטאָ און לאַגער געשאַפן? עס איז שווער צו געבן אַן ענטפער. מיר ווייסן בלויז, אַז שימעל האָט אָנגעשריבן אַ פּאָעמע „יערעמיאַדע“ און אַ ליד „די אייביקייט“. דער אינהאַלט פון דער ערשטער זאַך איז פאַר אונדז געבליבן אַ סוד. אין דעם ליד „די אייביקייט“, וואָס האָט אויסגעדריקט דעם אומקום, צאַפּלט אַרום דעם דיכטערס אַנונג, אַז פון אַלע זייטן און ווינקעלעך לויערט דער טויט. מיר הערן אויך, אַז

---

[1] זע די באשרייבונג פון נחמן בליץ אין דאָס „נייע לעבן“ נ׳ 10 פון 11־טן יולי 1945.

ירחמיאל גרין האָט אין יאַנאָווער לאַגער געשריבן אַ ראָמאַן פון דעם דאָרטיקן „לעבן" און אַפילו פאָרגעלייענט פראַגמענטן פאַר זיינע שכנים. וויפל אמתע שטאַרקייט האָט דער שרייבער געמוזט אַרויסבאַקומען פון זיך, כדי אין די באַדינגונגען פון דעם דאָזיקן שרעקלעכן לאַגער צו שרייבן אַ ראָמאַן!

אַ דאַנק דעם זכרון פון עדות האָט דערגרייכט צו אונדז דער אינהאַלט פון אַ ליד, וואָס עס האָט אין זעלביקן לאַגער אָנגעשריבן העלענע גרין — „מיר טרינקען מיטן טויט לחיים".[2] העלענע גרין, וועלכע איז געשטאַנען נאָענט צו דער אונטערערדישער באַוועגונג, האָט אינעם ליד אַרויסגעבראַכט צוויי וויכטיקע מאָמענטן. זי זאָגט:

„מיר לאַכן פון פעלקערס גרויסן „יחוס"
און אַרבעטן ווי אין חול-המועד".

דאָס הייסט: מיר אַרבעטן לויטן אַנטיהיטלעריסטישן נוסח „אַרבעט פּאַמעלעך"; מיר סאַבאָטירן די פּראָדוקציע.

און צום סוף זאָגט די דיכטערין:

„מיר ציילן ספירה צום באַפרייען
ביים טויער פון פאַרמאַכטן פּלויט".

די וויזיע פון באַפרייונג האָט זיך געמאַכט אַ וועג טראָץ אַלעמען אין דער אונטערערדישער דיכטונג פון יאַנאָווער לאַגער.

אַ חוץ די דאָזיקע פּאָר ידיעות אין די צוויי טעקסטן, וואָס מיר ווייסן ניט, ווי אַזוי זיי האָבן דערגרייכט צו אונדזערע טעג, בלייבט דער לעצטער וועג פון די שרייבער פון לוואָווער געטאָ און די פראַגע, צי און וואָס זיי האָבן געשאַפן, אַ גרייליקער סוד.

דער איינציקער ליכטיקער שטראַל איז דער גרויס וועגן דעם העלדישן אומקום פון דעם דיכטער-קאָמוניסט יעקב שודריך, וועלכער האָט, ווי אַן אַקטיוויסט פון דער אַנטיפאַשיסטישער ווידערשטאַנד-באַוועגונג, אָרגאַניזירט אַ גרופּע לאַגערניקעס, וועלכע האָבן זיך באַזאָרגט — אַדאַנק די קאָנטאַקטן מיט די סאָוויעטישע און פּוילישע ווידערשטענדלער — מיט געווער און געפּרוווט זיך אַרויסרייסן אויף אַ לאַסט-אויטאָ אויף דרויסן, צו די וועלדער, וווּ עס האָבן שוין אָפּערירט סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנישע מחנות און בתוכם יידישע קאַמפּס-גרופּן, בפרט אין דער געגנט פון בראָד. צוליב אַ פאַראַט איז דער אויטאָ באַפאַלן געוואָרן דורך עס-עס-לייט. אין אומגלייכן, העלדישן קאַמף איז אומגעקומען די גרופּע יידישע קעמפער אינאיינעם מיט איר פירער — דעם דיכטער יעקב שודריך.

פון דער ליטעראַטור-ירושה פון די פאַרשניטענע שרייבער פון לוואָווער געטאָ און לאַגער איז כמעט גאָרניש געבליבן.

[2] אין אָפּשריפט — אין ארכיונו פון ייה"א.

נישט קיין סך מזלדיקער איז דער גורל פֿון די ליטעראַרישע ווערק, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן אין קאָוונער געטאָ. בלויז אַדאַנק דער איניציאַטיוו און דער ענערגיע פֿון צוויי יוגנטלעכע פֿון קאָוונער געטאָ — שלום און מיכאל קאַפּלאַן — זענען פֿאַרצייכנט געוואָרן אַ ריי ניי־אויפֿגעקומענע לידער, ס׳רוב פֿאָלקס־מאָטיוון, פֿון אָרטיקע שרייבער, וואָס טייל געמען זייערע זענען דער־גאַנגען צו אונדז: אברהם ציפּקין, נתן מאַרקאָווסקי, שאול שענקער, אברהם אַקסעלראָד,[3] דיסקאַנט א״א. ס׳רוב זענען די דאָזיקע לידער אויפֿגעהאַלטן געוואָרן אינגעם זכרון פֿון די, וואָס האָבן איבערגעלעבט.

אין דעם אונטערערדישן אַרכיוו, וואָס איז אין קאָוונער געטאָ אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער אָרטיקער אַנטיפֿאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע מיט די קאָמו־ניסטישע טוער, די ברידער חיים און מאיר יעלין בראָש, און איז אויסגעגראָבן געוואָרן נאָך דער באַפֿרייונג, זענען געפֿונען געוואָרן וויכטיקע דאָקומענטן, אָבער וועגן דעם, אַז מען זאָל האָבן אָפּגעפֿונען ליטעראַרישע כתבים, הערן מיר נישט.

די מיגדלעד איבערגעלעבטע לידער פֿון די אויבן אָנגערופֿענע און אַנאָנימע מחברים שטייען נישט אויף אַ געהעריקער ליטעראַרישער מדרגה, אָבער זיי האָבן אַ ווערט ווי דאָקומענטן, וואָס אילוסטרירן די געפֿילן פֿון פֿאָלק, זיינע ליידן און האָפֿענונגען, און אויך די פֿאַרשידענע אָנגריפֿן פֿונעם ש״נא. די לידער וועקן בטחון אין האָפֿענונג, זייערע לייט־מאָטיוון קלינגען דערמוטיקנדיק:

„נישט אייביק איז שלעכט און נישט אייביק איז קנעכט,
נישט אייביק זענען אויך דיינע ליידן“.

אָדער:

„דער פֿרילינג קומט, ער איז נישט ווייט“.

עס איז פֿאַרשטענדלעך, אַז די פֿאַרהעלטנישמעסיקע נאָענטקייט פֿון דעם מזרח־פֿראָנט, די אָנפֿליען פֿון די סאָוויעטישע באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען האָבן אין די סאָוויעטישע געביטן, וואָס זענען צייטווייליק פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורכן היטלעריסטישן אָגרעסאָר, געקאָנט אַרויסרופֿן און האָבן טאַקע דערוועקט מער אָפּטימיסטישע שטימונגען. אָט רופֿט אויס אַ קאָוונער מחבר:

„און אויב פֿאַרבלאָנדזשען וועט, חס וחלילה,
על פּי טעות אַ באָמבע אין געטאָ אַריין —
„תמות נפשי עם פּלישתים“* איז אַ תּפֿילה
פֿאַרן העלד אין זיין לעצטער שעה און פּיין.

---

[3] לויט דעם זשורנאַל „פֿון לעצטן חורבן“, מינכען 1946, נ׳ 1.
אין די זאַמלונגען פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט זענען פֿאַראַן אָפּשריפֿטן פֿון צענדליקער פֿאָלקס-לידער פֿון קאָוונער געטאָ, הן פֿון פֿעסטגעשטעלטע מחברים, הן פֿון אַנאָנימע.

* איך וועל אומקומען צוזאַמען מיט די פּיליסטינער (דעם שונא).

...„די וועלט וועט אויפשיינען אין בלויען
נאָר פון דער שיינענדיקער מזרח־זייט,
סאַמאַליאָטן, סאַמאַליאָטן, קומט צופליען,
געקומען איז שוין אייער צייט".

(דיסקאַנט: „די סערענאַדע").[4]

דאָס איז, ווי מיר זעען, נישט קיין קינסטלערישע ליטעראַטור. דאָס איז פאָלקס־שאַפונג. און דערגאַנגען איז זי סרוב נישט אין אָריגינאַל.

פון דער קינסטלערישער יידישער ליטעראַטור, וועלכע האָט געלעבט אויך אין קאָוונער געטאָ, איז נישט געבליבן קיין איין שאַפונג.

אין קאָוונער געטאָ האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער שרייבער פון וואַרשע מיכאל בורשטין, וועלכער איז אהער אָנגעקומען דורך ביאַליסטאָק נאָך פאַרן אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד. אויפן סמך פון זיכערע אינפאָרמאַציעס קען מען פעסטשטעלן ביי בורשטינען אין געטאָ א גרויסע שעפערישקייט. די לעבן־געבליבענע פרוי פונעם שרייבער, רחל בורשטין, גיט איבער אין אירע זכרונות[5] די פאָלגנדיקע פרטים וועגן דעם שרייבערס לעבן און טעטיקייט אין קאָוונער געטאָ:

„טראָץ אלע פאַרקנעכטנדיקע באַפעלן האָט דער שרייבער בורשטין געשאַפן, געשריבן און געזאַמלט געטאָ־פאָלקלאָר. ביי אים אין צימער איז דאָן פאָרגע־קומען די ערשטע געהיימע שרייבער־טרעפונג, אין וועלכער ס'האָט אָנטייל־גענומען א קלענערע צאָל לעבנגעבליבענע שרייבער און געלערנטע. דער מיי־נונגס־אויסטויש איז געוואָרן א שטויס פאַר די אָנטיילנעמער צו שרייבן און פאַרפיקסירן אין קינסטלערישער פאָרם אלדאָס דורכגעלעבטע".

„בורשטין איז געווען פאַר 'אלעמען א מוסטער. ער האָט זיך מאָביליזירט צו קענען אריבערגיין איבער דעם שטענדיקן לויער פון טויט, אריבערגיין איבער די בלערליי נגישות, הונגער און נויט און זיך זעצן אין די נעכט מיט דער פעדער אין דער האַנט צו דער הייליקער שריפטשטעלערישער עבודה".

„בורשטין האָט אָנגעשריבן אויף געטאָ־טעמעס א ריי אינטערעסאַנטע דערציילונגען. „דאָס בלויע טיכעלע" — א געשיכטע פון א יידיש מיידעלע, וואָס איז דורך איר מוטער אונטערגעוואָרפן געוואָרן אויף האָדעוואַניע צו א ליטווישער פויערטע, כדי עס צו ראַטעווען פון די היטלעריסטישע מערדער. אין

[4] דער און אויך די ווייטערדיקע טעקסטן (אפשריפטן) געפינען זיך, ווי געזאָגט, אין די זאַמלונגען פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אָדער זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער אויסגאַבע „פון לעצטן חורבן".

[5] רחל בורשטין: „מיכאל בורשטין אין קאָוונער געטאָ", „דאָס נייע לעבן", נ' 16 (185) פון 18־טן אַפּריל 1948.

דער דערציילונג פֿילט מען די גרויסע טראַגיק פֿון דער מוטער און קינד. דער לייענער ווערט געצוווּנגען צוזאַמען מיטן אויטאָר דאָס איבערצולעבן".

„אַנדערע דערציילונגען ווי „יזכור", „שוואַלבן", „נשמה־ליכט", „זעלדע פֿון קיבאַרט" שפּיגלען אָפּ די גרויסע טראַגיק פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, אַלע זייַנע גרוילן אין געטאָ".

„אויכער די דערציילונגען האָט בורשטין פֿאַרטראַכט אַ ראָמאַן, וועלכער האָט געזאָלט הייסן „די געלע לאַטע", אין וועלכן ער האָט געוואָלט געבן אַ קוואַר־שניט פֿון ייִדישן לעבן אין פּוילן האַרט פֿאַרן אויסברוך פֿון דער מלחמה און אַרייַנפֿירן זייַנע העלדן אין געטאָ, שילדערן זייער דערנערפֿולן לעבנס־וועג".

„...ניט גלויבנדיק אין דער מעגלעכקייט פֿון איבערלעבן, האָט בורשטין געוואָלט כאָטש לאָזן נאָך זיך אַן אויטענטישן קינסטלערישן דאָקומענט פֿון די היטלעריסטישע רציחות איבער די ייִדן, אַ דאָקומענט, וואָס זאָל ווירקן מיט זייַן אמתדיקייט און אומטיטלבאַרקייט. ער האָט געקעמפֿט מיט אַלע אָביעקטיווע שוועריקייטן, בייַגעקומען דעם יאוש און אָפּהענטיקייט און געשריבן. נאָר דאָס געשריבענע איז צום שאָדן פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור צו אונדז ניט דערגאַנגען. דעם 13־טן יולי 1944 איז דאָס קאָוונער געטאָ דורך די דייַטשן מיט פֿייַער אָפּגעווישט געוואָרן. בורשטינס כתבים זענען אויך אוועק אין פֿייַער".

„אַ חדשים פֿינף פֿאַר דער ליקווידאַציע פֿונעם געטאָ, האָט בורשטין געזאָלט אַוועקגיין צו די פּאַרטיזאַנער אין די רודניצקער וועלדער לעבן ווילנע. צוזאַמען מיט אַ גרופּע ייִדישע פּאַרטיזאַנער און אַנטיפֿאַשיסטישע טוער האָט ער געפּרוווט גיין דורכן געטאָ־צוים; דאָס איז דאַן ניט געלונגען. מען האָט געמוזט אָפּלייגן אויף אַ צווייט מאָל. דער אומקום פֿונעם אָנפֿירער פֿון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין קאָוונער געטאָ חיים יעלין[6] האָט געמאַכט אַ סוף צו אַלע פּלענער".

„פֿאַרן ליקווידירן דאָס געטאָ, איז בורשטין צוזאַמען מיט אַ גרופּע קאָוונער ייִדן אַוועקגעשלעפּט געוואָרן אין „דאַכאַו", ווו ער האָט זיך צעשיידט מיטן לעבן אויף אייביק".

צו די אויסגערעכנטע דורך רחל בורשטין ווערק פֿון דעם שרייַבער דאַרף מען צוגעבן — „די גרויסע כראָניק „מגילת סלאָבאָדקע", וואָס דער אומגעקומע־

[6] רחל בורשטין דערמאָנט אין איר זכרונות דעם פֿירער פֿון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין קאָוונער געטאָ חיים יעלין, וועלכער איז געפֿאַלן אין קאַמף מיטן אָקופּאַנט. זייַן ברודער, דער שרייַבער מאיר יעלין און אַ צווייטער שרייַבער פֿון קאָוונער געטאָ, ד. געלפּערן, בײדע פּאַרטיזאַנער, האָבן איבערגעלעבט און אין יאָר 1948 אַרויסגעלאָזט אין מאָסקווע אַ בוך א. נ. „פּאַרטיזאַנער פֿון קאָוונער געטאָ".

נער פוילישע־יידישער שריפטשטעלער מיכאל בורשטין האָט אָנגעשריבן וועגן קאָוונער געטאָ און אין 1943 פאַרעפנטלעכט אין געטאָ".[7]

דאָס איז געווען אַ כראָניק וועגן דער גרויסער „אַקציע" אין קאָוונער געטאָ אין אָקטאָבער 1941.

באַזונדערס טראַגיש איז געווען מיכאל בורשטינס סוף. מען גיט איבער, אַז ער האָט איבערגעלעבט די פאַשיסטישע גהוילן אין דעם טרויעריק־באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַכאַו. ער זאָל האָבן דערלעבט דעם קראַך פון דער היטלעריסטישער מלוכה און דאָס אריינמאַרשירן פון אַליאַנטישן מיליטער. אין ערשטן נאָך דער באַפרייונג זאָל ער האָבן אויסגעגאַנגען, מיטנעמענדיק מיט זיך אין קבר אַריין די דערמאָנונג פון זיינע ווערק, וואָס ער האָט געשאַפן אין קאָוונער געטאָ און אפשר אויך שפּעטער.

אַזוי אַרום האָט אויך די ליטעראַרישע ירושה פון די אומגעקומענע שרייבער פון קאָוונער געטאָ — אַ חוץ אַ ביסל פאָלקס־לידער — נישט אויסגעמיטן דעם גרויזאַמען גורל פון פאַרשווינדונג.

אַזוי איז אויך געשען מיט די שרייבער פון ריגער געטאָ און מיט זייערע שאַפונגען פון דער אומקום־און געראַנגל־תקופה.

אין ריגער געטאָ האָבן זיך געפונען די יידישע שרייבער: אברהם טרובאַטשיסקי, נחמן דימענטשטיין, שמואלסאָן (אַ משלים־שרייבער), אי. און מ. יאַסעלסאָן, א. פעלדמאַן, ד"ר בערנאַרד האָף (אַ מחבר פון אָפּערע־ליברעטאָס אין יידיש און רוסיש), מישע בעקער, חנה בורשטין, דער זשורנאַליסט קאַגאַן און דער נאָוועליסט יהושע פריד.

קיין שום זכר נאָך זייער שאַפן אין געטאָ איז נישט געבליבן. וועגן דעם לעצטן פון דער רשימה, יהושע פריד, איז באַוווסט, אַז ער האָט קאָנטינויִרט זיין שאַפן אין געטאָ. נאָך דער באַפרייונג איז אויף די חורבות פון ריגער געטאָ געפונען געוואָרן פרידס אַ טאָגבוך, וועלכן ער האָט געשריבן אין משך פון אַ קורצער צייט, וואָרעם בעת דער „אַקציע" פון 30־טן נאָוועמבער 1941 איז דער שרייבער געוואָרן אומגעבראַכט.[8]

מען גיט איבער, אַז אויך דער גרייז־גראָער יידישער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, וועלכער האָט זיך געפונען אין ריגער געטאָ, האָט געפירט ביזן לעצטן מעת־לעת אַ טאָגבוך. דעם דאָזיקן טאָגבוך האָט מען, ליידער, נישט געפונען.

---

[7] ד"ר שמואל גרינהויז: „חורבן קאָוונע" („פון לעצטן חורבן", מאי 1948, נ' 7).

[8] א. ריגער: „לאָמיר זיי געדענקען" (לויט די מאַטעריאַלן פון די ריגער סאָוויעטישע שרייבער הערץ קאַצין און יוסף ראַדינאָוו) אין „אַלמאַנאַך פון ריגער רעליף", ניו־יאָרק, 1948, נ' 3.

אַלע אויסגערעכנטע ריגער ייִדישע שרייבער זענען אומגעקומען בעת פאַרשיידענע גירוש- און אויסראָט-אַקציעס.

בלויז א געוויסע צאָל פאָלקס-לידער איז דורכן מויל פון די איבערגעבליבענע פון ריגער געטאָ דערגאַנגען צו אונדז.[9]

דער סך-הכל: נאָך גרויזאַמער ווי אין די פריערדיקע פאַלן.

אַן אויסנאַם איז בלויז, ווי געזאָגט, ווילנער געטאָ.

דאָ האָט געווירקט די שטאַרקע, אָרגאַניזירטע ווידערשטאַנד-באַוועגונג אונטער דער אָנפירונג פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע בראש מיטן קאָמאַנדיר איציק וויטענבערג. דאָ האָט משפּיע געווען די צעמענטירנדיקע ראָל פון די קאָמוניסטן. דאָ האָט אויך אויסגעאיבט אַן איינפלוס די טיף-פאַרוואָרצלטע טראַדיציע פון ייִדישער קולטור-שאַפונג.

די טיפע ייִדישע קולטור-טראַדיציעס פון איין זייט, און די דירעקטע ווירקונג פון דער סאָוועטישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג פון דער צווייטער — האָבן דיקטירט די פאָלקס-טרייע קולטור-עלעמענטן פון ווילנער געטאָ דעם געבאָט פון דער צייט: צו פאַרזיכערן די שאַפונג פון דעם דאָזיקן פעריאָד פאַרן פאָלק. די זעלביקע פאַקטאָרן האָבן אויך אָנגעוויזן א ריכטליניע פון דער ליטעראַרישער שאַפונג: אַ שאַפונג פון נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער ווירדע, אַ שאַפונג, וואָס זאָל זיין א דערמוטיקונג און א וועג-ווייזער אין דער טראַגישער נסיונות-פולער צייט.

אָבער אין ווילנער געטאָ איז אויך געווען א געוואַלדיקע שטערונג. דער קולטוריזם איז דאָ געווען מער ווי ערגעץ אַנדערש וווּ איינגעהילט אין „אמתער ייִדישקייט". אין קיין שום געטאָ האָט זיך אין שפּיץ פון פּראָיודענראַטישן קולטוריזם נישט אַרויסגערוקט אַזאַ בירגערלעכע אויטאָריטעט ווי אין ווילנע. אין וואַרשע האָט מען געוווּסט, ווער עס איז גאַנצווייך, מען האָט געקענט דעם צווייפלהאַפטיקן און פאַרדעכטיקטן ווערט פון וואַרשאַוויאַקן. אין לאָדזש האָט זיך ראָזענשטיין אַנטפּלעקט אין דער פולער נאַקעטקייט ווי רומקאָווסקיס שופר. אַקעגן-זשע אין ווילנע איז דער גייסטיקער פירער פון דער פאַרפירערישער טעאָריע געווען אַזאַ אָנערקענטע אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפט פיגור ווי זעליג-הירש קאַלמאַנאָוויטש.

און קאַלמאַנאָוויטש איז געוואָרן דער פאָרזיצער פון ליטעראַטן-פאַריין פון ווילנער געטאָ. ער האָט געפּרעדיקט, אַז אין געטאָ קען מען שאַפן אַ ייִדיש-נאַציאָנאַלע קולטור. און די שרייבער האָבן טאַקע געוואָלט שאַפן — נאַטירלעך.

[9] אין די זאַמלונגען פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט געפינען זיך אָפּשריפטן פון א סך פאָלקס-שאַפונגען פון ריגער געטאָ, צוו. א. פון די מחברים ריוועלע באַסמאַן, פרידע פעלדבערג, קלמן ליבקעמייער, פראַדע שניפּישקער, מ. ליובאָוויטש א.א.

נישט לויט דער ליניע פון גענסעס גייסטיקן אידעאָלאָג קאַלמאַנאָוויטש. אָבער נישט יעדער שרייבער איז געווען אויף אַזוי פיל געזעלשאַפטלעך באַוווסטזיניק און וואַכזאַם, ער זאָל זיך תיכף דערקענען אויף קאַלמאַנאָוויטשעס אין תוך אַנטינאַציאָנאַלער, ליקווידאַטאָרישער טעאָריע.

עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע: דער ווייט גרעסטער טייל פון דער געטאָ-באַפעלקערונג וואַרט מיט אַלע פיבערן פון דער נשמה אויף די נצחונות פון דער רויטער אַרמיי, וואַרט אויף באַפרייונג, וואָס קען קומען נאָר פון מזרח; און — אין שפּיץ פון ליטעראַטן-פאַריין שטייט אַ מענטש, וואָס איז דורך און דורך אַנטיסאָוועטיש. דער עלעמענטאַרער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין לאָזט נישט צו דעם געדאַנק, אַז מען מעג אָפּראַטעווען איין טייל פאַרן פּרייז פון אַרויסגעבן אין די הענט פון שונא אַ צווייטן; און — בראש פון דער קולטורישער באַוועגונג שטייט אַ מורה, וואָס כשרט דאָס דאָזיקע פאַרברעכן און גיט זיין הסכם צו דער פאַרעטערישער און רוצחישער האַנדלונג פון דער געטאָ-פּאָליציי, ווי ער איז עס אַליין מודה אין זיין „טאָגבוך“.

בלויז די האַרטנעקיקע און באַוווסטזיניקע עלעמענטן פון דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג האָבן די דאָזיקע געפערלעכע לאַגע געזען און דערשאַצט. פון אָט די עלעמענטן, פון אָט דעם באַוווסטזיין איז אַרויסגעוואַקסן די פּאָעזיע פון דעם קאָמוניסט און מיטגרינדער פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין ווילנער געטאָ לייב אָפּעסקין און פון דעם קאָמיוגיסט און פּאַרטיזאַן הירש גליק.

אונטער זייער איינפלוס — אַלציינס צי דער איינפלוס איז געווען אַ דירעקטער, אַ פּערזענלעכער, צי אַן אומדירעקטער, אַן איינפלוס פון אַ געהעריק געשאַפענער אַטמאָספער, — האָבן אויסגעשפּראָצט דאָס אָפּטימיסטיש קלינגענדיקע ליד פון כתריאל ברוידא, דער געראַנגל קעגן דער צוריק-אין-געטאָ-מיסטיק אין די לידער פון ריקלע גלעזער און דער לעבן-באַזינגער געזאַנג פ׳ לייב ראָזענטאַל.

האָט געזונגען לייב אָפּעסקין:

„ווייש אויס דיינע טרערן, פאַרגעס דיינע זאָרגן,
צו טרויערן איז נישט כדאַי,
ס'קען זיין שוין, אַז מאָרגן, ס'איז זיכער, אַז מאָרגן
וועט אויפשיינען זון אויף דאָס ניי!“

(„פאַרוואָס איז דער הימל“) [10]

און הגם ער שילדערט שטאַרק דורכדרינגלעך דעם טרויער און די צרות, רופט ער אויס:

[10] די אָפּשריפטן פון דעם און פון די ווייטערדיקע טעקסטן — אינעם אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט.

„אַז אַלץ געהאַט און אַלץ פֿאַרלאָרן,
ניט פֿאַרלאָרן נאָר דעם מוט!“

און עס ענטפֿערט אָפּעסקינען דער זייער פּרוכטבאַרער כתריאל ברוידא, אַז כאָטש „מיר לעבן דאָ אין שרעק, פֿאַרפּייניקט, פֿאַרמוויערט“, פֿונדעסטוועגן:

„נישט אייביק הערשט די פֿינצטערניש,
נישט אייביק לײַדט די נשמה,
עס קומט אַ צײַט אַ ליכטיקע,
עס קומט אָן די נחמה“.

(„מיר זענען אויך פֿון פֿלייש און בלוט“)

און כאָטש „עס איז פֿאַרוועדט, צעשטערט דאָס גליק“ —
פֿונדעסטוועגן: „פֿאַר אונדזער צער, פֿאַר אונדזער לייד און פּיין וועט אַ טרייסט פֿאַר אונדז נאָך זײַן“.

(„פּרוּווען“).

ווען עס קומען אָן גוטע בשורות פֿון פֿראָנט, זינגט ברוידא צו זײַנע פֿאַרחושכטע ברידער:

„האַלט זיך, משה,
עס קומט די צײַט, עס שלאָגט שוין באַלד
די שעה די גרויסע,
משה, האַלט אויס,
גלימט זיך נישט אויס,
און געדענק — מען וועט אַרויס“.

(„משה האַלט זיך“).

אַזוי וואַקסט אָן ביי ברוידאן דער אַנטיפֿאַשיסטישער, ווידערשטאַנד־לערישער באַוווּסטזײַן. און אין פֿרילינג 1943, ווען עס קומען אָן ידיעות וועגן די שטאַרקע נצחון־אַלינגראַדישע אָפּענסיוועס פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי, זינגט שוין כתריאל ברוידא נישט בלויז וועגן אויסדויער, נאָר ער לערנט זײַנע ציהערער:

„אין צײַט פֿון ווינטן גרויע, שווערע,
ווען שטורעם הערשט אויף גאָר דער וועלט,
העלפֿט נישט וויינען „ס'איז באַשערט“.

ווייל:
„מיר שפּאַנען צום בעסערן מאָרגן,
מיר גייען צו אַנדערע טעג,

און כאָטש ס'איז די פרייד נאָך פאַרבאָרגן,
דאָך צים זיך פאָרויס אונדזער וועג.
עס שמייכלט פון ווייטן
א וועלט א באַנייטע
צעצווייבערט, צעבליט און צעבלומט,
מיר זענען די גלויבער,
און אָט אָ דעם צייבער —
מיר ווייסן אויף זיכער: עס קומט!"

(„צום בעסערן מאָרגן")

און צום סוף רופט זיך איבער דער דיכטער מיט הייריש גליק:

„עס שלאָגט די שעה,
מיר זענען דאָ".

(„עס שלאָגט די שעה").

דער רוף פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט אָפּגעהילכט אין דעם בכלל שווערמוטיקן ליד פון ריקלע גלעזער „גראָ און פינצטער איז אין געטאָ". דער געמיט פון דער דיכטערין איז פול מיט די שרעקן פון געטאָ, אָבער אפילו דער שווארצער געסטאַפּאָ־אויטאָ, וואָס פאָרט אריין אין טויער, קאָן נישט צורויבן ביי איר דעם טרוים:

„אך, ווען איך בין אַן אָדלער, מיט פליגל גאָר שטאַרק,
ווען פליען איך קען נאָך צו פרייהייט, צו גליק,
דאַן וואָלט איך צעריסן די קייט, וואָס פאַרשקלאַפט,
כ'וואָלט דאָס פאָלק אויפגעקליבן, באַוויזן זיין קראַפט".

און אפילו דער יינגסטער פון אָט דער גרופּע, לייב ראָזענטאַל, וועלכער זינגט סענטימענטאַל און רודערט נישט אויף צום ווידערשטאַנד, אפילו ער פאַלט אין יאָר 1943 אריין אין גאָר אַן אַנדער שטימונג און אין דעם פּאָפּולער ליד „צו איינס, צוויי, דריי", — געשריבן אויף א מעלאָדיע און אונטערן איינפלוס פון א באַקאַנט ליד פון דייטשישע אַנטיפאַשיסטן, קאַצעטלער, — נאָכן אויסזינגען דעם שרעקפולן יסורים־וועג פון ווילנער געטאָ, פאַרוואַנדלט ער זיין עלעגיע אין א פאַטעטישן רוף:

„נאָר, ברודער, אַן אַנדערער ריטם
וועט באַלד צו דיין אויער דערגיין,
און די, וואָס פאַר שרעק
געווען ערשט פאַרשטעקט,
שפּאַנען מיט אונדז
נישט אליין.

צו איינס, צוויי, דריי,
צו איינס, צוויי, דריי,
די געסלעך, דעם טויער פאַרלאָזט,
ס'האָט דער טראָט אַזאַ קלאַנג,
נאָר אַן אַנדער געזאַנג,
ווען דו גייסט, און דו ווייסט שוין פאַרוואָס".[11]

די האָזיקע און אויך אַנדערע לידער פון זעלביקן זשאַנר, וועלכע קלינגען ליכט, האָבן אָבער אָפּגעשפּיגלט די שטימונגען פון די געטאָ־אסירים און, וואָס איז דער עיקר, זיי האָבן באַווירקט די יידן. אַדאַנק דעם, וואָס זיי זענען אין זייט גרעסטן טייל געזונגען געוואָרן, האָבן זיי לייכטער אויסגעדויערט און דערפירט געוואָרן — קאָן זיין, נישט אין זייער אָריגינעלער פאָרם — ביז אונדזערע טעג.

אָן אַן ערך העכער פון ברוידאס, גלעזערס, ראָזענטאַלס געזאַנגען — סיי פון קינסטלערישן, סיי פון אידעישן שטאַנדפּונקט — שטייען די פּאַרטיזאַנישע לידער פון הירש גליק, וועלכע שאַפן אַן אייגנאַרטיקע פּאָזיציע אין דער יידישער ליטעראַטור.

מיר וועלן זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף דעם שעפערישן וועג פון דעם ווילנער יונגן דיכטער, וועלכער האָט דעביוטירט פאַר דער מלחמה און געדרוקט אין די יאָרן 1940—1941 רייפע לידער אין דער יידיש־סאָוועטישער פּרעסע.[12] אין גליקס פּאַרטיזאַנישע לידער („די נאַכט איז אויסגעשטערנט", „דאָס זאַנגל") איז הויך פּאַרטיזאַנישן קאָלאָריט פאַראַן אַ סך געמיט, אַפילו שטיפערישקייט. גליק איז נישט שטייף, נישט גרויזאַם־ערנסט. ער דערבליקט אין דער פּאַרטיזאַנישער סביבה אויך האַרציקע מענטשלעכע געפילן. ער האָט געפיל פאַר נאַטור. איר געפינט ביי אָט דעם דיכטער־קעמפער אויך די נאַכט מיט אירע שטערן. אָבער איבער אַלעמען דאָמינירט דאָס געפיל פון פליכט, דער נאַציאָנאַלער קאַמפס־באַוואוסטזיין און די שפּירונג פון דער גרויסער קראַפט, וועלכע נעמט אַרום אַ ריזיק לאַנד און מאָביליזירט אַלע כוחות צום זיג. אָט דער האָזיקער באַוווסטזיין, אַרויסגעבראַכט מיט אַ שטאַרקן פּאַטאָס און אין

[11] אין די זאַמלונגען פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט געפינען זיך די פאָלגנדיקע אָפּשריפטן פון לייב ראָזענטאַלס פּאָפּולערע געטאָ־לידער: „ס'האָט אונדז דאָס לעבן געריפן" („צו איינס, צוויי, דריי"), „רעצקענע קאַטלעטן", "ווען מענטש ביסט יונג", „מיין אָרעם היים", „ווי שלעכט ס'איז אַן איינזאַמע", „די זעלבע גאסן און טראָטוואַרן", „איך וויל אהיים", „אין ווילנער געטאָ", „טאַנגאָ פון ווילנער געטאָ" א.א.

[12] זע: נחמן מייזיל: „הירש גליק, זיין לעבן און שאַפן", ניו־יאָרק, 1953, „איקוף"־פאַרלאַג, און: מיין רעצענזיע אין „בלעטער פאַר געשיכטע", ב' 6, ה' 3.

האַרציקע ווערטער, שלאָגט פון דעם פּאַרטיזאַנישן הימן" זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג". שוין אין דעם טיטל פון אָט דעם וווּנדערלעכן אין זיין פשטות און דירעקטן לויט זיין אויסדרוק ליד ליגט דער קוואַליקער אָפּטימיזם, וואָס טאָמער מען פאַרלירט אים, ווערט מען פאַרמשפּט אויף גייסטיקן און פיזישן אונטערגאַנג. ניט קיין וווּנדער דעריבער, וואָס דאָס דאָזיקע ליד איז תיכף אַריין טיף אין דער פאָלקס־נשמה און געוואָרן אַ פּאָעטישער פייערזייל פאַר די ווילנער און אַנדערע פּאַרטיזאַנער. די ווירקונג פון דעם דאָזיקן ליד, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אונטערן איינפלוס פון אַ פּאַטריאָטיש ליד פון סאָוועטישן דיכטער אַלעקסאַנדער סורקאָוו און אויף דער מעלאָדיע פון אָט דעם ליד, איז דויערהאַפטיק און פּאָפּולער ביזן היינטיקן טאָג.

אין גליקס ליד מערט ניט אַרויס דער שווידער פון געטאָ דירעקט. אָבער די טראַגיק פון דער צייט, די צעגאַנג וועגן פאַלנדיקע ווענט, ווערט אַקצענטירט דורך דעם קורצן, אָבער פילזאָגנדיקן אויסדרוק. אין סאַמע אויבנאָן הייבט זיך אַרויס דער מאָטיוו פון ווידערשטאַנד, פון אַקטיוון קאַמף, און דער באַוווּסטזיין, אַז דער קאַמף פון די יידישע פּאַרטיזאַנער איז ניט קיין איזאָלירטער, נאָר שאַפט אַן אָרגאַנישן טייל פון דער ריזיקער פרייהייטס־באַוועגונג קעגן די פאַשיסטישע פעלקער־מערדער.

מיט גליקס פּאַרטיזאַנישן הימן איז געשען דאָס זעלביקע, וואָס מיט אַ סך אַנדערע לידער פון די געטאָס און לאַגערן: ער איז ניט דערגאַנגען צו אונדז אין אַ וועלכן ניט איז אָריגינעלן טעקסט. ער האָט געוואַנדערט פון מויל צו מויל און פון האַרץ צו האַרץ און איז דורך דער שארית־הפליטה פון פאַרטיליקטן פאָלק געקומען צו אונדז. פון דאַנען שטאַמען די פאַרשידענע, אַגב, ניט וועזנטלעכע, וואַריאַנטן. אָבער אין אַלע נוסחאות (זיי זענען נוגע ס'רוב איינצלנע ווערטער) אַנטפּלעקט זיך דאָס שטאַרקע, דאָס לעבן־רופנדיקע פון גליקס געזאַנג.

אָט אַזוי האָט רעאַגירט די דיכטונג פון ווילנער געטאָ אויף קאַלמאַנאָוויטשעס מיסטיק. מיר האָבן נאָר געבראַכט עטלעכע ביישפּילן פון אומגעקומענע שרייבער. אין די זאַמלונגען פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט זענען פאַראַן אָפּשריפטן פון מער לידער פון ווילנער געטאָ. מיטן ברענגען די פאַר ביישפּילן זענען מיר אויסן געווען צו אַקצענטירן די צוואה פון די טראַגיש־פאַרשניטענע אָדער אין קאַמף געפאַלענע דיכטער.[13]

[13] אין ווילנע און אַנדערע ליטווישע געטאָס האָבן זיך געפונען נאָך דיכטער, וואָס עטלעכע פון זיי האָבן איבערגעלעבט, ווי אברהם סוצקעווער, לאה רודניצקי, אבא קאָווּנער און אַנדערע. זייערע שאַפונגען גייען אָבער אַרויס, ווי געזאָגט, פון די ראַמען פון דער דאָזיקער אַרבעט.

בדרך כלל איז דאָס ליטעראַרישע שאַפֿן אין ווילנער געטאָ אַרויס זיגעריש פֿונעם פֿאַרמעסט מיט קאַלמאַנאָוויטשעס געטאָ-אַפּאָלאָגעטיק. נאַטירלעך, ווייסן מיר נישט וועגן די אינערלעכע איבערלעבונגען פֿון אַ ריי דיכטער, וואָס זענען געווען אין ווילנער געטאָ און אומגעקומען פֿריער. מיר ווייסן נישט, צי און וואָס עס האָט געשאַפֿן דער רעוואָלוציאָנערער דיכטער ש. זשירמאַן. וועגן דעם פּאָעט חיים סעמיאַטיצקי, וואָס איז אויך געווען אין ווילנע, הערן מיר, אַז ער זאָל האָבן אָנגעשריבן אַ ליד וועגן דעם פֿאַרפֿירערישן גלאַנץ און געפֿערלעכן קלאַנג פֿון דעם דאָלאַר, אין וועלכן אַ סך באַלעבאַטישע עלעמענטן האָבן געגלייבט, אַז זיין כוח וועט זיי ראַטעווען. מיר הערן וועגן די לעצטע תפֿילה-טעג פֿון דעם געלערנטן און שרייבער נח פּרילוצקי. אָבער קיין שום ממשותדיקע שפּורן פֿון זייער עווענטועלן שאַפֿן אין דער לעצטער צייט פֿון זייער לעבן זענען נישט פֿאַראַן.

פּונקט אַזוי ווייסן מיר בכלל גאָרנישט וועגן דעם לעצטן וועג פֿון אַזעלכע שרייבער (נישט פֿון ווילנע) ווי דוד מיצמאַכער, משה זילבורג, שמואל זאַראַמב, ש. וואָלמאַן, דער העברעישער דיכטער און איבערזעצער פֿון מאַיאַקאָווסקין ב. פּאָמעראַנץ, דער זשורנאַליסט און רעצענזענט פּאַלטענבערג, דער זשורנאַליסט לערמאַן און אַ ריי אַנדערע. דער פּלוצימדיקער חיהשער אָנפֿאַל פֿון די היטלעריסטישע חיילות האָט צעמישט זייערע וועגן. אפֿשר האָט עמעצער פֿון זיי אין דער צייט פֿון אומרואיקן וואַנדער, אָדער ווען ער איז געפֿירט געוואָרן צום טויט, געפֿליסטערט זיין לעצט ליד, זיין צוואה?

זייער געביין איז געבליבן אין דעם ריזיקן אומבאַקאַנטן קבר פֿון דעם צום טויט פֿאַרפֿייניקטן ייד, אויף די בלוטיקע שליאַכן פֿון דעם געפּאַנצערטן משחית, וואָס רופֿט זיך אָן — היטלעריזם.

# XII

# א שטיקל סך הכל

לאָמיר אצינד פּרוּוון מאַכן אַ סך הכל פֿון דעם, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג.

עס איז קלאָר, אַז עס קען נישט זײַן קיין רייד וועגן דעם, אַז די דאָזיקע אַרבעט זאָל פּרעטענדירן אויף אויסשעפּלעכקייט. אויסשעפּלעך קען זי נישט זײַן שוין דערפֿאַר, ווײַל אַ גרעסערער טייל פֿון די שאַפֿונגען פֿון די אומגעקומענע שרײַבער פֿון די געטאָס איז פֿאַרלוירן געגאַנגען.

עס איז געווען אַ מאָדנע צײַט פֿון אַ פֿאַרניכטנדיקן מבול — און מיר קענען נאָר לויט דעם, וואָס איז געבליבן, משפּטן וועגן גאַנצן, פֿאַרשטייט זיך, מיט ערנסטע באַוואָרענישן.

אָבער אויב מען קאָן אָפֿט אין דער וויסנשאַפֿט און אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אורטיילן וועגן אַ דערשיינונג לויט דער קריטעריע פֿון pars pro toto (אַ טייל פֿאַר אַ גאַנצקייט, לויט אַ טייל משפּטן וועגן אַ גאַנצקייט), קען מען, דאַכט זיך, די זעלביקע מאָס אָנווענדן אויך לגבי דעם שאַפֿן פֿון די פֿאַרשניטענע שרײַבער פֿון די געטאָס.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן איצט בלויז אויף דער קינסטלערישער ליטעראַטור. די מאָגביכער, וועלכע האָבן דערמאָלט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל און דאָס פֿאָלקס־שאַפֿן, וואָס האָט געשפּילט נאָך אַ גרעסערע ראָל, וועלן מיר אַרומרעדן באַזונדער, אין די הקדמות צו די אַנטשפּרעכיקע בענדער.

אין די געטאָ־באַדינגונגען האָט זיך דער פֿאָלקישער, פּראָגרעסיווער זײַט פֿון דער באַריקאַדע געזאַמלט אַלדאָס בעסטע, ערלעכסטע, ווערטפֿולסטע און אמת קינסטלערישע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. די פּראָיודענראַטישע זײַט פֿון דער באַריקאַדע האָט צוגעצויגן אַ מינימאַלע צאָל שרײַבער, מענטשן אָדער דעצידירט ריאַקציאָנערע, פֿאָלקספֿײַנטלעכע, אָדער כאַראַקטערלאָזע, פֿאַרקויפֿטע, און בעיקר — טאַלאַנטלאָזע.

די יידישע ליטעראַטור איז פֿון דער נעץ פֿון דער יודענראַטיש־קולטורים־טישער דיווערסיע אַרויס זיגעריש, ווירדיק און ריין.

דאָס ליטעראַרישע שאַפֿן אין די געטאָס טראָגט אין אַלגעמיין אַלע סימנים פֿון פֿאָלקס־טריישאַפֿט, פּאַטריאָטיזם און פֿאַרמאָגט אַ נאַציאָנאַל־באַפֿרייערישן כאַראַקטער. דערמיט דערקלערט זיך די דערשיינונג, וואָס אויף דער פּראָגרע־סיווער זייט פֿון דער באַריקאַדע האָט זיך קאָנצענטרירט — מיט זייער קליינע אויסנאַמען — די גאַנצע משפּחה אמתע יידישע שרייבער. דערמיט לאָזט זיך אויך אויסטייטשן דער פֿאַקט פֿון ליטעראַרישן נאָכוווקס אין דער דאָזיקער צייט פֿון פֿיזישן אומקום.

די יידישע ליטעראַטור איז אין דער שווערסטער תקופֿה פֿון אונדזער געשיכטע, אין דער גורל־צייט פֿון דער מענטשהייט נישט געבליבן אָפּהענטיק, שטום און אַפּאַטיש.

שוין דער גרייסער דראַנג צו שרייבן, צו פֿאַרפֿיקסירן קינסטלעריש די אַרומיקע גרויל־ און דערהייבונג־דערשיינונגען, זאָגט עדות אויף דער וויטאַ־ליטעט פֿון דער ליטעראַטור, אויף איר שטעקן טיף אין פֿאָלק, אויף דעם פֿאַר־שטיין דורך אירע שעפֿער די שליחות פֿון קינסטלערישן וואָרט.

די ליטעראַטור האָט געבראַכט צום אויסדרוק די גאַנצע גאַמע געפֿילן און שטימונגען פֿון פֿאָלק. זי האָט זיך אָבער זעלטן ווען אַראָפּגעלאָזט צום נישט־קלאָרן באַוווסטזיין פֿונעם געזעלשאַפֿטלעך בלינדן אָדער עגאָיסטישן מענטש. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין איר שפּיגלט זיך אָפּ דער געראַנגל צווישן וויי און מוט, נישט געקוקט דערויף, וואָס אָפּטמאָל וועגט איבער ביי טייל שרייבער יאוש און רעזיגנאַציע, איז אָבער בכלל די ליטעראַטור פֿון געטאָ דורכגעדרונגען מיט האָפֿענונג, מיט גלייבן אין באַפֿרייונג, אין זיג פֿון מענטש־לעכקייט, אין המשך, ווידערגעבורט און ווידעראויפֿבוי. די ווייטזעעוודיקסטע אין דער ליטעראַטור האָבן דערבליקט די קאָנטורן פֿון אַ קינפֿטיקער בעסערער וועלט, פֿון סאָציאַליזם.

נישטאָ אין דער דאָזיקער ליטעראַטור קיין אָרט פֿאַר שלום־מאַכן מיט פֿעלקער־מערדערישן פֿאַשיזם אין קיין שום געשטאַלט. נישטאָ אויך קיין מחילה־געדאַנק פֿאַר די יודענראַטן, פּאָליציי־לייט און אַנדערע פֿאַררעטער פֿון פֿאָלק. האַס און פֿאַראַכטונג — אָט זענען די געפֿילן פֿון דעם גרעסטן טייל שריי־בער פֿון די געטאָס לגבי די דאָזיקע טרעגער פֿון נאַציאָנאַלן פֿאַראַט.

די ליטעראַטור פֿון געטאָ האָט גענומען אין שוץ דעם דערנידעריקטן ייד קעגן זיין פּייניקער, דעם היטלעריסט, און די אָרעמע מאַסע קעגן אירע אויסנו־צער, באַרויבער און באַשווינדלער — די יודענראַטן, שאָפּ־דירעקטאָרן, יחסנים, אָדער ווי מען האָט זיי גערופֿן אין קאָוונער געטאָ, די „יעלות“.

די ליטעראַטור פון געטאָ האָט געטראָגן דעם ייִד טרייסט, אַרויסגעריסן ביי אים זעלבסטווירדע, דערמאָנט די פּראָגרעסיווע טראַדיציעס פון פאָלק. אָבער אייגנציימיק געזאָגט דעם אמת און געוואָרנט אזוי ארום קעגן קליינמוטיקייט, עגאָיזם, דעגענעראַציע.

אין אַלגעמיין איז די ליטעראַטור פון די געטאָס געווען פאַרבונדן, אָדער באַאיינפלוסט, דירעקט און אומדירעקט, דורך דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, דורך דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, די יידישע פּאַרטיזאַנישע מחנות, די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס. אזוי אַרום איז די ליטעראַטור פון די געטאָס, אין אַלגעמיין גענומען, געווען אַ טייל פון דער גרויסער ווידערשטאַנד־ליטעראַטור פון די פרייהייט־ליבנדיקע פעלקער אין אייראָפּע.

דאָס אַלץ הייסט אָבער נישט, אַז זי איז געווען פּונקט דאָס זעלביקע ווי אַלע ווידערשטאַנד־ליטעראַטורן. זי איז, ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן ביים אָנהייב פון דער אָפּהאַנדלונג, געווען — צוליב אָביעקטיווע גרויזאַמע באַדינגונגען — אַן אויסנאַם־דערשיינונג אין דער וועלט־ליטעראַטור, אַ שאַפונג, וואָס איז אויפגעקומען אין שאָטן פון טויט. אין דאָך איז זי אַ ליטעראַטור פון לעבן און המשך און נישט פון בלויזן קדיש און פון פאַרגיין.

געשאַפן אין פאַרשידענע געטאָס מיט זייערע ספּעציפישע שטריכן און דורך פאַרשידענע מחברים פון באַזונדערע ליטעראַרישע שולן און שיטות און מיט קינסטלעריש־אינדיווידואליזירטע פּנימער — שטעלט זיך נישט פאַר די ליטעראַרישע ירושה פון די אומגעקומענע שרייבער — פון שמאָציאַגעלן און פאַרמעלן שטאַנדפּונקט — ווי איין איינהייטלעכע דערשיינונג. אַנדערש האָט ארויסגעבראכט זיינע אָבסערוואציעס און געפילן דער רעאַליסט, אנדערש דער באַלאָדענער מיט אַ נאַטוראַליסטישער טראַדיציע, אַנדערש דער ראָמאַנטיקער. אָבער ביי אַלעמען פילט זיך דער ווילן צו געבן אַ בילד פון דער ווירקלעכקייט און אַרויסצוברענגען די אייגענע באַציונג צו איר — אמתדיק, קאָנקרעט, אָן באַפּוצונגען.

רינגעלבלום שרייבט אין זיין ארבעט וועגן „עונג שבת“ אָט וואָס:

„מיר האָבן נישט געוואָלט, אַז די ארבעט זאָל שאַבלאָניזירט ווערן. מיר האָבן געשטרעבט, אַז דער לויף פון די געשעענישן אין יעדן שטעטל, די איבערלעבונגען פון יעדן ייד... זאָל איבערגעגעבן ווערן וואָס פּשוטער, וואָס געטרייער. יעדעס איבעריקע וואָרט, יעדע ליטעראַרישע באַפּוצונג האָט געגרילצט אין די אויערן און ארויסגערופן פאַרדרוס“.

דער דאָזיקער פּרינציפּ איז הל געווען בכלל גענומען אויך אין דער ליטעראַטור.

פֿאַרשטייט זיך — די קינסטלערישע ליטעראַטור פֿאַרמאָגט אירע געזעצן, וואָס אויב מען וואַרפֿט זיי אָפּ, ווערט זי אויס קונסט, ווערט זי אויס ליטעראַטור. אָבער ווען מיר פֿאַרטיפֿן זיך אין ס׳רוב שאַפֿונגען פֿון די געטאָס, זעען מיר, ווי די מחברים האָבן אָפּגעוואָרפֿן אַלע אָנגעפּוישטע, פֿאָרמאַליסטישע צוגאָב־מיטלען, זיך באַמיט צו זיין וואָס טרייער צום געשילדערטן אָביעקט. אַוודאי זענען אויך אין דער הינזיכט פֿאַראַן אויסנאַמען. אָבער נישט בלויז דער ווילן פֿון די שרייבער, נאָר אויך די אָביעקטיווע באַדינגונגען פֿון געטאָ האָבן אויפֿגעצוווּנגען אַ ריינע, ווייניק צוגעפּוצטע באַשרייבונג, אַ לויטער געפֿיל, אַרויסגעבראַכט מיט פּשוטע אויסדרוק־מיטלען.

וואָס קלאָרער דער שרייבער האָט געזען, וואָס קלאָרער עס איז געווען זיין באַוווּסטזיין, אַלץ קינסטלעריש פּשוטדיקער איז אַרויסגעקומען דאָס ווערק, אַלץ נאָענטער צום אמת איז די שאַפֿונג.

בכלל האָט אין דער ערשטער ריי געווירקט נישט דער קינסטלערישער ווילן, נאָר דער מאָראַלישער אימפּעראַטיוו. אַ סך פֿון די באַהאַנדלטע שרייבער זענען נאָך קיינמאָל נישט געשטאַנען אַזוי נאָענט צו דער ווירקלעכקייט און צום פֿאָלק, ווי אין דער תקופֿה פֿון געטאָ.

די אומרויִקע שטימונג פֿון אַרום, די פּערמאַנענטע נישטזיכערקייט, די מאַטעריעלע נויט האָבן אויסגעאיבט זייער ווירקונג אויף די שאַפֿונגען פֿון די שרייבער. יעדער איינער האָט געשריבן מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט, וואָרעם דער גזר האָט געקאָנט פֿאַלן יעדע רגע. מען האָט געשריבן נערוועז, מען האָט זיך נישט געקענט דערלויבן אויף אויסציזעלירן, אויסגלעטיקן דעם כּתבֿ־יד. די צייט האָט נישט דערלויבט, אַז די טעמעס זאָלן זיך אויסשטיין. די שאַפֿונגען פֿון געטאָ זענען — מיט קליינע אויסנאַמען — איפּבאַפּינגען פֿון מאָמענטאַלע און טיף טראַגישע דערשיינונגען, רעאַגירונגען אויף דער הייסער מינוט, אָבער די מינוט האָט געקענט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אייביקייט. היות עס זענען נישט געווען קיין עלעמענטאַרע שאַפֿונגס־באַדינגונגען פֿאַר די מחברים, זענען די ווערק ס׳רוב אַרויסגעקומען נישט אינגאַנצן אויסגעפּאַרטיקט. די אַרומיקע טראַגיש־צאַפּלדיקע שטימונג שפּיגלט זיך אָפּ אין זייער פֿאָרם. ס׳רוב האָבן די שרייבער טראַקטירט זייערע קאָכעדיקע שאַפֿונגען ווי ברוליאָן־אַרבעטן, וועלכע מען וועט אַמאָל, אין אַ מזלדיקער שעה באַאַרבעטן און אויסרעדאַגירן. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז דווקא אין אָט דעם נאָך נישט אינגאַנצן איבערגעקאָכטן און אויסגעפֿורעמטן געשטאַלט וועלן די ווערק זיין אין דער צוקונפֿט דער סאַמע דירעקטער און פֿרישער דאָקומענט פֿון דער גרויליקער צייט.

און דעריבער: לאָמיר נישט זוכן אין די דאָזיקע ווערק קיין עסטעטישן גענוס, לאָמיר נישט דערוואַרטן פֿון זיי קיין קינסטלערישע שלימות, לאָמיר

זיי נישט אָפּשאַצן לויט דעם, וואָס עס פעלט נאָך אין זיי פון פערפעקטן קינסטלערישן שטאַנדפּונקט. לאָמיר זיי לייענען נאָר מיטן פולן איבערגעגעמט זיך מיט יענער צייט, ווען זיי זענען אויפגעקומען.

נאָר דעמלט וועלן מיר זיי פאַרשטיין און זיין בכוח אָפּצושאַצן.

און נאָר דעמלט וועלן מיר זיין אימשטאַנד צו פאַרשטיין און אָפּצושאַצן אויך די גבורה פון די שרייבער־קדושים, וועלכע האָבן זיך נישט פאַרקויפט פאַר „דריי מאַרק“ און זיך נישט אַראָפּגעלאָזט צום בלויזן געיעג נאָך רויער, אַך־און־וויי־עדיקער, מאַטעריעלער עקזיסטענץ. „ווער האָט היינט אַ קאָפּ צו דעם“, — אָט דער קליינבירגערלעכער כלל האָט נישט געגאָלטן פאַר די שעפער פון דער פאָלקס־טרייער ליטעראַטור אין געטאָ.

די ספּעציפישע באַדינגונגען האָבן אויך משפיע געווען אויף די זשאַנער פון דער דאָזיקער שאַפונג. די סאַמע פּאָפּולערסטע פאָרם איז געווען דאָס ליד. די נאָוועלע, די קורצע דערציילונג. דער ראָמאַן און די דראַמע, וועלכע פאָדערן מער צייט און אַ ברייטערע פּלאַנירונג און אויספירונג, טרעפן זעלטן אַרויס (אַ ראָמאַן בלויז ביי סקאַלאָוון און אַפּנים אויך ביי גרינען, פערלען און בורשטינען, אַ דראַמע ביי קאַצענעלסאָנען און אפשר ביי נאָך עמעצן, וועגן וואָס מיר ווייסן נישט גענוי, למשל ביי גילבערטן אאַ.). אין דער פּראָזע דאָמינירט דאָס רעפּאָרטאַזש־אַרטיקע, אין דער פּאָעזיע — ליריק, אָפטמאָל אַן עלעגישע, אָפטמאָל אַ פּאַטעטישע, זעלטן ווען עס קומט אויף אַן עפּיש ווערק אין דער דיכטונג. ביי דער פּראָזע, סיי אין דער פּאָעזיע איז שטאַרק רעפּרעזענטירט די סאַטירע.

אמתע ליטעראַטור קען געבוירן ווערן נאָר פון גרויסער ליבע — פון ליבשאַפט צום פאָלק, צו די ניט־דעריקסטע און פאַרפייניקטע, פון שטרעבונג צו זיין גליק. שטאַרקע, באַרעכטיקטע סאָציאַלע שנאה באַפרוכפּערט אויך אַ ליטעראַטור און קען אַרויסרופן גרויסע ווערק. אָבער נישט שנאה לשם שנאה, ווי ביי די בורזשואַזע נאַטוראַליסטן און דעקאַדענטן, נאָר שנאה לשם ליבשאַפט צום מענטש, צום פאָלק, שנאה צו די, וואָס פאַרשקלאַפן, פייניקן, מאָרדן אויס אַ פאָלק, אַ שיכט, דערשטיקן אַ פרייהייט־באַוועגונג.

אַזאַ איז טאַקע די ליטעראַטור פון די געטאָס. אַזאַ איז די שאַפונג פון דעם רוב אומגעקומענע און אין שלאַכט געפאַלענע יידישע שרייבער פון דער אָקופּאַציע־צייט.

עס איז אונדזער חוב זי צו דערקענען און ווי שווער עס זאָל נישט זיין — אויפצומישן ווידעראַמאָל די בלעטער פון גרויל און פאַרטיליקונג, איבערצולעבן עמאָציאָנעל באַנייס די בילדער פון אומקום און טראַגישן געראַנגל.

דאָס אַרויסברענגען אויף דער ליכטיקער שיין די ליטעראַרישע ירושה פון פּאַרטיליקטע שרייבער האָט דריי צילן:

ראשית — אויספירן אַ חוב לגבי די שרייבער פון פאָלק, וואָס האָבן אים געדינט מיט זייער פען אין דער סאַמע טראַגישסטער תקופה פון אונדזער געשיכטע.

צווייטנס — אויספילן אַן ערנסטן בלויז אין אונדזער ליטעראַטור, אַרויסברענגען אַ גאַנצן קאַפּיטל אין איר געשיכטע, אַ קאַפּיטל, וואָס איז דורך די היטלעריסטישע פעלקער־מערדער פאַרמשפּט געוואָרן אויף אומקום און פאַרגעסונג.

דריטנס — דערמאָנען די ווערק פון די שרייבער פון די געטאָס, כדי צו שטאַרקן אונדזער גייסט אין קאַמף קעגן נעאָנאַציזם, אימפּעריאַליזם און אַגרעסיווע מלחמות, קעגן נייע וועלט־שחיטות, פאַר אַ שלום אויף גאָר דער וועלט.

צווישן די כתבים פון אַ געטאָ־קעמפער, וואָס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן אין וואַרשע, געפינט זיך אַזאַ קורצע צוואה:

„פרידן צום פאָרשער, וואָס וועט (די כתבים) אַרויסלאָזן ווידער אויף דער ליכטיקער שיין".

אויספירן די דאָזיקע צוואה איז אונדזער הייליקסטער חוב.

וואַרשע, סעפּטעמבער 1949 — יולי 1953.

# אינהאַלט:

זייט



